לוי שאַליט

# אַזוי זיינען מיר געשטאָרבן

תש״ט, — מינכען, אין דריטן שארית־החורבן־יאָר — 1949.

הילע: פּנחס שוואַרץ



אַרויסגעגעבן פון פאַרבאַנד פון ליטווישע יידן אין דייטשלאַנד.

דאָס בוך דערשיינט מיט דער הילף פון
דזשוינט־דירעקטאָר ס ע מ ו ע ל  ה י ב ע ר



אַ גרויסער טייל פון בוך האָט זיך געדרוקט
אין „יידישע צייטונג".

אַ מצבה

מיין פֿאָטער דעם קדוש

א ל ח נ ן  ב ן  ש ע פ ט ל

וואָס איז פֿאַרפּייניקט געוואָרן

פֿון  ד י  טיראַנען־דייטשן

אין לאַגער 2, דאַכאַו־קויפערינג, כ"ח חשון תש"ו. —

וועמענס לעבן און לעצטן טויט־אָטעם

א י ך  ט ר אָ ג  א י ן  ז י ך

# אינהאַלט

## ערשטער טייל: אַ, גלייביק פאָלק ישראל.

## דריטער טייל: דאס „מסדה"=בוך



## פערטער טייל: די קהלה שטארבט

# מעג מעז עס?
# דאַרף מעז עס?

אין געטאָ האָט מען געשריבן, פאַרצייכנט, — אַז אויב מען וועט יאָ אָדער ניט בלייבן לעבן — די וועלט זאָל אָבער וויסן...

* * *

מיין געטאָ־טאָג־בוך האָב איך, פאַרן אַוועקגיין פון געטאָ, באַהאַלטן אין דער ערד.

אַ גרויסן טייל פאַרצייכנונגען האָב איך אויך געמאַכט אויף אַן אַרבעטס־אָרט אין שטאָט, (אין יאָר 1942), און דערביי דאָרט עס צווישן ביכער אויף אַ בוידעם באַהאַלטן.

(דער מאַטעריאַל, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן אין געטאָ, געפינט זיך איצט אין מאָסקווע).

* * *

אין די דאַכאו־לאַגערן האָב איך די ערשטע צייט געשריבן, פאַרצייכנט. שפּעטער — שוואַך צו דערטראָגן דעם אויסגעצערטן גוף, איז מער שוין קיין כוח ניט געווען אויף דעם.

* * *

מאי 1945, גלייך נאָך דער באַפרייאונג, האָט מען מיטן לעצט געראַטעוועטן אָטעם זיך גענומען צו אַרויסשרייען אונדזער אומקום — דערציילן דער וועלט...

וואָס מער צייט עס גייט אָבער אַוועק, אַלץ קלערער ווערט, ווי גרויס עס איז געווען אונדזער טעות — זייענדיק אין די געטאָס און קאַצעטן — אין חשבון „אויף דער וועלט"...

איז אונטערן דרוק פון דער וועלט־אַטראָפיע צו די קרבנות און די שטייגנדיקע פאַרגעבונג צו די מערדערס — אין וועמענס לאַנד דאָס בוך איז געשריבן — ווערט אַלץ מער פאַרשטיקט דער קול פון באַשולדיקונג.

* *
*

רופסט אַרויס אין זכרון אַן אַקציע, אַ סעלעקציע, אַ קרבן — און שוין ציטערט די פעדער אין דיין האַנט, בילדער שוועבן אַן — פאַרגאַזטע, פאַרברענטע, פאַרפייניקטע גופים נעמען זיך אַריינשלייכן צו דיר... טראַכסטו: אפשר ניט שרייבן? — צי פאַרשוועכט ניט וואָרט אַזויפיל קידוש־השם? און אויך דיין אייגן טויט־פיין — צי וואָס פאַרטרויען?

אָט אַזוי ביזן לעצטן בלאַט, ביזן לעצטן אות — אַ קאַמף מיט זיך, צווישן יאָ און ניט דערציילן. ניט ווייסנדיק אויב: מעג מען עס? דאַרף מען עס?

* *
*

און אַז איך לייען דורך אַלץ וואָס כ׳האָב אין בוך פאַרשריבן, זאָג איך זיך: — האָסט נאָך ניט דערציילט.

איז דען אָבער מעגלעך גאָר אין וואָרט צו איבערגעבן אַפילו דעם לייכטסטן טויט?

ל. ש.

## אריינפיר באמערקונגען

א. דאָס בוך דערציילט וועגן איין געטאָ, אין ליטע, שאַוול. כדערלויב זיך אָבער פעסטצושטעלן, אויפן גרונט פון ידיעות, אַז אַ גאָר גלייך־ענלעכן לעבן און טויט האָבן דורכגעמאַכט די יידן אויך אין אַנדערע געטאָס פון ליטע, פוילן און ווייסרוסלאַנד. דערפאַר האָב איך ניט אָפט און ניט זייער אקצענטירט דעם נאָמען פון דער געטאָ. עס איז מיין עיקר ווילן געווען: געבן אַ פולן בילד פון לעבן אין אַ געטאָ און פון יידישן אומקום.

ב. יעדער טייל אין בוך הייבט זיך אָן מיט אַ געשיכטלעכער באַשרייבונג, פון דער עצם געשעעניש, און גייט אַריבער אין בעלעטריסטיק, אַרויסשיילנדיק די וויכטיקסטע מאָמענטן. אָבער אויך די טיילן זיינען ניט קיין פרייע דיכטונג, חס ושלום, יעדע דערציילונג באַרוט אויפן אמת פון געטאָ.

ג. געווען זיינען אין שאַוול צוויי געטאָ ראיאָנען, מיט לאָקאַלע פאַרוואַלטונגען. ביידע אָבער אונטער איין עלטסטנראַט. ווו עס ווערט דאָ דערמאָנט געטאָ סתם, ניט אָנגעבנדיק דעם נאָמען פון ראיאָן, מיינט עס, אַז דער נאָמען איז ניט וויכטיק.

ד. דער עלטסטנראַט איז דאַ באַשטאַנען פון מענטשן איבערגע־בענע פאַרן גורל פון כלל. דאָך שליסט עס ניט אויס, אַז די אָדער יענע האַנדלונג זייערע איז דורכן געטאָ־פאָלק באַטראַכט געוואָרן ווי ווייט ניט אחריותדיק. דאָס בוך פרעטענדירט אָבער ניט אויף אַרויס־געבן אַ געשיכטלעכן פסק־דין. פאַר דער געשיכטע באַשטייט די פראַגע, און אין איר גאַנצער טראַגישער טיף: צו האָט מען, אין פרינציפ, געדאַרפט זיך ראַנגלען אין די טויט־אַרעמס דורך מיטאַר־בעט מיט די דייטשן, אָדער האָט מען געדאַרפט גלייך, און אַלע, גיין אויף קידוש־השם.

* * *

פאַר די היסטאָריגראַפישע באַמערקונגען און קריטישע סוגעסטיעס, ביים לייענען אַ טייל פון מאַטעריאַל — קומט אַ האַרציקן דאַנק מיין ליבן פריינד, דעם היסטאָריקער און שריפט־שטעלער י ש ר א ל  ק אַ פּ לאַ ן, דעם וויסנשאַפטלעכן סעקרעטאַר פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין מינכן.

# ... און אזוי איז עס געווען

איבער דער לאַנגער ווילנער גאַס אין דער ליטווישער שטאָט שאַוול האָבן יונגטלעכע שפּאַצירט, פאַרהילכנדיק אין דעם קילן זומער-אָוונט די געמעלעך אַרום מיט זייערע מונטערע קולות.

דער זייגער איז געווען צען. די גאַסן זיינען פול געווען. פאַרליבטע פּאָרלעך האָבן שוין געהאַט לאַנג פאַרנומען די בענק, הינטער די אַלטע דעמבעס און שטעכיקע קוסטעס אין שטאָט-גאָרטן, וואָס אויף דער דייטשער גאַס.

אונטער דער מאַסקע פון געוויינטלעכער רואיקייט וועט, אַ זיך גוט צוקוקנדיק אויג באַמערקן אַ פאַרשטיקטע נערוועזיטעט ביי די מענטשן, וועלכע קומען און גייען איצט פון נ.ק.וו.ד.-בנין*), וואָס אויף דער זעלבער דייטשער גאַס. די פּאַרק-זיצער מערקן עס אָפּנים ניט. די זומער-לופט פילט אָן די יונגע הערצער מיט גרינער שכרות, וואָס גיסט זיך פון די אַלטע דעמבעס. זיי זיינען פאַרנומען מיט אייגענע געפילן און זעען ניט ווי צו דער צווייטער זייט גאַס לויפן אָן אויטאָס, פון וועלכע עס שטייגן אַרויס מיליטער-לייט מיט צעשפּיליטע שינעלן און לאָזן זיך יאָגן מיט נערוועזע טריט אין די קאָרידאָרן פון נ.ק.וו.ד., קערן זיך באַלד צוריק נאָך מער אויפגערעגט און — פאַרשווינדן אין דער נאַכט אַוועק.

אמת, אַ געוויסער אומרו האָלט שוין אָן אין שטאָט אַ וואָך צייט. פון פאָריקן שבת באַגינען, ווען מען האָט אָנגעהאַנגען אַרויספירן די ניט-געוואונטשענע עלעמענטן אין אַ צווייטער רעפּובליק

— ווי דער אָפיציעלער נוסח זאָגט — דאָס אַלטע רוסישע ישׂרעקווארט איז ווידער באַנייט געוואָרן — סיביר! אָבער היינט אָוונט

---

*) נ.ק.וו.ד. — נאַציאָנאַלער קאָמיסאַריאַט פאַר אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן.

זיינען אומרואיק ניט נאָר די, וועלכע ריכטן זיך אַרויסגעפירט צו ווערן, נאָר אויך — די אַרויספירער.

אַ טיפער סוד הענגט איבער דער שטאָט. די שפּאַצירנדיקע יידן פּילפּלען זיך: ווער עס דרינגט פון מאַלאָטאָווס היינטיקער רעדע, אַז די מלחמה איז נאָך זייער ווייט; ווער עס גלייבט כּלל נישט אין איר. נאָר קיינער זעט איר ניט איצט, גלייך.

אַן אויטאָ־קאַראַוואַן האָט מיט יאַנישקער שאָסיי אָנגעפּאַגגען אַריינראָלן אין שטאָט. מיט אויגן־פאַרשווינדלנדיקער שנעלקייט זיינען אויסגעוואַקסן אָפיצירן אויף אַלע גאַס־ווינקלען. די עלעקטרע האָט זיך אויסגעלאָשן, די נאָך אָקאָרשט העל־לויכטנדיקע שטאָט איז פּלוצלונג פאַרטונקלט געוואָרן אין חושך, אָנגעפילט געוואָרן מיט טעמפּן טאַנקעס־געריוש און קלינגנדיקע רוסישע הללות —

מלחמה!

מענטשן האָבן זיך אַ וואָרף־געטאָן צו די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן: מאָסקווע! בערלין! נערוועזע פינגער האָבן געדרייט די ראַדיאָ־שרייפלעך, נאָר ביידע סטאַנציעס האָבן געגעבן אונטערהאַלטונגס־מוזיק...

עלטערע מענטשן האָבן געקרעכצט אונטער זייערע דעקעס אין דער דאָזיקער נאַכט, אויפגעפרישט אין זכרון בילדער פון יענעם קריג: וואָלגאַ, סטעפּ, רוסישע כּוטאַרן, הונגער, מגפות, וואָגל... הייסט עס, ס'קומט אויס צו מאַכן נאָך אַמאָל אַ נסיעה אַהין, פון וואַנעט מען איז פאַר עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריקגעקומען.

אין דרויסן האָבן די גאַסן זיך געקאָרטשעט אונטערן דרוק פון די שווערע „סטאַלינאָוועצעס־טאַנקעס" וועלכע האָבן געראָלט צו דער דייטשער גרענעץ. און די לבנה האָט רואיק שפּאַצירט אָן אַ פּינטעלע פּנימהדיקייט איבערן טונקל־בלויען הימל.

אין די ערשטע באַגינען שעהן האָט דער הימל זיך אַ צעבייזער געטאָן און אַרויסגעשלעפּט די מענטשן האַלב נאַקעט אויפן גאַס. די

אַעראָפּלאַנען האָבן זיך העכער אויפגעהויבן. די אויפגייענדיקע זון האָט געפאַרבן די ווייסע „פייגל“ אויף גאָלד=פאַרב. אַלעמענס אויגן האָבן פאַרריסן געקוקט צום הימל. די ערשטע פאַלנדיקע באָמבעס האָבן צוגעגעבן קאָליר דעם פרימאָרגן, און די אַרויסגערופענע שׂרפות אין די עקן שטאָט האָבן געענטפערט מיט פלאַמיקן גרוס צו די אויבן=פליענדיקע „בושלען“. שעהן לאַנג זיינען די מענטשן געשטאַנען אין דרויסן, געגאַנגען עסן זייער פרישטיק און צוריק אַרויס אָנקוקן די דאָזיקע בילדער. די שטאָט איז געווען שטיל, כמעט יום=טובדיק. קיין מיליטער האָט זיך ניט באַוויזן. קיין זעניט=שאָסן האָבן ניט געענטפערט ביז —

אַן אַעראָפּלאַן האָט זיך דורכגעשניטן אין מיטן שטאָט, נידעריק איבער די מויערן. דער ברויזנדיקער מאָטאָר האָט אַ ריס געטאָן. די ווייסע פליגלען האָבן אַ בלענד געטאָן ווי שפּיגלען אין זון און זיך אויפגעשווונקט צוריק צום הימל. דאָס האַרץ פון שטאָט האָט זיך פאַקלדיק צעפלאַקערט און איז פאַרהילכט געוואָרן פון ברעג צו ברעג מיט איין ווייטאָלדיקן שרעקפולן יידישן „אוי!“, וואָס האָט זיך אַ ריס געטאָן פון צען טויזנט יידישע הערצער. אַלע האָבן זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לעטאַרגיע=שלאָף. געהילפּס פאַליציי מיט רויטע בענדער אויף די אַרבל זיינען אויסגעוואַקסן אין אַלע הויפן. — „אַריין אין די קעלערן!“ בעלי=בתּים, קעלער=פאַזיצער האָבן גענומען אַריינטראָגן אין די ערד=היילן בעטן, טישן, בעטגעוואַנט און עסנוואַרג. די איינוווינער פון קעלערלאָזע דירות האָבן זיך אויסגעלייגט פאַזע די ווענט. די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען ווי אַ בית=עולם: איין טייל ליגט שוין אין די קעלער=קברים און די אַנדערע וואַרטן אויף קבורה.

פאַרנאַכט איז ווידער שטיל געוואָרן. אַ טייל יידן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו באַקאַנטע קריסטן. די באַקאַנטע האָבן צוגענומען די אַריינגעשטאָפּטע גרויסע געלט=סומעס און אויף פורלעך איבערגעפירט זייערע יידן צו זיך. אין דאָרף איז זיכערער. אויף מאָרגן האָבן די „געראַטעוועטע“ איבערגעלאָזן די זאַכן אין דאָרף און צוריק געקומען אין שטאָט אַריין. דאָס דאָרף ברויזט מיט האַס, ס'איז ערב פאָגראָם. יונגע ליטווינער, געוועזענע פאָליציי און באַאַמטע ביי די

סאָוועטן, זיינען אַוועק אין די וועלדער אויף דיוווערסיע. זיי שניידן איבער די טעלעפאָן=דראָטן, שיסן אין דער רוסישער אַרמיי. די רויטע אַרמיי האָט אַ גוערילאַ=קריג אין רוקן. נאָר יידן טרייסטן זיך — די „אומבאַזיגבאַרע רויטע אַרמיי" און — גאָט וועט העלפן.

*

אויפן וואָקזאַל ליגן טויזנטער יידן רייסן זיך אַוועקצופאָרן מיטן באַן. ווילן אַוועק קיין רוסלאַנד. נאָר קיין וואַגאָנעס זיינען ניטאָ. מען הייסט ניט מאַכן קיין פּאַניק. יונגע מענער לויפן אין קאָמ.=פּאַרטיי, ווילן פרייוויליק אַוועק צו דער רויטער אַרמיי, נאָר מען הייסט וואַרטן, מען וועט מעלדן וועגן דינסט=פליכט און וועגן פרייוויליקע.

אויפן דריטן קריגס=טאָג האָט זיך באַוויזן אַ פּראָקלאַמאַציע פון גענעראַל יעגאראוו צו דער באַפעלקערונג. ער רופט צו רו און אָרדענונג. יעדערער זאָל פאַרזעצן זיין אַרבעט און — „אונדזערע היכלות שטייען ביי די טויערן פון מעמל און לעניגסבערג". וואָס העלפן אָבער דערקלערונגען, אַז די רויט=אַרמייער לויפן שוין דורכן שטאָט אָן געווער, באָרוועסע, אין די הוילע תחתונים. מען קען זיי ניט אָפּשטעלן עפּעס פרעגן, זיי זיינען צעשראָקן און דעפּרימירט. זיי האָבן זיכער געהאַט אַ גרויזאַמע אַטאַקע, וואָס האָט זיי אַריינגעיאָגט אין שגעון. ס'איז קלאָר, אַז די דייטשן שטייען שוין ניט ווייט. די שיכטרייען הערן זיך שוין. דער פראָנט איז נאָנט.

* * *

<u>זעלבסטשוץ אָדער זעלבסטמאָרד:</u>

אברהם שוויגער איז ערשט צוריקגעקומען פון וואָקזאַל. די היינט=באַגינענדיקע ידיעה, אַז מען וועט שטעלן עשאַלאָנען אויף עוואַקוירן די יידישע באַפעלקערונג איז ניט אמת. עס בלייבט נאָר איין עצה זיך לאָזן צופיס. דערווייל הערן זיך קלאַנגען, אַז די רוסן האָבן זיך באַפעסטיקט ביי די אַלטע סאָוועטישע גרענעצן און לאָזן קיינעם ניט אַריבער, אויסער די וועלכע האָבן קאָמוניסטישע פּאַרטיי=בילעטן.

אברהם שוויגער איז אַרויס פון שטוב. אפשר וועט ער דאָך עפּעס הערן אין גאַס, אפשר איז דאָך פאַראַן אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצוקריגן, צו אַנטלויפן פון דייטש.

איבער די גאַסן טראָגן זיך אויטאָס. אויף איינעם פון זיי ליגן צוויי דערהרגעטע סאָלדאַטן, דורכגעשאָסענע אין די רוקנס, מיט די פּנימער אַראָפּ. דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ יונגער יידישער בחור מיט אַ קאָפּ צעשויבערטע האָר און אַ גרויסן נאַגאַן בײַ זײַט איז אַרונטערגעשפּרונגען. ער פרעגט די ריכטונג צום גרעניץ. יידן זיינען צוגעלאָפן צום בחור גרייט אים צו ענטפערן. אָנקוקענדיק, פאַרחידושט און דערשראָקן די ערשטע מלחמה=פּרוכט...

אויפן ווינקל גאַס, בײַ זאַגאַרניקס אַפּטייק, זיינען געשטאַנען יידן אין אַ געזעמל. אברהם האָט זיך צוגעשטעלט. זאַגאַרניק, אַ ייד אַ למדן, אַ בעל תנ"ך און אַ פירער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי אין שטאָט, איז איצט געשטאַנען אין מיטן פון געזעמל אין געזוכט נחמו=פּסוקים פאַר די צעשראָקענע יידן. צווישן די געזעמלער זיינען אַ סך געווען מיט רענעצלעך אין די הענט, אַזעלכע וואָס האָבן זיך געקליבן פאַרלאָזן די שטאָט. פּערעסעצקיכע די שטאָט=משוגענע איז צוגעלאָפן צו די שטייענדיקע יידן, אירע צייגער האָבן זיך געשטשירעט און דאָס גאַנצע פּנים האָט זיך ווילד געפרייט. זי האָט זיך אַריינגעריסן צווישן די שטייענדיקע און אָנגענומען זאַגאַרניקן פאַר די לאַצן: „אוים, אַ סוף צו דיינע יאָרן, די דייטשן וועלן אייך אַלע יידעלעך אויסקוילענען, נאָר מיר גיט, איך בין פון איצט אַ גויע, אוים מיט יידן, כאַ=כאַ=כאַ, נישטאָ מער קיין יידן, אַ בראָך צו דיינע יאָרן, גאָט דאַרף קיין יידן ניט מער." די יידן האָבן זיך אָנגעכאַפּט פונאַנדערגיין. אַ טייל האָט זיך געלאָזט צום שאָסיי, פאַרלאָזן די שטאָט.

דער לערער יוסף רודניק האָט אַ צי געטאָן שווייגערן פאַרן אַרבל. אַברהם שווייגער איז אים נאָכגעגאַנגען. יוספס פּנים וואָס איז שטענדיק בלייך געווען פון דעם נאָגנדיקן טובערקולאָז איז הייַנט נאָך בלייכער. נאָר די קינבאַקן זיינען פאַרלאָפן אין אַ פיבערדיקער ראָזיקייט.

— מיר ווילן האָבן אַ באַראַטונג אין גימנאַזיע.

אַברהם האָט אַ שמייכל געטאָן: — מ'שטיינס געזאָגט, וואָס קענען מיר שוין אויסטראַכטן!

— איך האָב געהערט, מען וויל שאַפן אַ זעלבסטשוץ — האָט יוסף געענטפערט.

אין גימנאַזיע זיינען שוין געווען מרדכי רודניק, אַהרון און יעקב כ״ץ, דוד סראָלאָוויטש און אַנדערע.

פון די פאַרשלאָסענע ביכער־שרענק האָבן אַרויסגעקוקט שיין־געבונדענע רוקנס פון העברעאישע ווערק. דאָס זיינען געווען די סאָוועטיש־פאַרבאָטענע ביכער.

מרדכי רודניק, דער געוועזענער דירעקטאָר פון גימנאַזיע, וואָס איז ערשט מיט אַ חודש צוריק אַרויס פון טורמע, ווו ער איז פאַר זיין ציוניסטישער טעטיקייט געזעסן דעם גאַנצן יאָר, האָט מיט די פינגער אויסגעבראָכן אַ שטיק אַלמער־גלאָז, און אַרויסגענומען עטלעכע פון זיינע אינטימע ספרים. אַ שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיינע דינע ליפּן און דאָס רויט־לענגלעכע פּנים האָט אויס־געדריקט נצחון־פרייד. ער האָט געעפנט ביאַליקס לידער און אָנ־געהויבן עפּעס ציטירן. איינער האָט אים איבערגעשלאָגן: „די צייט פון פּאָעזיע איז פאַרביי. שאָול וועט ווערן באַלד אַ נייַ קישיניעוו.“ רודניק האָט פאַרמאַכט דאָס בוך. אַלע האָבן זיך געזעצט. אַ שטומע טיפע שטילקייט האָט געהערשט אין חדר.

— עס איז דאָ נאָך איין עצה: אַ תיכּפדיקע אינטערווענץ צו דער קאָמ.־פּאַרטיי מען זאָל עוואַקואירן די יידן פון שטאָט.

— מיין פאָרשלאַג איז, האָט אַ צווייטער זיך אָפּגערופן — מיר זאָלן פאַרזאַמלען אַלע יידן אין צוויי גרויסע שטאָט־הייזער, אין בית־המדרש און גימנאַזיע, זיך באַריקאַדירן, כדי ניט דערמאָרדעט ווערן פון די כאַמישע ליטווינער, וועלכע וויערן איצט אויף אונדזער בלוט; מיר זאָלן זיך קעגנשטעלן, זיך זעלבסט שיצן, ביז די דייטשן וועלן אַריין אין שטאָט, ווייל איך האָב אַלץ מער צוטרוי צו אַ מאַכט, מעג זי זיין אַפילו אַ היטלעריסטישע, ווי צו די רוצחים ליטווינער.

— איר זייט ניט גערעכט, האָט זיך אהרון כ״ץ אָנגערופן — ערשטנס וועלן די ליטווינער אונדז ניט לאָזן אַפילו קומען צו די באַריקאַדיר־פונקטן און, ווידער, ווער דאַרף צושטעלן די ליטווינער אָדער די דייטשן אַלע קרבנות מיט איין מאָל? דאָס וואָלט געמיינט זעלבסטמאָרד, ניט זעלבסטשוץ.

די פאַרזאַמלטע האָבן זיך איבערגעקוקט. און אַז קיינער האָט ניט געפונען קיין דערווידערונג צום ערשטן פאָרשלאָג, האָט דער ערשטער אָנגערופן דריי נעמען פאַר אַ דעלעגאַציע. מען האָט אַ ווײַלע דיסקוטירט, צו ווען מען זאָל זיך ווענדן אין קאָמ.־פּאַרטיי, און די דעלעגאַציע איז אַוועק.

אויפן טרעפ פון נ.ק.וו.ד. האָבן זיי געטראָפן דעם סעקרעטאַר גרין. די דעלעגאַציע האָט אים דערציילט זייער פאַרלאַנג.

— גייט אַהיים און רעדט ניט מער וועגן דעם — האָט זיי גרין קורץ געענטפערט — אַלע מוזן בלײַבן אויף די ערטער; מיר פאַרלאָזן ניט די שטאָט...

באַלד האָט מען זיך דערוווּסט אַ ווילדע ידיעה: די פרוי און דער מאַן וויץ, ביידע אַלטע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זײַנען יאָרן־לאַנג געזעסן אין טורמע, און האָבן איצט געהאַט הויכע שטעלעס אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, די ביידע זײַנען היינט דורך אַ מיליטער־געריכט פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט — פאַרן מאַכן פּאַניק אין שטאָט. די אָנקלאַגע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן היינט באַגינען געהייסן די יידן גיין צום באַן און זיי צוגעזאָגט צו פאַרזאָרגן מיט עשאַלאָנען...



דער פאַרנאַכט איז צוגעפאַלן אַ מידער. אויפן הימל האָבן רויטע פּאַסמעס געגליט, אין שטאָט איז געווען שטיל, נאָר דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט איינצלנע שאָסן.

אַברהם שווייגער איז געזעסן אויפן הויף־באַנק לעבן קעלער און געדרייט אַ פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן. פאַרציעענדיק מיט וויטאָק דעם רויך, האָט ער זיך איינגעהערט, וואָס שמואל שוואַרץ, אַ ייד אין די זיבעציקער, שטאַרק קרעכציק געבויגט, האָט אים דערציילט.

שמואל שוואַרץ איז געווען אַ פורמאַן און אַ שטעטל לעבן דער דײַטשער גרענעץ. ווען די סאָוועטן זײַנען אַרײַן אין ליטע, האָבן

זיי אים געמאַכט פאַר אַן אויפקויפער פון שטיינער פאַר אַן אַעראָדראָם, וואָס זיי האָבן געבויט לעבן שטעטל. אַליין אַן אַלטער אויסגעדינטער צאַרישער סאָלדאַט, האָט ער ליב געקראָגן די רוסישע זעלנער און זיי — אים. זיינע עלטסטע פון דער רויטער אַרמיי האָבן אים גערופן „פּאַפּאַשאַ“, און גוט איז געווען דעם דאָזיקן יידן אויף זיינע עלטערע יאָרן. ער האָט זיך ווידער דערפילט אין זיין סאָלדאַטישן שטאָלץ, וואָס ער האָט אַ לעבן-לאַנג מיט זיך אַרומגעטראָגן.
ווען די ערשטע קוילן האָבן אָנגעהויבן אַריינהאָגלען אין זיין שטעטל, איז ער אַוועק צוזאַמען מיט „זיין“ מיליטער, אָנגעטאָן אין אוניפאָרם און מיט אַ ביקס אין האַנט. ער רעדט און זיינע ברייטע הענטפּלאַכן באַוועגן זיך דערביי, פּונקט ווי זיי וואָלטן נאָך געוואַרעמט איצט די פלינט-ווינטאָווקע. — ער האָט דערגרייכט מיט דער אַרמיי שאַוול. נאָר דאָ האָט אים זיין מאַיאָר געהייסן אַנטלויפן, זיך איבערטאָן ציוויל, זען זיך צו ראַטעווען. זיי, די אַרמייער, פאַלן סיי-ווי-סיי אַריין אין געפאַנגענשאַפט; פאַרפאַלן, זיי זיינען זעלנער. אים אָבער, אַ יידן, וועלן די דייטשן, אַפילו אַלס זעלנער, דערמאָרדן. אַלס ציוויליסט קען ער זיך אָבער דאָך ראַטעווען.

שמואל שוואַרץ דערציילט קורץ, ווי אַזוי אונטערוועגס איז ער מיט זיינע רוסן געכאַפּט געוואָרן דורך ליטווישע פּאַרטיזאַנער און זיך געשלאָגן. „אָט האָב איך אַ קליינע וווּנד“, באַווייזט ער זיין פוס.

אברהם האָט מיטן בליק אָפּגעמאָסטן שוואַרצן ביי זיינע ברייטע שולטערן, האָט אַ וואָרף געטון די אויגן אויף זיינע אייגענע יונגלשע פּלייצעס און אַרויסגעקרעכצט: „דער שוואַכער און שטאַרקער, אַלט און יונג — אַלע וועלן שטאַרבן.“

שוואַרץ האָט זיך צעבייזערט:

— וואָס עפּעס שטאַרבן? איך בין אַ סאָלדאַט פון פאָריקן קריג, מיט אַן אויסצייכענונג, געווען אויך אין געפאַנגענשאַפט, איך קען שמעקן פולווער, ווען מען מוז, איך קען אויך געבן שמעקן פולווער אַן אַנדערן, ווען מען קען... — זייט ניט פאַרצווייפלט. מיט מוט וועלן מיר איבערלעבן. די דייטשן זיינען אויך ניט אויף אייביק.

אַ קויל האָט זיך מיט אַ געזשום, אַ ריס געטון איבערן דאַך. שמואל און אברהם זיינען אַראָפּ אין קעלער. טיף פון הושכדיקן

קעלער האָבן זיך געהערט געשרייען. די צענדליקער משפּחות, וואָס זיינען דאָ געלעגן, האָבן איצט געפּילדערט, געיאָמערט. די ווייבער האָבן געוויינט, די מענער האָבן זיי איינגעשטילט אויפֿן קול. אַבֿרהם האָט דערפֿילט אַ שטיקעניש פֿון דער דאָזיקער טויט־דערשראָקענער מענטשן־מאַסע. זיין מוטער אָבער האָט אים געהאַלטן פֿאַרן אַרבל און ניט געלאָזט מער אַרויסגיין. אַ צווייטע קויל האָט אַ זעץ געטון אין דאַך, און שטיקער ציגל האָבן זיך אַ שאָט־געטאָן, געפֿאַלן אויף דער ערד, בײַ די קעלער־פֿענצטער. ווייבער האָבן געחלשט, מענער האָבן געמינטערט, קינדער האָבן געכליפּעט. אַבֿרהמען האָט געשטיקט. ער האָט זיך קיין רו ניט געפֿונען. אָט מינטערט מען אַ פֿרוי שוין מינוטן לאַנג און מען קען זי ניט ברענגען צום לעבן. די פֿרוי מאַכט ניט אויף די אויגן, וויפֿל וואַסער מען זאָל אויף איר ניט גיסן. מען דריקט אירע שלייפֿן, שוין אַלע קליידער פֿון איר אַראָפּגעריסן, נאָר זי רירט זיך נישט. דער דאָקטאָר, וועלכער איז דערבײַ, האָט אויפֿגעשריבן אַ רעצעפּט, אָבער קיינער וויל ניט גיין ברענגען, אין גאַס פֿליען שראַפּנעלן פֿון אַלע זייטן. שמואל האָט אַ נעם געטאָן דעם רעצעפּט און זיך אַרויסגעכאַפּט הינקענדיק פֿון קעלער.

די קוילן האָבן זיך געקרייצט איבערן גאַס. דאָס האָבן זיך ליטווישע פּאַרטיזאַנער איבערגעשאָסן מיט די פֿאַרבליבענע רוסישע פּאַטרולן. מיטן רעצעפּט אין האַנט איז שמואל געלאָפֿן איבער דער ליידיקער גאַס.

אין אַפּטייק איז געשטאַנען זאַגאַרניק מיט אַ תנ״ך אין האַנט. דערזען שמואלן האָט ער אים פֿאַרווונדערט אָנגעקוקט. פֿאַרזשומעט די אויגן הינטער די דיקע ברילן־גלעזער און געלייענט די שוואַרצע לאַטיין־צעטלעך אויף די ווייסע פֿלעשלעך, צוזאַמענגעגאָסן צו עטלעכע טראָפּן פֿון פֿאַרשיידענע פֿלעשלעך און אַרויסגעזיפֿצט:

— בלייבט דאָ, ס'איז אַ סכּנה איצט צו גיין.

שמואל האָט אָבער גענומען דאָס פֿלעשעלע און אַוועק.

אויפֿן ווינקל גאַס זיינען געשטאַנען צוויי רויט־אַרמייער מיט ענטבלויזטן געווער אין די הענט, געצילט אַנטקעגן דער פּוסטער גאַס. שמואל האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ ווײַלע זיינען זיי געשטאַנען שטיל,

געקוקט אַרום, אויסמײַדנדיק אײנער דעם אַנדערנס בליק. אַ טיפּע פּוסטקייט האָט געהערשט בײַ אַלע דרײַ אין די הערצער, די מוחות זײַנען צו שוואַך געווען באַנעמען אַלץ, וואָס דאָ קומט פֿאָר. אַנטקעגן זיי זײַנען געלעגן צוויי פֿאַרקוילטע רוסן, וואָס האָבן היינט בײַטאָג זיך אַליין אונטערגעצונדן. שמואל האָט זיך טיף פֿאַרנייגט פֿאַר די סאָלדאַטן און איז אַוועק. ווײַט פֿון איבער דער לענג גאַס האָט ער אומגעדרייט דעם קאָפּ צוריק, און דרײַ פּאָר אויגן האָבן זיך נאָך אַ מאָל באַגעגנט.

— דאָס איז זעלבסטמאָרד, האָט שמואל איין רגע געטראַכט. נאָר ער האָט גלײַך פֿאַרהאַסט זײַן אייגענעם געדאַנק — ניין, דאָס איז זעלבסטשוץ.

פֿון צעבראָכענע וויטרינע-פֿענצטער האָבן ליטווינער געשלעפּט פֿאַרשיידענע סחורות, טייערע חפצים, אַרויסגעשלעפּט, און אַנטלאָפֿן אין די הויפֿן אַרײַן, זיך היטנדיק פֿאַר די פּאַטרולן. אַ קריסטיי האָט זיך אַרויסגעשלײַכט פֿון אַ געשעפֿט מיט אַ הויפֿן זאַכן. שמואל האָט איר פֿרײַ געמאַכט דעם וועג און נאָכגעקוקט מיט עקל.

— אָסטראָזשנאָ! (פֿאָרזיכט) האָט זיך געהערט אַ שטים. שמואל האָט אומגעדרייט זײַן קאָפּ. אַ צעוואַקסענער ברייטער רוס האָט געצילט פֿון אַ לייכטן מאַשין-געווער. שמואל איז אַרײַנגעפֿאַלן אין טויער, אַ קויל האָט אַ זעץ געטון. די קריסטין האָט זיך אויס-געצויגן אויפֿן ברוק איבערן באַרג-קליידער.

אַז שמואל האָט אַרײַנגעטראָגן די רעצעפּט, האָט די פֿרוי שוין כּפֿאַזמירט. דער דאָקטאָר האָט געהאַלטן איר פּולס און געמורמלט. „נערוון-דערשיטערונג“.

*

דער דאָנערשטיק אָוונט האָט אײַנגעהילט די שטאָט אין בלויען טונקל. פֿון מאַרק-פּלאַץ האָט זיך געהערט אַ טעמפּע שיסערײַ. אַ שווערע שטיוול-געקלאַפּערײַ האָט אַרויסגעריסן אַברהמען פֿון קעלער צום הויף. פֿון הינטערן טויער-ווינקל האָט ער געזען גייענדיק, אײנע הינטער דער אַנדערע אין אַן אומאויפֿהערלעכער ריי, גרויע מונדירן. ער האָט אַ קוק געטון אויפֿן זייגער — פּונקט אַכט

— דאָנערשטיק, זעקס און צוואַנציקסטער יוני גײנצן אײן און פערציק, די דײטשן האָבן מאַרשירט דורך דער שטאָט שאַוול.

● ●
●

## פרײטיק באַגינען:

אַ בלאַנקער רעוואָלווער אין אַ האַנט פון אַ ליטווישן פּאַרטיזאַן האָט זיך באַוויזן אין קעלער־טיר און אַ טרייסל געטון פון דער טיפער שווייגעניש די מאַסע יידן, וואָס זיינען דאָ צוזאַמענגעדריקט געווען. מאַמעס האָבן אָנגעהויבן טוליען זייערע קינדער אין די שויסן אַריין. פון די טיפע ווינקלען האָט מען גענומען אויפרייסן די קעלער־פענצטער, אָבער מען האָט זיך באַלד אָנגעשטויסן אויף די אייזערנע שטאַבעטן און אויפגעגעבן דעם פּלאַן אויף רעטונג. איין מינוט האָט געהערשט די צערודערונג, ביז אַלע האָבן אַרויסגעלאָזט אַ הימל־שפּאַל־טנדיק געשריי. דער קעלער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ משוגעים־הויז און געבעט־הויז צו גלייך. מענער האָבן זיך פאַררוקט אין די ווינקלעך און געשעפּטשעט „שמע־ישראל“. נאָר איין שמואל שוואַרץ איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער. מיט זיין ברייטן און הויכן בעל־עגלהשן קערפּער איז ער געשטאַנען ווי אַ וואַנט צווישן די יידן און דער סכנה. פון זיינע אויגן־טיפעניש האָט גע־פלעמלט אַ פייערל פון האַס און חוזק. — „איין רעוואָלווער, פון איין שייגעץ האָט עס אַזוי דערשראָקן די דאָזיקע צאָן־קדושים...“ שמואל האָט זיך אַ דריי געטון צו די יידן. זיינע אויגן האָבן דורכגעשטאָכן די טיפסטע קעלער־ווינקעלעך. אָבער באַלד צוריק זיך אויסדרייענדיק צו דעם אין טיר שטייענדיקן, האָט ער אַ ברום געטון:

— ווילסט זיין אַ העלד קעגן שוצלאָזע פרויען און קינדער?

אַ ציטערדיקע האַנט פון יענער זייט טיר האָט זיך אַ לייג געטאָן אויף דער פּלייצע פון פּאַרטיזאַן. דער אַלטער סטרוזש פון דער גימנאַזיע, יאָזאַס ווישניצאַס, אין וועמענס קעלער די יידן זיינען עס געווען, האָט אָנגענומען דעם פּאַרטיזאַן און אים אַרויסגעפירט.

איבערן דאַך פון גימנאַזיע האָט שוין געפלאַטערט די ליטווישע

פאַן און אויפן מויער פון נ.ק.וו.ד. — דער שוואַרץ־רויטער האַקן־קרייץ.

די זון האָט אַ שמייכלדיקע זיך געגליטשט אַלץ העכער צום מיטן הימל און פאַרגאָסן די גאַסן פון דער ניי־איינגענומענער שטאָט מיט שטראַלן שיין. די יידן זיינען נאָך אַלץ געזעסן אין פינצטערן קעלער, פאַרזונקן אין זיך, אין מחשבהלאָזיקייט.

אַברהם שווייגער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און זיך דערשאַרט צו שמואל שוואַרצן, וועלכער איז איצט געלעגן אַ פּרעמ־דער פאַרקאָרטשעט אין אַ ווינקל.

— ווי לאַנג אַז דער שעור, לאָמיר אפשר אַרויסגיין?

שמואל האָט זיך שווער אויפגעהויבן. ביידע האָבן אָנגעפאַנגען זיך אַרויסשאַרן פון קעלער. אַברהמס מאַמע האָט זיך אַ ריס געטון און זיי פאַרשטעלט דעם וועג:

— וווּ גייט איר?

יידן האָבן זיך אַריינגעמישט: „טאַקע וווהין וועט איר גיין?

— ווי לאַנג וועלן מיר דאָ ליגן? די מלחמה איז דאָך גאָט צו דאַנקען געענדיקט, — האָט שמואל ביטער געשמייכלט.

שמואל און אַברהם זיינען אַרויס פון קעלער.

אַנטקעגן גימנאַזיע איז געשטאַנען אַ דייטשער אונטער־אָפיציר ביי זיין מאָטאָציקל. די יידן האָבן אים באַגריסט. דער דייטש האָט געענטפערט. אברהם איז אַריין צוריק אין קעלער אָנזאָגן, אַז מען קען שוין אַרויסגיין.

די גאַסן פון שטאָט זיינען געלעגן מיד. אויסגעשעפּט פון די זעקס מלחמה־טעג. די יידישע איינוווינער האָבן איצט, נאָך פיר קעלער־נעכט דערפרישט זייערע קערפּערס אין ווייך־אויסגע־פּערענטע בעטן.

הבה נתחכמה:

אין ליטווישן לערער־סעמינאַר אויף דייטשער גאַס, האָט זיך פאַרזאַמלט די ליטווישע אינטעליגענץ. די ערשטע רעדע האָט גע־

האַלטן איוואַנאוסקאַס, דער שעף פון די ליטווישע פּאַרטיזאַנער. ער האָט באַצייכנט דעם גרויסן טאָג פון פרייד, ווייל ליטע איז ווידער באַפרייט געוואָרן פון סאָוועטישן אָקופּאַנט. „אונדזער פּאָליטיק האָט אויסגעהאַלטן. אַ יאָר צייט האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אין די דערפער און וועלדער, געוואַרט אויפן טאָג, וואָס איז געקומען. אונדזערע מענטשן האָבן מיטגעהאָלפן ביים שלאָגן דעם קאָמוניסטישן פייַנט און אים פאַרטריבן. די דייטשן וועלן אונדז באַצאָלן מיט אומאָפּהענגיקייט. אָבער געדענקט, אַז אַ גרויסער שונא געפינט זיך נאָך ביי אונדז אין לאַנד, דאָס זיינען די יידן. איר ווייסט ווי די דייטשן האַסן זיי. אונדזער פאָלק, וואָס איז צוזאַמענגעלעבט מיט די יידן זינט הונדערטער יאָרן, וועט זיי ניט וועלן פאַרטיליקן. דעריבער מוזן מיר גלייך אָנהויבן אַן אויפקלער אַקציע און שוין דערווייל אָפּנעמען פון די יידן זייערע פאַרמעגנס און עס פאַרטיילן צווישן אונדזערע פויערים. דורך דעם וועלן מיר געווינען זייער סימפּאַטיע".

אַ הילכיקער בראַוואָ-צושטימונג און שיכורע קולות האָבן פאַרהילכט דעם זאַל. בלאַנקע רעוואָלווערן האָבן זיך, פון גרויס פרייד, געצויגן אין דער לופט. דער שעף פון די פּאַרטיזאַנער, איוואַנאוסקאַס, האָט זיך דערפילט ווירדיק און זיכער אין זיין ראָל. זיינע זיבן און צוואַנציק יאָר, וואָס ער האָט געהאַט הינטער זיך, זיינען אַליץ געווען אָן דערפאָלג. געענדיקט גימנאַזיע, האָט ער קיין השק ניט געהאַט צו שטודירן. קיין מלוכה-שטעלע האָט ער צוליב זיין שיכורן ניט געקראָגן, האָט ער זיין צייט פאַרבראַכט אין די שענקען, פאַרטרינקענדיק די פּאָר ליט, וואָס ער פלעגט ניט זעלטן לייען ביי זיינע געוועזענע יידישע שול-חברים. ער האָט געפילט, אַז איצט איז זיין צייט געקומען. זיין שטענדיקער באַגער צו מאַכט און געלט לאָזט זיך איצט באַפרידיקן.

אַלס צווייטער האָט גענומען דאָס וואָרט פּולקאָווניק סטאַנקוס:

„איך גלויב ניט, אַז די יידן זאָלן ניט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. מיין פאָרשלאַג איז — באַטאָנט ער מיט מיליטערישע ווירדע — אַז מיר זאָלן נאָך היינטיקע נאַכט אַרעסטירן די גרעסטע צאָל יידישע מענער, זיי פאַרשפּאַרן אין די טורמעס און דערמיט באַזייטיקן יעדע אומזיכערקייט, ביים פאַרווירקלעכן אונדזער אַרבעט". ער האָט נאָך

עפּעס געוואָלט זאָגן, דערקלערן די סטראַטעגיע אין געפּלאַנטן קאַמף מיט די יידן; די שיכורע מאַסע האָט שוין אָבער געפּאַטשט בראַוואָ און אים ניט געלאָזט ווייטער ריידן. פלעשער מיט ווייסן און גרינעם שנאַפּס האָבן פול געמאַכט די טישן, און דער עולם האָט זיך אַ נעם געטון צום זויפן.

די עלטערע און פירער האָבן זיך אָנגעטרונקען, געשלאָגן זיך און געקושט און צום סוף אויך אַנטשלאָפן געוואָרן. די ייִנגערע האָבן געברויזט מיט פאַנאַטיזם און פלאַמיק שוין געוואַרט אויף דער גרויסער שעה פון זייער פאָלקס־שליחות אין דער קומענדיקער נאַכט.

## פיר וואָכן פּאָגראָם:

די שבת־ליכט זיינען שוין לאַנג געווען אויסגעגאַנגען. פינצטער איז געווען אין די יידישע, מיט שרעק איבערפולטע היימען. אין שטאָט איז שטיל געווען, נאָר פון ערגעץ ווייט האָט זיך געטראָגן אַן עכאָ פון פאַרשטיקטע קולות אין דער נאַכט־נעפּלדיקער געדיכטעניש.

ערשט באַגינען האָט זיך אַ שטילע יללה צעקייקלט דורך אַלע יידישע הייזער. מען האָט געציילט, געחשבונט די צוזאַמענגענומענע יידן און ניט געקענט צוזאַמענציילן. אויף מאָרגן ביינאַכט האָבן די אַרעסטן נאָך אָנגעהאַלטן. אין די ענגע טורמע־צעלן האָט מען צונויפגעפּרעסט יידישע מענער צו 60 און מער.

*

דעם 10טן יולי האָט זיך באַוויזן אויף אַלע שטאָט־גאַסן גרין־געלע מודעות, — יידן־פאַראָרדנונגען:

1. יידן דאַרפן טראָגן געלע מגן־דוד־צייכנס אויפן ברוסט און רוקן. אין גרויס פון 10 צמ. אין דורכמעסער;

2. יידן טאָרן ניט גיין אויפן טראָטואַר, נאָר אין רינשטאָק, איינער הינטערן אַנדערן;

3. יידן טאָרן ניט קויפן אין די געשעפטן און אויפן מאַרק;

4. יידן טאָרן זיך ניט באַנוצן מיט קיין קאָמוניקאַציע־מיטלען;

5. יידן טאָרן ניט הערן קיין ראַדיאָ און מוזן תיכף אָפּגעבן די אַפּאַראַטן.

האָט מען ניט גלייך און ניט אָן ווידערשטאַנד זיך אונטערגעוואָרפֿן די דאָזיקע אַלע פֿאַראָרדנונגען. אַ שווערן פֿאַרביסענעם און שטילן געראַנגל האָט מען געפֿירט. דער קאַמף איז געווען אַ פּאַסיווער און ווירדיקער. מען האָט אויסגעפֿאָלגט די פֿאַראָרדנונג וועגן מגן־דוידס און ניט גיין אויפֿן טראָטואַר, דאָך אָבער מיט אַ געוויסן שטאָלץ. מען איז געגאַנגען אויפֿן מאַרק, אין די געשעפֿטן, זיך געשטעלט אין די רייען נאָך ברויט, געוואָרן אַרויסגעוואָרפֿן דורך די ליטווינער און זיך ווידער געשטעלט. דער קאַמף איז געגאַנגען אָן ווערטער, נאָר פֿאַרביסן־עקשנותדיק. די פֿאַראָרדנונג וועגן ראַדיאָס האָבן יידן אויסגעפֿירט אָבער פֿריער די אינערלעכע טיילן פֿון די אַפּאַראַטן צעבראָכן. פֿון די יידישע ראַדיאָ־געשעפֿטן האָט מען אינדערשטיל אַרויסגענומען אַפּאַראַטן און זיי איינמאָנטירט אין באַהעלטענישן. יידן האָבן זיך ניט געלאָזט מיט איין מאָל אָפּשניידן פֿון דער אַרומיקער וועלט.

די רויבערייען אין יידישע היימען איז געווען אָפֿן. דייטשע זעלנער און ליטווינער זיינען געקומען אין מיטן העלן טאָג און גענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט. אַ טייל יידן האָבן באַהאַלטן זייערע בעסערע זאַכן, פֿאַרגראָבן, פֿאַרשטעקט, געהיט דאָס פֿאַרמעגן. דער גרעסטער טייל אָבער האָט אַלע זאַכן אַרויסגעשאָטן אויפֿן דיל, און אַז די מערדער פֿלעגן אַריינקומען, פֿלעגט מען זיי אָנווייזן: אָט איז, נעמט! דער דאָזיקער „זשעסט“ איז געמאַכט געוואָרן מיט אַזויפֿיל פֿאַראַכטונג און עקל צו די מערדער, אַז זיי פֿלעגן עס גוט פֿילן. יידן האָבן הרובֿ געמאַכט זייערע אייגענע היימען, געבויטע דורך דורות; געבראָכן שפּיגלען, זייגערס, געשניטן דיוואַנען, גאַרדינען, אַבי די מערדער זאָלן קיין הנאה ניט האָבן.

די מענער האָבן זיך שוין ניט געטאָרט ווייזן פֿאַר דער ליכטיקער שיין. עס האָט געהייסן, אַז אַלע מענער זיינען אַרעסטירט אָדער אַנטלאָפֿן אין רוסלאַנד. האָבן קינדער אין די דאָזיקע טעג אויסגעפֿירט די געפֿערלעכסטע שליחותן. זיי זיינען עס געשטאַנען אין די רייען נאָך ברויט און אַזוי אויפֿגעהאַלטן גאַנצע משפּחות. ניט זעלטן האָבן קינדער אַוועקגעשפּאַנט אין די דערפֿער, ברענגען מילך פֿאַר זייערע קלענערע שוועסטער און ברידערלעך אָדער פֿאַר אַלטע

און קראַנקע. קינדער האָבן ריזיקירט ניט פון קינדישקייט, נאָר צילבאַוווּסט, מיט שכל און מוט. אָפט קריגנדיק געשלאָגן, זיך אַרויסגעדרייט פון די שווערסטע סיטואַציעס, ריזיקירנדיק דערביי מיט זייערע יונגע לעבנס.

אַז די ליטווינער האָבן דערזען די דייטשישע שנאה צו די ייִדן, האָבן זיי אָנגעפאַנגען שלאָגן ייִדן אויף די גאַסן, זיי כאַפּן אויף פריוואַטע אַרבעט ביי זיך. נאָר זעלטענע פאַלן זיינען עס געווען, ווען ליטווינער האָבן אַרויסגעוויזן אַ טראָפּן מענטשלעכקייט.

דורך די אַלץ שטייגנדיקע צרות מיט יעדן טאָג, איז דער פאַרצווייפלטער כבוד-קאַמף פון ייִדן געבראָכן געוואָרן. דער ייִדישער שטאָלץ איז צעשלאָגן געוואָרן אין פאַרצווייפלונג. מערדערייען איבער ייִדן איז געוואָרן אַ טאָג-טעגלעכקייט. מענטשן אויסער יעדער געזעץ, וואָס קענען זיך אַליין ניט באַשיצן און האָבן ניט צו וועמען זיך צו ווענדן.

נאָך צוויי וואָכן פּאָגראָם האָבן, אין אַ שבת-טאָג, זיך אַוועקגעלאָזן די ליטווישע „פּאַרטיזאַנער“, וואָס אַ טייל פון זיי האָט שוין געהאַט געווער, איבער ייִדישע הייזער אויף אַ גאָלד-ראַציע. מען האָט אויסגענישטערט אַלע ווינקלעך, גערים; קדושין-רינגען פון די פינגער, מיט די פינגער צוזאַמען, אוירינגלעך, אַרמבענדער, געלט און אַנדערע טייערע חפצים, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען. די כוליגאַנעס האָבן שוין דערביי מיטגענומען די אַלע נאָך אָנגעטראָפענע מענער. נאָר אַ ייִדישע פרוי, יעזנער, האָט ריזיקירט מיטן לעבן; זי האָט זיך פאַרשטעלט ווי אַ גויע, אַוועק צום דייטשן מיליטער-קאָמענדאַנט און אים דערציילט, אַז די ליטווינער רויבן אין שטאָט. דער קאָמענדאַנט האָט מיט עכט-יעקישער אָנגעבלאָזנקייט זיך צעבייזערט: פאַרוואָס דאָס איז געטאָן געוואָרן אָן זיין באַפעל. ער האָט תיכף אַרויסגעשיקט גרופּן זעלנער צו אַרעסטירן די ליטווישע פּאַרטיזאַנער. די דייטשישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פיינט געהאַט די ליטווישע שמיציקע כאַמעס, ניט ווייניקער ווי די ייִדן, האָבן אָפּגענומען פון די פּאַרטיזאַנער דאָס געווער, זיי גוט צעשלאָגן און נאָך געמאָלדן, אַז די ייִדן קענען אָפּנעמען זייער גאָלד צוריק. ווייניק ייִדן זיינען אָבער בעלנים געווען אָפּצונעמען ביי די דייטשן דאָס גאָלד און דערביי איבערלאָזן זייער אַדרעס.

נאָר אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן די ליטווינער שוין געטריבן און געמאָרדעט מיט דער הסכמה פון די דײַטשן.

*

אין אָט די טעג האָבן די יידישע פרויען אַרויסגעוויזן אַ זעלטענעם העראָאיזם פון יידיש פאַמיליע=געבונדנקייט. ניט געווען קיין ווײַב, וואָס זאָל שווער זײַן פאַר זיי מיט כבוד אויפצוטרעטן אויף אים און דערגרייכן אַהין וווּ ער האָט געפירט. יידישע פרויען האָבן זיך אַדורכגעקראָגן דורך אַלע פאַרצוימונג=באַריערן. זיך דערשלאָגן צו אָבערקאָמיסאַרן און קאָמענדאַנטן, בעטנדיק און פאָדערנדיק צוריק די מענער. געווען אויך פאַלן ווען ס'איז זיי טאַקע באמת געלונגען אַרויסצורייסן פון די טויט=נעגל זייערע עלטערן, מענער, ברידער, חתנים.

די יידישע פרויען האָבן זיך שנעל אָריענטירט, וואָס די דײַטשן אינטערעסירט צום מערסטן, און... אַלע יידן זײַנען געוואָרן יווועליִרער, טריקאָטאַזש= און בורשטין=אַרבעטער. קלאָר, אַז אין שאַוול זײַנען באמת אויך געווען מייסטערס אין פאַרשיידענע צווייגן, באַזונדערש אין דער לעדער=בראַנזשע. דאָ האָט זיך געפונען די גרעסטע לעדער= און שיך=פאַבריק פון באַלטיקום, פרענקלס פאַבריק, וואָס האָט באַשעפטיקט די מערסטע יידן. איינציקע פון די אָ פאַך=ספּעציאַליסטן, וואָס זײַנען געווען נויטיק די דײַטשן, זײַנען, אַדאַנק דער מי פון די פרויען באַפרייט געוואָרן.

*

דריי וואָכן זײַנען שוין אַוועק, ווי די אין טורמע צונויפגעפּרעסטע יידן וואַלגערן זיך הונגעריקע, שמוציקע, נאָר זיי האַלטן זיך פעסט, ברידערלעך און טויט=גרייט. מען האָט צעטיילט דעם טאָג פּלאַנמעסיק, אויף דאַווענען, לערנען יידישע געשיכטע, תנך, זיך דערציילן מעשיות און געשלאָפן איז מען לויט דער ריי, ווײַל ס'איז אוממעגלעך געווען צו שלאָפן אויף איין מאָל אין די קליינע טורמע=צעלן, פאַר אַזוי פיל מענטשן.

אַז מען האָט אַרויסגעפירט דעם גימנאַזיע=דירעקטאָר יודניק און אַפּטייקער וואָלפע רייניקן די קלאָזעטן, האָט רודניק ניט געלאָזט דעם צווייטן עס טאָן, ווײַל — יענער האָט געטראָגן סאַנדאַלעטן.

רודניק אַליין האָט מיט די הוילע הענט גערייניקט דעם שמוץ אין דערביי זיך אונטערגעזונגען אַ ניגון.

דער ס״ד־קאָמענדאַנט גאָטשאַלג, אַ מערדער לויטן אויסזען און פון בלוט, האָט גאַנצע טעג פאַרבראַכט אין טורמע, אַרויסגערופן אַלע ווילע אַנדערע יידן אין הויף און געטריבן מיט זיי „גימנאַסטיק״. אין אַ טאָג האָט ער אַרויסגערופן אַ גרופּע יידן, זיי אויסגעציילט — ניין און ניינציק.

— הונדערט! — האָט ער אַ געשריי געטון. די ליטווישע פּאָליציסטן האָבן געוואָלט גלייך ברענגען נאָך אַ יידן פון די טורמע־צעלן, אָבער גאָטשאַלג האָט פאַרלאַנגט אַ יידן פון גאַס, ניט פון טורמע. אין געציילטע מינוטן האָבן די ליטווינער געבראַכט דעם לעצטן קרבן. גאָטשאַלג איז געווען צופרידן. אויפן הויף זיינען שוין געווען פּילטעאָפּעראַטאָרן. גאָטשאַלג האָט קאָמאַנדירט:

די אינטעליגענץ זאָל אַרויסגיין פאָרויס!

אַז קיינער האָט זיך ניט גערירט, האָט גאָטשאַלג אַליין זיך אויסגעזוכט די אינטעליגענץ — אַלע וואָס טראָגן ברילן. דער שאַוולער שטאָט־רב ר׳ אהרון באַקשט איז געווען דער ערשטער צו דער אינקוויזיציע. גאָטשאַלג האָט אים געהייסן אָנטאָן די יאַרמולקע און אָנפאַנגען ריידן.

— וואָס זאָל איך ריידן?

— גאַנץ עגאַל, — האָט גאָטשאַלג אַ בריק געטון דעם רב, רייד ווי דו רעדסט פאַר יידן אַלעמאָל; מאַך מיט די הענט, קרים מיטן מויל.

דער רב האָט לאַנגזאַם אָנגעהויבן זאָגן דעם קאַפּיטל תהילים ק״ט. דעם 70־יאָריקן רב׳ס שטימע איז זיך פאַרגאַנגען אין תחנונים, זיינע שטראַליקע הענט האָבן זיך צום הימל געשטרעקט: יהי יחריתו להכרית, בדר זה (אָנשטאָט ווי אין טעקסט: בדור אחר) ימח שמם!

גאָטשאַלג איז צופרידן געווען; דער רב האָט עס געמאַכט מיט הוויות, מיט געגוג ווילדע תנועות...

אַלס צווייטן האָט גאָטשאַלג אַרויסגערופן דעם דין נאַכומאָװסקי און דאַן דעם אַלטן רב׳ס איידעם הרב ראַבינאָוויטש, און נאָכדעם דעם אַדוואָקאַט אַבראַמאָוויטש; גאָטשאַלג האָט אויך אויפגעזוכט יידן מיט פּליכטוואַטע קעפּ, וואָס זיי האָבן געמוזט האַלטן אַנטקעגן די אַפּאַראַטן צום פאָטאָגראַפירן.

די אָפּגעקליבענע אַלס אינטעליגענטן האָט מען אַ ווײַלע שפּעטער געהערט זינגען אין טורמע־הויף. און באַלד־גלייך אַ שיסעריי פון מאַשין־געווער. — אַלץ איז ווידער איינגעהילט געוואָרן אין שטום־בלוטיקן שווייגן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען אָנגעפאָרן שוואַרץ־געדעקטע אויטאָס אויפן טורמע־הויף. מען האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצופירן די אַרעסטירטע אין קוזער וואַלד. איין איינציקע קריסטין איז געווען צווישן די צום טויט־אַרויסגעפירטע: פרוי לייקונאַס, אַ באַקאַנטע ליטווישע סאָציאַליסטין. פרוי לייקונאַס האָט זיך קעגנגעשטעלט, ניט געוואָלט זיך לאָזן פאַרפּאַקן אין אויטאָ.

אין צוויי וואָכן צייט איז די טורמע ליידיק געוואָרן פון יידן. נאָר קנאַפּע הונדערט האָט מען באַפרייט אַלס „אונענטבערליכע" (אומפאַרבייטלעכע) פאַר דער דייטשער ווירטשאַפט,"

עלטסטנראַט:*)

צווישן די קנאַפּע הונדערט פון טורמע באַפרייטע יידן איז אויך געווען דער דירעקטאָר פון דער יידישער פאָלקס־באַנק, אהרן כ"ץ, האָט ער און דער פאָרזיצער פון די יידישע קעמפער פאַר דער ליטוויש־ער אומאָפּהענגיקייט, מענדל לייבאָוויטש, ווי אויך באָרים קאַרטון, וואָס איז געווען אויסגעבונדן מיט דער ליטווישער אינטעליגענץ; אַדוואָקאַט בער מנשה אַבראַמאָוויטש, אַ באַקאַנטער געזעלשאַפט־לעכער טוער, דער פאָרזיצער פון ליטווישן „מזרחי"; אהרן העלער און פייוול רובינשטיין, — אָט די אַלע האָבן זיך עם געשטעלט אין דער געפערלעכער ראָל צו זיין די פאָרשטייער פון קהל. די ליטווינער האָבן לכתחילה אויסגעלאַכט די יידישע פאָרשטייער. ערשט נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן נאָמינירט קאַפּיטאַן שטאַנקוס אַלס דעם

*) גערופן אין ליטוויש — אַטסטאָווּבע.

ממונה איבּער יידן, האָבּן די ליטווינער שוין גענומען „פאַרהאַנדלען" מיט די יידישע ראָשי=קהל. די פאַרהאַנדלונגען זיינען בּאַשטאַנען ניט מער ווי אין דעם וואָס שטאַנקום האָט איבּערגעגעבּן די יידישע פאָרשטייער די גזרות פון די דייטשן אָדער די וועלכע ער, שטאַנקום אַליין, האָט פאַרטראַכט.

„אסתר המלכה":

איר בּויגעוודיקע פיגור, די בּלאָנדע האָר, דער ליטווישער גראָבּפויערשער דיאַלעקט אין איר בּרייט מויל האָט ווייניק איבּערגעלאָזן צו דערקענען איר יידישקייט. טאָקע דערפאַר האָט זי זיך געראַטעוועט פון גרוב, ווו אַלע קורשאַנער יידן זיינען דערשאָסן געוואָרן. (קורשאַן — אַ שטעטל 50 ק"מ פון שאַוול.) אַנטלויפנדיק קיין שאַוול האָט זי גושא חן געווען אין די אויגן פון שטאַנקום. יידן האָבּן זיך דערפרייט. אסתר המלכה! אַ קלייניקייט, אַ יידיש מיידל שלאָפט מיטן מערדער, אַוודאי וועט עס מילדערן זיין צאָרן. נאָר ג י נ ע ז י וו איז ניט געווען אסתר פון דער מגילה, אפשר אויך דערפאַר, ווייל דער מערדער שטאַנקום איז ניט געווען אַחשורוש דער טיפּש, נאָר — המן אַליין.

געטאָ — שיינען — טויט:

אַ גאַנצער חודש איז אַוועק דורך פּאָגראָם. ווילדע,טרויעריקע ידיעות האָבּן צעשויבּערט די געמיטער — צענדליקער קהילות, פון אַרום שאַוול זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. אַמאָל בּרענגט נאָך דעם גרוס אַן איינציק געראַטעוועטער, אין מערסטע פאַלן ראַטעוועט זיך קיינער ניט, און דער טויט=גרוס קומט דורך אַ גוי. וועגן ענדגילטיקן גורל פון די שאַוולער יידן איז נאָך אויך ניט בּאַקאַנט. יעדער טאָג שלייכן זיך דורך אַנדערע קלאַנגען דורך די יידיש אָפּגעשלאָסענע היימען. מען וויים צו דערציילן, אַז שאַוולער יידן פּירט מען איבּער קיין אַלט=זאַגאַר, וואָס איז בּאַשטימט געוואָרן אַלס געטאָ פאַר גאַנץ מיטל=ליטע.

אַ דאַנק דעם עלטסטנראַט ווערט דאָך בּאַשטימט צוויי געטאָ=ראַיאָנען אין שאַוול גופא. איינער האַרט בּיי דער פּרענקעל=פאַבּריק, די אַזוי גערופענער טראָקוער געטאָ, און דער צווייטער אַנטקעגן, בּיים יידישן בּית=עולם, אין דער פאָרשטאָט

וואָס מען רופט „קאַווקאַז“. ביידע געטאָ=ראַיאָנען האָבן געקענט אַריינגענעמען, לויט די צוויי מעטער פאַר אַ מענטשן וואָס מען האָט געגעבן, ניט מער ווי פיר טויזנט מענטשן. האָט זיך אָנגעפאַנגען פון יידן אַ יאָגעניש צו זיין באַשעפטיקט, זיין רעגיסטרירט אַלס אַרבעטער, כדי צו קענען בלייבן אין די געטאָ=ראַיאָנען, ניט צו ווערן אַרויסגעשיקט קיין זשאַגער.

קען זיין, אַז יידן אַליין האָבן, אויב ניט אויסגעטראַכט, טאָ ציגעאיילט די שיינען. יידן האָבן זיך געוואָלט פאַרזיכערן. האָט מען זיך אָנגעפאַנגען באַזאָרגן פאַפירלעך, טאָמער כאַפט ווער איז אָט — אַ פאַפירל אַז מען אַרבעט. אַזעלכע פאַפירלעך פלעגט מען די ערשטע צייט קריגן פאַר געלט, פון פריוואַטע אַרבעטס=געבער, באַזונדערס פון ערד=באַזיצער. שפעטער האָט דער אַמט פאַר יידן=אָנגעלעגנהייטן אַרויסגעלאָזן ספעציעלע שיינען געשריבן אויף אַ שרייב=מאַשין מיט אַ געוויסן נוסח: אַזוי ווי דער ייד פלוני אַלמוני אַרבעט דאָ און דאָ, קומט צו דער אַרבעט אין דער און דער שעה און גייט אַוועק אַזויפיל אַ זייגער. די שעהן זיינען אָנגעגעבן געוואָרן, כדי דער ייד זאָל ניט קענען זיך אַרומדרייען סתם אַזוי אין גאַס. דאָס אָנצייכענען דעם אַרבעטס=פלאַץ האָט אים אויך מחייב געווען צו גיין מיט דעם קירצסטן וועג פון שטוב צו דער אַרבעט און צוריק, ניט דורך אומוועגן.

יידן האָבן זיך אָבער געיאָגט אַליין נאָך מער „זיכערקייט“. האָט איינער, פינחס טייץ, געמאַכט אַ רשימה פון אַרבעטער פאַכלייט, זיך דערשלאָגן אַ באַשטעטיקונג פון די ס״ד און אַרויסגעקראָגן פאַר זעכציק מענטשן פירקאַנטיקע גרויסע ר ו י ט ע שיינען. דאָס זיינען שוין געבליבן די בעלי=מלאָכה=שיינען. שפעטער האָבן די דאָזיקע שיינען אַרויסגעקראָגן די וואָס האָבן זיך געקענט דערשלאָגן אַהין וווּ מען האָט געדאַרפט. אמתע בעלי=מלאכות האָבן געהאַט ווייניק פאַרבינדונג און פראָטעקציע אין די פינצטערע הויכע פענצטער. אין די ערשטע געטאָ=טעג האָט אויך דער עלטסטנראַט צוזאַמענגעשטעלט ליסטעס פון בעלי=מלאכות. פאַרשטענדלעך, אַז מען האָט אַלעמען פאַרשריבן, און יידן האָבן שוין אויסגעפונען מלאָכות. די דאָזיקע רשימות זיינען אָבער שוין ניט באַשטעטיקט געוואָרן.

בײם אַרײַנגײן און געטאָ האָט מען אָפּגענומען בײַ די ייִדן אַלע פּערסאָנאַל־פּאַפּירן און אַרױסגעגעבן שײַנען — ג ר י נ ע, די אַזױ־גערופֿענע געטאָ־פּעסער. אַזעלכע שײַנען האָט מען געגעבן גאָר די, װעלכע זײַנען באַשטעטיקט געװאָרן צו גײן אין געטאָ. די װאָס האָבן קײן גרינע שײַנען ניט געקראָגן, האָט מען גלײַך אַרױסגעפֿירט אין די שולן, בתּי־מדרשים און פֿון דאָרטן — צו פֿאַרניכטונג אין קוזשער װאַלד.

די קאָמיסיעס זײַנען באַשטאַנען פֿון ליטװישע פּאָליציסטן אין באַגלײטונג פֿון אײן ייִדן. געװען אַזעלכע קאָמיסיע־באַגלײטער װאָס האָבן אָפֿן דערקלערט דער פּאָליצײ: מיר קענען נאָך גײן מיט אײַך, אױב איר װעט לאָזן אַלעמען גײן אין געטאָ. געװען אָבער אַ קענטיקע צאָל פֿון די באַגלײטער, װאָס האָבן קאַלטבלוטיק צוגעקוקט װי פֿאַר הונדערטער ייִדן װערן ניט אױסגעשטעלט די גרינע שײַנען, ד. ה. — זײ װערן פֿאַרמשפּט צום טױט. זײ האָבן זיך ניט צוריקגעצױגן פֿון באַגלײטן די קאָמיסיעס, כאָטש קײנער האָט זײ צו דעם ניט געצװונגען. די דאָזיקע באַגלײטער זײַנען געטריבן געװאָרן צו זײער „עסקנות“ פֿון רײן עגאָאיסטישע מאָטיװן — צו ראַטעװען זיך אַלײן, זײערע אָנגעהעריקע און פֿרײַנד.

נאָכן אָפּזײַן אַ מאָנאַט אין געטאָ האָט מען אומגעביטן די גרינע שײַנען אױף אַנדערע, אױך מיטן זעלבן טעקסט און פֿון זעלבער פֿאָרם, נאָר — ג ע ל ע. בײם דאָזיקן אומבײַט זײַנען אײניקע הונדערטער ייִדן דורך דער ליטװישער קאָמיסיע אַרױסגעפֿירט געװאָרן פֿון געטאָ, צוליב שװאַכקײט, אַרבעטס־אומפֿעאיקײט און בכלל װער ס'איז זײ ניט געפֿעלן. די דאָזיקע מערדערײַ האָט מען אױסער „געלע־פּעסער־אַקציע“ גערופֿן אױך „שײַנקײַטס־אַקציע“. װײַל די מײנסטע קרבנות זײַנען דאָ געװען שװאַכע און שלעכט אױסזעענדיקע. די פֿרײַזיר־אַנשטאַלטן אין געטאָ זײַנען דעם טאָג פֿול געװען פֿון עלטערע פֿרױען, װאָס האָבן זיך געלאָזט פֿאַרבן די האָר אױף בלאָנד און שװאַרץ; געפֿאַרבט די נעגל, די ברעמען, זיך געפּוצט, אָנגעטון די שענסטע קלײדער און פֿאַרװאַנדלט דעם טאָג אין אַ טרױעריק פֿײַנלעכן מאַסקאַראַד.

שפּעטער האָבן יידן זיך ווידער ניט באַגנוגנט מיט די געטאָ=פּעסער. מען האָט אָנגעהויבן זוכן שטאַרקערע פאַרזיכערונגען, אַרויסבאַקומען פּאַפּירלעך, אַז מען איז זייער נויטיק פאַרן אַרבעטספּלאַץ. די ערשטע און די בעסטע אַזעלכע פאַרזיכערונגען האָבן געקראָגן די אַרבעטער פון דער פריינקלס=לעדער=פאַבריק, פאַר זיך און זייערע משפּחות. דאָס זיינען געווען ווייסע שיינען, וועלכע ס'האָט אונטערגעשריבן דער דייטשער דירעקטאָר מיללער. אַנדערע יידן האָבן אויך געקראָגן ווייסע שיינען פון די אָנגעזעענע אַרבעטספּלעצער. נאָר די שיינען האָבן שוין געהאַט אַ קלענערע באַדייטונג לגבי די פאַבריק=שיינען. די אַרבעטער אויפן אַעראָדראָם, אָדער ביי אָ, ט. (אָרגאַניזאַציע טאָדט), און אַנדערע שוואַרצאַרבעטער האָבן קיין פאַרזיכערונג=שיינען בכלל ניט געקראָגן. נאָר אויך די, ווי יענע, האָבן שפּעטער געטיילט דעם זעלבן גורל: הונגער, מגפות, ליידן און אומקום.

# אַ, גלייביק פאָלק ישראל!

אין אַ מיטן טאָג פון דער דריטער וואָך אין דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט בײַם יידישן קינדערהיים זיך אָפּגעשטעלט אַ דראָזשקע, פון וועלכער עס זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען: איוואַנאַוסקאַס, מימענאַס און גײַלונאַס. די דרײַ יונגע ליטווינער זײַנען אַרײַן אין בית־היתומים. אין אייניקע מינוט אַרום זײַנען צוגעפאָרן לאַסט־אויטאָס, אין וועלכע עס זײַנען פאַרפּאַקט געוואָרן אַלע קינדערלעך צוזאַמען מיט זייערע לערער און אָפּגעפירט געוואָרן אין אַן אומבאַ־קאַנטער ריכטונג.

יידן האָבן געגלויבט, אַז מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין אַ דאָרף, ווײַל די דייטשן דאַרפן האָבן די געביידע...

* * *

אַ טאָג פריער איז אַרויסגעפירט געוואָרן דער מושב־זקנים. דאָס אָרט, וווהין מען פירט זיי איז באַקאַנט געווען — זשאַגער, אַ באַקאַנטע ליטווישע שטאָט פון רבנים און משכילים, זיבעציק ק"מ פון שאַוול. אַהין האָבן אין יענע טעג געזאָלט אַוועקגעפירט ווערן אַלע נאָך לעבעדיקע יידן פון שטאָט. יידן האָבן זיך געפּאַקט צו פאָרן אַהין; מען האָט אַפילו „געקראָגן" גרוסן, אַז די אַלטע לײַט לעבט זיך אין זשאַגער זייער גוט. — אַדאַנק אַ סך געלט און מי איז גע־לונגען אויפצושטעלן צוויי געטאָ־ראַיאָנען אין שאַוול גופא — זשאַ־גערער שטאָט־פּאַרק איז געוואָרן דער בית־עולם פאַר טויזנטער יידן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך.

אַ סך יידן האָבן נאָך לאַנג געגלויבט, אַז אין זשאַגער לעבט זיך די יידן ניט שלעכט.

* * *

די שאַוולער ליטווינער־מערדער איז געוואָרן צו שווער צו טראַנספּאָרטירן זייערע קרבנות אַזש קיין זשאַגער, האָבן זיי אויס־געקליבן אַ נעענטער אָרט — קוזשער וואַלד, פערצן ק"מ פון שטאָט. אַהין זײַנען אַלע ווײַלע, במשך פון דרײַ וואָכן, אָפּגעפאָרן אויטאָס מיט לעבעדיקע יידן און זיך באַלד צוריקגעקערט ליידיקע. יידן האָבן נאָכגעשפּירט די אויטאָס, געזען ווו זיי פאָרן אַוועק, געמאָסטן אויפן

זייגער אין וויפֿל מינוט זיי קומען לײדיק צוריק. מענטשן האָבן בפֿירוש געזען, אַז נאָר דער טויט האָט געקענט אויסלײדיקן די אויטאָס און... ניט געגלויבט, ניט געוואָלט גלויבן, אַז די ליטווינער און דײטשן מ אָ ר ד ן! מאָרדן אָט סתם אַזוי לעבעדיקע מענטשן, פֿרויען און קינדער; אַפֿילו ניט מיט די באַשולדיקונג, אַז די געמאָרדעטע זײַנען קאָמוניסטן, ווי דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג.

* * *

די רעשטלעך ייִדן גייען אין געטאָ. די רײַכע שטופּן פֿאָרויס די אָרעמע. אפשר, אפשר וועט זיי, די מיוחסים, דאָך געלינגען צו בלײַבן אין שטאָט (וויפֿל זײַנען צוליב דעם שפּעטער אַוועק פֿון דער וועלט?) און אפשר וועט זיי געלינגען צו גיין אין שענערן געטאָ־ראַיאָן, דאָרטן ווו די הײַזער זײַנען בעסערע און ווו דער ייִדן־מערדער שטאַנקוס, דער ליטווישער קאָמיסאַר איבער די ייִדן, האָט צוגעזאָגט, פֿאַר אַ סך געלט, צו מאַכן נאָך אַ געטאָ. אַזוי האָבן די ייִדן זיך געטראַכט, געחקירעט, געמאַכט לעבנס־פּלענער, זיך געלאָפֿן בײַטן די הײַזער אין שטאָט מיט די פּויערים פֿון געטאָ־ראַיאָן, ווײַל מען האָט געגלויבט, אַז מען גייט לעבן, ניט געקענט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דעם שונאס האַנט וועט פֿון הינטער די געטאָ־דראָטן, „לאַנגזאַם אָבער זיכער“, אַוועקנעמען אויך די לעבנס, וועלכע ער שענקט נאָך איצט...

* * *

פֿאַרוואָס האָט פּרוכנאָ פֿאַרקלאַפּט די לאָדנס אין זײַן געטאָ־הײַזל? ווײַל ער שרײַט, אַז ער האָט זיך געביטן מיטן פּויער אויף זײַן הויז אין שטאָט און דערפֿאַר וועט ער קיינעם ניט אַרײַנלאָזן דאָ וווינען. נאָר אים אַליין געהערט עס, און ער דאַרף דאָס גאַנצע הויז טאַקע פֿאַר זיך: אַ שלאָפֿצימער דאַרף ער דאָך, און אַן עס־שטוב מוז ער האָבן, און פֿאַר די קינדער אַ צימער איז דאָך אַ נויטווענדיקייט, און אַ ביבליאָטעק האָט ער אַ גרויסע...

אַך, גלײַביק עם ישראל!

פּרוכנאָ איז געשטאָרבן פֿון שווערע אַרבעט אין געטאָ.

* * *

אַז דוד דער סטאָליער איז געשטאַנען פֿאַר דער היסטאָרישער קאָמיסיע, זיינען זיינע אויגן געווען ווילד צעבּרענט, דער טויט האָט פֿון זיי אַרויסגעקוקט, ניט גערן האָט ער געענטפֿערט אויף דעם וואָס מען האָט אים געפֿרעגט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז מען וועט אים צוריקשיקן צום טויט, פֿון וועלכן ער איז אַנטלאָפֿן.

דוד איז שוין געשטאַנען אויסגעטאָן מיט אַלע יידן ביים גרוב. נאָר אַ ווילדער לעבנס־ווילן האָט אים אַ טרייב געטאָן צוריק. אַ האָגל פֿון קוילן האָבן אים נאָכגעיאָגט. אין אַ ליטוויש הייזל האָט ער געקראָגן אַ מאַנטל; אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער האָט ער זיך אַרומגעשלייכט ביי נאַכט דורך דער שטאָט און איז דערקראָכן צו ראָזנבערגן אין שטוב. איצט איז ער אין געטאָ. נאָר ווער האַלט ניט דודן פֿאַר משוגע? „פֿון צרות וואָס מען האָט אַרויסגעפֿירט זיין משפּחה איז ער געווירט געוואָרן פֿון זינען."

דוד שפּאַרט זיך מיט קיינעם ניט, פֿאַרקערט, ער וויל גאָר ניט דערציילן, „אַז איר גלויבט ניט, זאָל זיין ניט. זאָל זיין, אַז איך בין משוגע; נאָר ווי אַזוי מען האָט דערשאָסן אייער שוועסטער, האָב איך אַליין געזען" — אַזוי זאָגט זיך דוד אָפּ און פֿאַרשווינדט.

אַ מינוט שטייט דער ייד צעטומלט, ער גלויבט שוין דעם ביטערן גרוס. נאָר באַלד איז מנצח דער ייד אין דעם יידן, און ער וואַרט שוין ווידער אויף אַ בריוול אָדער גרוס פֿון זיין שוועסטער, וועלכער מען האָט ז י כ ע ר אַרויסגעפֿירט אויף אַרבעט ערגעץ ווייט...

ער גלויבט ניט, ער קען נישט גלויבן, דער גלייביקער עם ישראל

און ווי האָט מען עס טאַקע געקענט גלויבן? מען דאַרף דאָך אַליין אַ מערדער זיין, כּדי צו קענען אַרויפֿנעמען אויפֿן זינען אַזאַ מאָרד־וואַקכאַנאַליע. און — מען האָט ניט געגלייבט.

# געבליבן אויף זיין ערד

זעליק פראָדוואַלניק האָט פון זיין פאָטער בירושה די פינף מאָרג לאַנד, אַ צענדליק ק"מ פון שטאָט. ביי דער דאָזיקער ערד האָט ער זיך אויסגעהאָדעוועט, חתונה געהאַט, קינדער געבוירן.

זעליק איז דער נאָנטסטער יידישער פויער צום שטאָט. אין קרייז זיינען פאַראַן אַ סך יידישע ערד=באַזיצער, נאָר זיי געפינען זיך ווייטער.

אַז די דייטשן זיינען אַריין, איז זעליקס שטוב פול געווען מיט יידן און גויים: שטאָט=מענטשן, וואָס זיינען זיך צעלאָפן אין די דערפער זוכן שוץ פון די דייטשע באָמבעס. דאָ זיינען איצט עטלעכע סוחרים וואָס פלעגן יעדעס יאָר אָפּקויפן ביי זעליקן די תבואה, דער קצב וואָס פלעגט אָפּקויפן די קעלבלעך; עטלעכע פריינט און באַקאַנטע. די גויים זיינען געווען מייסטנס אָרעמע שטאָטישע אַרבעטער, וועלכע האָבן ניט קיין משפחה אין די דערבייאיקע דערפער. אָט די אַלע האָבן פול געמאַכט זעליקס גרויס הויז און די שטאַלן אַרום מיט שרעק און יללה יעדעס מאָל, ווען די אַעראָפּלאַנען פלעגן אַדורכפליען און באָמבאַרדירן די שטאָט, במשך פון דער גאַנצער קריגס=וואָך. די מענטשן וואָס זיינען דאָ געווען האָט גאָרניט געפעלט. די באַלעבאָסטע, אַ הויכע, מאָגערע מיט שוואַרץ אויסגעאַרבעטע יונגטפלאַכן האָט אויפגענומען אַלעמען ווי געסט אויף אַ שמחה.

ס'מאַכט ניט אויס, זי האָט גאָט צו דאַנקן גענוג אָנגעגרייט כשר פלייש, וואָס קען קלעקן אַפילו פאַר די קריסטן. זעצט מען זיך צום טיש אַ פאָר צענדליק פאַרשוינען, און די פאַרע פון דעם געקאָכטן הייבט זיך פון די גרויסע ליימענע שיסלען אַרויס. לויפט זעליקס ווייב פון איינעם צום צווייטן און בעט זיך: זעט, פאַרוואָס עסט איר ניט? און איר יידיש לשון קייקלט זיך שווער=קלאָציק פון האַלדז אַרויס, מיט אַ ליטוויש=פויערישן אַקצענט.

די גויים עסן שוין היינט דווקא מיט אַפעטיט, נאָר די יידן קריכן ניט די ביסנס אין מויל. די פרייד אויף די קריסטלעכע פנימער, אַפילו דאָ איצט, ביים טיש, זאָגט ניט קיין גוטס. נעכטן זיינען זיי נאָך געווען אומעטיק, פאַרוויינט און פאַרווירט, פונקט ווי די יידן, נאָר איצט, אַז דאָס אַעראָפּלאַנען=פליעניש הערט זיך שוין ניט מער

און פון שטאָט קומען גרוסן, אַז די דייטשן זיינען שוין ניט ווייט — זיינען זיי לעבעדיק־פריילעך געוואָרן, ווי זיי וואָלטן אויסגעוואַרט אויף דעם.

און אָט איז געקומען צולויפן דעם קצבס זון אָפּגעמען אַלע יידן צוריק אין שטאָט די דייטשן האַלטן ביים אַריין אין שאַוול, עס שמעקט מיט ערב פּאָגראָם. אין שטאָט איז דאָך זיכערער, ווי אין דאָרף.

די יידן האָבן געראַטן זעליקן מיטצוגיין. נאָר זעליק האָט זיך אויסגעלאַכט: דאָ געבוירן, דאָ געוואַקסן, די קעפּ וועלן די שכנים זיך לאָזן שניידן פאַר אים. אַזוי האָט ער געזאָגט. ווו קען ער נאָך אַזוי זיכער זיין ווי דאָ?

זיינען די יידן אַוועק. די גויים אַוועקגעשמהט. זעליק מיט זיין ווייב און פיר קליינע קינדער זיינען געבליבן אַליין.

אין די ערשטע וואָכן ווען די שטאָט האָט דערפילט אַ מאַנגל אין עסן, באַזונדערש אין דאָרפס־אַרטיקלען, פלעגט די יידישע דאָרפס־משפּחה ניט זשאַלעווען. ווער פון יידן עס האָט נאָר ריזיקירט צו גיין, און ווער פון די קריסטן עס איז געקומען, האָט געקראָגן פּוטער, קעז, מילך פאַר קליינע קינדער, קאַרטאָפל און מעל. אַ גאַנצן טאָג פלעגט די באַלעבאָסטע שטיין, איינטיילן יעדערן.

די דייטשן מיט דער הילף פון די ליטווינער האָבן געאַרבעט גרונטיק, פּינקטלעך, מיט אַ טאָלק. ווי נאָר זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט די יידן אין די שטעט, האָבן זיי זיך גענומען צו די דאַרפישע. מיט זיי איז עס נאָך לייכטער געגאַנגען: מען האָט זיי ניט געדאַרפט ווייט פירן, און מערדער זיינען אויך געווען אומעטום לרוב, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אויפן יידישן האָב און גוטס.

הינטערן בהמה־שטאַל איז געוואָרן דער קבר פאַר זעליקס משפּחה. פון די טעמפּע האַמער־קלעפּ איבער די זעקס מענטשלעכע שאַרבנס האָבן זיך אויפגעכאַפּט די בהמות אין שטאַל. זייער עלנט ברומען, דאָס מיאוקען פון דער אַלטער קאַץ און דעם הונטס בייזער סקאַוווען איז געווען דער געטרייער קדיש פון די דאָזיקע איידעלע באַשעפענישן און זייער קללה אויף די היות און מערדער פאַר אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט פון זייערע באַלעבאַטים.

# טאַמאַרע

(די געטאָ=מאַמע)

א

צווישן די ענגע געסלעך פון פאָרשטאָט, ביי פרענקלס לעדער=פאַבריק, האַרט ביים טויער פון בית=עולם, האָט טאַמאַרע געלעבט אירע אַלע יאָרן. געוווינט האָט זי דאָ צווישן גויים; געלעבט אָבער האָט זי פון יידן. — טאָ ווער האָט טאַמאַרען ניט געקענט?

טאַמאַרעס גוף האָט געהאַט צענדליקער פעלערן. — איר פּנים אויסגעקרימט, מיט אַ מענעריש שאַרפע קין און אַ פּאָר שיטערע הערלעך אויף דער גאָמבע, ווי ביי אַ סריס; ווייך=וואַסערדיקע מוטנע אויגן מיט אַ ברייטן מויל=שניט און אָפּגעשפּאָלטענע ציין, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט באַהאַלטן הינטער. דער אַרונטערהענגענדיקער און אַריבערהענגענדיקער ליפּ. אירע פיס זיינען געווען אויסגעקרימט; האָבן קיינמאָל ניט געוואָלט אַריינגיין אַפילו אין אַ גרויסן מענער=שטיוול און האָבן שטענדיק געהאָפּקעט פון אונטער דעם לאַנגען קלייד, באָרוועסע איבער גאָטס ערד. אירע פוס=געלענקן האָבן העכער פון די קנעכלעך זיך געלאָזט אין פאַרקרימענעם אויף רעכטס און לינקס, זיך צעפּאָרן ווי אויסגעשפּאַנטע האָלאָבלעס פון אַ וואָגן.

טאַמאַרעס קינדער זיינען אָבער געווען געזונטע, פול=בלוטיקע, יינגלעך און מיידלעך, הויך געוואַקסן, מיט פעך=שוואַרצע האָר און גרויסע יידישע אויגן. און איין גאָט אין הימל ווייס, ווער ס'האָט אין די גלייכע גלידער פון די בנים אַריינגעגאָסן אַזוי פיל ניט=יידישע גבורה, און אין די צעוואַקסענע סאָסנע=מוידן — אַזוי פיל חן און צאַרטע יידישע שיינקייט. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס וואָלט געווען אויף להכעיס טאַמאַרעס קללות און די קניפּן פון איר אַלמגותדיק פאַרביטערט האַרץ, וואָס האָבן זיך אַריינגעפרעסן אין זייערע יונגע גופים.

אירע קינדער האָט זי ליב געהאַט, טאַמאַרע; ליב געהאַט ווי דאָס לעבן. און ניט נאָר אירע אייגענע. בכלל האָט זי ליב געהאַט קינדער, אַלעמענס קינדער. און אפשר האָט זי אַלעמען ליב געהאַט, אפילו די גבירים, וועמען זי פלעגט שילטן מיט טויטע קללות. אָט האָט זי דאָך אויך אירע אייגענע קינדער געשאָלטן, געזידלט מיט די

ביטערסטע קללות און באַלד, כהרף עין, זיי שוין אָנגעבענטשט מיט הויפנס ברכות. אַזאַ איז געווען טאַמאַרע. געבענטשט און געשאָלטן, געוויינט און געלאַכט. אָט זידלט זי די גבאים פון די צדקה־חברות. „בלוט־צאַפּערס, אַ רוח אין אייער טאַטן". „גנבים, מיינע בלוטיקע טרערן זאָל גאָר גאָט צוזען", — און גלייך מיט ברכות און געלעכטער: „איר מיינט, איך שילט? — מיין ביטער האַרץ שפּרינגט פון מיר; אַז געזונט זאָלט איר זיין; דאָס וועגעלע האָלץ, וואָס איר האָט מיר געגעבן. — שוין לאַנג אויסגעהייצט..."

נאָר אַפילו דאַן, ווען טאַמאַרע איז געגאַנגען וואַרפנדיק מיט אירע צעשפּרייטע האָלאַבליע־פּיס איבערן גאַס, שילטנדיק, אויך דאַן איז געגוג געווען, אַז זי זאָל נאָר דערזען אַ קינד אויפן גאַס, מעג זיין אין אַ ליכטיקן קינדער־וועגעלע פון אַ גבירישער מאַמען, אָדער אַ קינד וואָס האָט אָנגעהערט צו אַ טאַטן, אַ גבאי אין די חברה־צדקה, וועמען זי האָט נאָר איצט געהאַלטן אין שילטן, איר פּנים האָט באַלד גענומען שטראַלן; אַ פולע מויל מיט ברכות האָט זיך דאַן אַ שאָטגעטאָן איבער דער אַראָפּהענגענדיקער ליפּ, און אירע וואַסערדיקע אויגן פלעגן פאַרלויפן מיט אַ פרייד־פלעמעלע. דאָס איז ניט געווען קיין חניפה צו דער רייכער באַלעבאָסטע. פאַרקערט, טאַמאַרע האָט קיינעם ניט געהנפעט. אַלעמאָל געוואָרפן פון איר האַרצן אַרוים דעם אמת אין די אויגן. נאָר דאָס איז געווען איר שוואַכקייט, וואָס האָט זי באַנומען, וואָס האָט זי געמאַכט אין אַלץ פאַרגעסן — קינדער. און פלעגט די מאַמע־באַלעבאָסטע מעגן זיין אַ מפונקת, זיך ניט געוואָלט אָפּשטעלן און לאָזן אָנקוקן איר קינד — האָט עס טאַמאַרען ניט געאַרט. זי איז געבליבן שטיין, די הענט פאַררוקט אין די אויסגעהוילטע באָקעס און נאָכגעקוקט דעם קינד מיט פאַרלאָפענע פריידיקע אויגן.

ב

איבערגעלאָדענע וועגענער האָבן געסקריפּעט. איינגעפאַלענע פערד האָבן לאַנגזאַם געצויגן די יידיש אויפגעלאָדענע שטוב־זאַכן. זייערע קעפּ געבויגן, פונקט ווי זיי, די פירפיסיקע חיות, וואָלטן זיך געשעמט מיט זייער טואונג — מיט דעם וואָס זיי פאַרשלעפּן דאָס

ביסל בעבעכעס, געראַטעוועטע פון פּאָגראָם, הינטער די שטעכיקע דראָטן, אויפן פאַרשטאָט בײַם בית=עולם, — אין געטאָ אַרײַן.

די מיוחסדיקע באַלעבאַטים האָבן אַלײן געהאַלטן די לײצעס און אָנגעטריבן די פערדלעך מיט אַ שטילן קרעכצנדיקן „וויאָ“ (די קריסטלעכע פורמאַנעס האָבן ניט געטאָרט באַדינען די „זשידעס“; פאַרדינגען אָבער די פערד אויף אַריבערצופירן די דערלויבטע זאַכן אין געטאָ אַרײַן, פאַר גרויסע סומעס געלט און ווערט=זאַכן, האָבן זײ יאָ געמעגט).

אַ לאַנגער קאַראַוואַן, ווי אײן גרויסע לויה, האָט זיך געצויגן איבער דער שטויביקער זומערדיקער גאַס, — צום בית=עולם צו. אין זײַט פון טראָטואַר, מיט די ריגשטאָקן, באַהאָנגען מיט געלע מגן=דודס אויף ברוסט און פּלײצע, האָבן זיך געשלעפּט די פרויען און קינדער, האַלטנדיק אין די הענט גלאָז=געראַמטע משפּחה=בילדער, וואָס מען האָט אין פור ניט געקענט פּאַקן, זײ זאָלן ניט צעבראָכן ווערן. פון די בילדער האָבן אַראָפּגעשײַנט אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, בערד און פּאות, שײַטלען און קרינאָלינעס, פון טאַטעס, מאַמעס, באָבעס און זיידעס. אַזוי זײַנען די בילדער פון די שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע געטראָגן געוואָרן אויפן בית=עולם — צו זײערע קברים. דאָרט האָט די גאַנצע מחנה זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט, אַז יעדער ייִדישער געטאָ=קאָמיטעט זאָל זײ אָנווײַזן די צוויי מעטער פאַר יעדן קאָפּ, וואָס איז פון דער מאַכט פאַר זײ באַשטימט געוואָרן צום וויגען אין געטאָ.

די אײנציקע ייִדישע משפּחה, וואָס האָט ניט געדאַרפט אַריבערפאָרן אין געטאָ, איז געווען טאַמאַרעס. די כאַטע, בײַם בית=עולם=וואַנט, אין וועלכער זי האָט געוווינט, איז געוואָרן אַרײַנגעצוימט אין געטאָ. מיט אײן מאָל האָט זיך טאַמאַרעס משפּחה דערזען אַלס די גליקלעכסטע צווישן דער וואַלגערנדיקער זיך מענטשן=מאַסע אויף די קברים אונטערן רעגן. דאָס פינצטערע שטיבל מיטן האַלב=אײנגעפאַלענעם דאַך און אויסגעבראָכענע שויבן האָט איצט אויסגעזען פאַר די אין געטאָ=פאַרטריבענע ווי דער וואַרעמסטער, רואיקסטער און ליכטיקסטער ערד=ווינקל.

די נאַכט האַלט בײַם צופֿאַלן, דאָס געטאָ־טויער װערט באַלד אָפּגעשלאָסן, און װער װײס אױף װי לאַנג. נאָר דעם הײנטיקן טאָג איז דאָ די מעגלעכקײט אַרײַנצוכאַפּן אין געטאָ װאָס מען קען. מאָרגן װעט שױן שטײן אַ װאַך בײַם טױער. שלעפּן ייִדן זײער ביסל אָרעמ־קײט, זאַכן געראַטעװעטע פֿון פּאָגראָם, מען האָט עס טאַקע ניט װוּ אַהין צו טאָן. אַז אײנגאַנצן װעט מען קריגן צװײ מעטער דירה פֿאַר אַ מענטשן. נאָר זאָל עס כאָטש ליגן אין געטאָ. אַז גאָט װעט העלפֿן, מען װעט צוריק אַרױסקומען (און דאָס נאָך גאָר אין גיכן!), װעט מען האָבן מיט װאָס אָנצופֿאַנגען װײַטער לעבן. אַזױ האָט מען גע־חשבונט. געװען אױך אַזעלכע, װאָס האָבן ניט געװאָלט איבערלאָזן פֿאַר די מערדערס. „לאָמיר עס אױף האָלץ צעבּרעכן, אָבער זײ זאָלן פֿון אונדזערס קײן הנאה ניט האָבן.“ און דערװײַל האָט מען דאָס גאַנצע האָב און גוטס געװאָרפֿן אױף די גערטנער, אַרום די געטאָ־הײַזלעך, אַבי עס זאָל ליגן פֿון דער זײַט דאָרט

ג

טאַמאַרעס קינדער האָבן אַרױסגעװאָרפֿן פֿון שטיבל די פּאָר בענקלעך, דעם דרײַ־פֿוסיקן טיש, די צעבראָכענע בעטלעך, אױס־געװאַשן די צעפֿוילטע פּאָדלאָגע און אױף דעם אָרט אַרײַנגעשאַפֿט פֿאָלירטע װײכע בעטן מיט הױכע זײַטן־קאַרניזן, שטולן באַצױגענע מיט העלן לעדער און אַ דרײַ־טיריקן שאַנק מיט אַ שפּיגל אין דער מיט. בײַ די בעטן האָבן זײ אױפֿגעשטעלט נאַכט־טישלעך, און פֿון נאָגל אַרונטער, אױף װעלכן אַ נאַפֿט־לאָמפּ איז געהאָנגען, האָט זיך איצט איבערן מיטן שטוב צעבּאָמבלט אַ גרױסע עלעקטרישע לוסטרע, כאָטש קײן עלעקטרישער שטראָם איז אין שטיבל ניט געװען.

טאַמאַרע האָט זיך אומגעקערט אין שטוב מיט אַ פֿולן עמער. זי האָט אים פֿריער אַװעקגעטראָגן פֿול מיט הײסן טײ, פֿאַר די אָנ־געקומענע אױפֿן בית־עולם, באַלד גלײַך האָט זי זיך שױן אַרײַנ־געכאַפּט צו אירע שכנים, די קריסטן, פֿון יענער זײַט געטאָ, פֿון װעמען זי האָט געקראָגן צו ביסלעך עסן, די קינדער אירע זאָלן שױן תיכּף מיטן שליסן דאָס געטאָ, ניט דאַרפֿן הונגערן. זי איז אַרײַן אין שטוב אַ פֿאַרפֿינצטערטע: אַ שטאָט ייִדן װאַלגערט זיך אױפֿן בית־עולם: הײַנט האָבן זײ זיך אַזױ צערעדט, די קריסטן, װאָס דאַכט זיך

שוין צענדליקער יאָרן לעבט זי מיט זיי אין גוטער שכנות, — נאָר אַזוינע מערדערס, אַז נעמען זאָל זיי... — האָט זיך אָנגעפֿאַנגען קייקלען אַ קללה פֿון אירע ליפּן. נאָר די קללה איז דאָס מאָל איר געבליבן שטעקן אין האַלדז, ווי אַ ווערגענדיקער ביסן. איר ברייט מויל איז נאָך ברייטער געוואָרן. און ווען אירע קרומע פֿיס האָבן זיך אַ קאַטשע געטאָן אַ טריט ווייטער און זי איז שטיין געבליבן פֿאַרן געשליפֿענעם שפּיגל און זיך דערזען, — האָט זי ווי דערשראָקן פֿאַרענדיקט די קללה מיט אַ שפּיי. שוין אָבער ניט אויף די קריסטן, נאָר אויף אירע בנים.

— ווּ איז מיין בעט? מיין בעט ווּ איז? ווער האָט אַרויסגעוואָרפֿן מיין בעט? אַז וואַרפֿן זאָל איך, מערדערס, ראַזבויניקעס! איר זייט נאָך ערגער פֿון די כאַמעס; יידיש בלוט גיסט זיך, און איר פּוצט אייך גאָר, אַז פּוצן זאָל מען אייך שוין...

טאַמאַרעס אויגן זיינען געפֿאַלן אויף דער לוסטרע, און איר צעבראָכענער גוף האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. די לאָמע פֿיס האָבן אָנגעפֿאַנגען טופּען ווי אַ בריקענדיקער פֿערד, און מיט איין צי פֿון דער קרומער האַנט זיינען אַלע זעקס גלעזערנע אַבאַזשור־טעלער מיט זייערע אינעווייניקסטע לעמפּעלעך צעשמעטערט געוואָרן אויף דער האַלב־ערדענער פּאָדלאָגע. די איבערשטע קריסטאַלענע באַפּוצונג אַרום דעם לוסטרע־שטאַנג האָט זיך אַ צעשאָט געטאָן איבערן שטוב און מיט אַ דינעם קלינג־קלאַנג זיך פֿאַרקייקלט אונטער די בעטן. די פֿאַרגייענדיקע זון האָט אַריינגעקוקט דורכן איינציקן פֿענצטער פֿון שטיבל, זיך געוואָרפֿן אויף די קריסטאַל־קרישלעך און אָנגעפֿילט דאָס שטיבל מיטן מאַטן אָפּגלאַנץ פֿון גאָלד. טאַמאַרען האָט דער גאָלד־אָפּגלאַנץ נאָך מער צערייצט. מיט די קראַנקע הענט האָט זי אָנגעפֿאַנגען אַליין אַרויסשטופּן דעם שאַף, שרייענדיק מיט קולי־קולות: „וואַרפֿט אַרויס דעם כישוף פֿון מיין שטוב”. די קינדער זיינען געשטאַנען שולד־באַוווּסטע, פֿאַרציטערטע און ניט גערירט מיט קיין אבר.

אַז טאַמאַרע האָט זיך גוט אויסגעשאָלטן און אויסגעזידלט, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צום אַרויסגאַנג און אויסגעשריען מיט אַ באַפֿעל: „וואַרפֿט אַרויס די בעטן, איך וועל אין זיי זיך ניט לייגן שלאָפֿן.“

## ד.

טאַמאַרע האָט איצט געוואַנדלט צווישן די לעבעדיקע אויפן בית=עולם. אירע צעקרימטע פיס האָבן זיך געשטרויכלט איבער די קברים=בערגלעך. זי האָט אַריינגעקוקט אין די אוהלים, וווּ ס'האָבן זיך איינגעקוואַטירט די משפחות פון די טויטע. אַלע זיינען איצט געווען גלייך. און טאַמאַרע גלייך מיט אַלעמען. ניין, טאַמאַרען איז איצט געווען בעסער פון אַלעמען. האָט דאָך טאַמאַרע זיי הייגט געבראַכט טיי. זי האָט געפילט, אַז איצט איז געקומען איר צייט צו העלפן אָט די. וועלכע האָבן איר תמיד געהאָלפן. אָבער ניט נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן איר געהאָלפן, איז זי איצט געגאַנגען מיט אַ טרייסט צו אַלעמען, נאָר ווייל זי קען איצט העלפן — זי מוז!

טאַמאַרע האָט געזוכט קינדער. קינדער, וועלכע זיינען איבערגע=בליבן פון געשאָכטענע, דערהרגעטע, דערשאָסענע טאַטע=מאַמעס. און אַזעלכע זיינען געווען אַ סך. און אָט ליגט אַ שוואַנגערע פרוי. זי דאַרף יעדע מינוט געבוירן. האָט טאַמאַרע אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו אַ פּאָר מענער: „טראָגט זי צו מיר". און צו טאַמאַרעס וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט. מען האָט געוווּסט, אַז טאַמאַרע קען איצט העלפן. זי איז „איינגעאָרדנט". זי האָט איר וווינונג אין געטאָ. פרומע ווייבער האָבן איר מקנא געווען: „אַ זכות, אַ זכות, טאַמאַרע איז אַ צדקית". רייכע באַלעבאָסטעס האָבן איר אונטערטעניק צוגעטראָגן דעם „גוטנאָוונט". געהאָלפן אירע קאַליקע פיס מיטן איבערשפּרייזן די קברים. געשטופּט אַלץ מער קינדערלעך צו איר אַטריאַד, וואָס זי האָט מיט זיך געפירט. טאַמאַרע וואָס האָט זיך אַלעמאָל געוואָרפן אַלעמען אין די אויגן, זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס מיט קללות און געטומל, איז געבליבן תמיד אומבאַמערקט נאָר איצט, ווען זי איז געגאַנגען אַ שווייגעוודיקע און שטיל געפּאַ=כעט ווי מיט צעבראָכענע פליגל, איז זי פּלוצלונג געשטאַנען אין צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט.

טאַמאַרעס פּנים איז עפּעס איצט געווען מילדער, האָט פאַרלוירן דעם מענערישן אויסדרוק, אין דער קילער אָוונט=לופט צווישן די בית=עולם ביימער. אירע אויגן האָבן געזוכט, דער גאַנצער קרומער גוף,

וואָס האָט זיך געבויגן איבער יעדן איינגעגורעטן, איבער די שוין האַלב שלאָפענדיקע יידן אויף די קברים, האָט געגישטערט צו געפינען.

אויפן בלויען הימל=דעק האָבן אַ בליאַסק געטאָן אַ פּאָר זיך שעמענדיקע שטערן, און אַ פול=חודשדיקע לבנה האָט געוווּנקען אויפן האָריזאָנט. טאַמאַרע האָט אויף אירע קראַנקע הענט געטראָגן צוויי זויג=יתומים און אַ פּאָר צענדליק עלענטע קינדערלעך זיינען איר נאָכגעגאַנגען, זיך האַלטנדיק ביי די ברעגעס פון איר קלייד. הינטער די קינדערלעך זיינען געגאַנגען ר׳ זרח דיין, וואָס איז איצט, נאָכן אומקום פון שטאָט=רב ר׳ אהרון, דער מרא דאתרא. און מיטגעגאַנגען איז אויך ר׳ האַצקל דער בעל=עגלה.

טאַמאַרע האָט דעם דיין ניט געוואָלט לאָזן שלאָפן אין דרויסן. וויפל ער האָט זיך ניט געווערט, דערקלערנדיק טאַמאַרן, אַז ער דאַרף שלאָפן דאָרט ווו אַלע יידן, האָט עס ניט געהאָלפן. טאַמאַרעס טרערן האָבן געפּועלט; איר טענה איז געווען: „אַז איר, רבי, וועט זיך פאַרקילן, ווער וועט אונדז אין אַזאַ בלוטיקע צייט העלפן? דער רבי וועט נאָר איבערזיצן די פּאָר קאַלטע נאַכט=שעהן“. די בעלי=בתים האָבן דערביי צוגעהאָלפן: „אמת, טאַמאַרע זאָל געזונט זיין, איז גערעכט, גייט רבי“. און דער דיין איז געגאַנגען.

אויך ר׳ האַצקל האָט ניט געוואָלט זיך רירן פון דער משפחה, פון די יידן קרעמער, בעלי=בתים, וועלכע האָבן אים אַ גאַנץ לעבן מיט דרך ארץ פּרנסה געגעבן. נאָר אויך אים האָבן די אַרומיקע צוגערעדט: „גייט, ר׳ האַצקל, ניט פאַר אייערע יאָרן צו שלאָפן אין דרויסן, איר זאָלט מאריך ימים זיין“. כאָטש ר׳ האַצקל האָט זיך געשפּאַרט, געטענהט, אַז ער איז נאָך ברוך השם שטאַרקער פון די יונגע, אַז אַ נאַכט אונטערוועגס איז ביי אים ניט קיין זעלטנהייט. אָבער די קרעמער, וועלכע האָבן נאָך מיט אַ וואָך צוריק געהאַלטן פאַר געוויינטלעך, אַז האַצקל זאָל פאַר זיי דורך נאַכט פירן צוקער און נאַפט, הערינג און אייזן, האָבן היינט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז האַצקל זאָל נעכטיקן אויפן בית=עולם, אַפילו אין זיין פורמאַנסקן פעלץ.

און טאַמאַרע האָט דווקא געהאַט איר גרונט מיטצונעמען ר׳ האַצקלען, ווייל ניט זעלטן האָט ער אויף איר רחמנות געהאַט אונטער=

פירנדיק איר לייפל קאַרטאָפל, אָדער אַ ביסל מעל אין שטוב אַריין, זי זאָל ניט דאַרפן שלעפּן אויף איר צעבראָכענעם גוף.

ביי טאַמאַרן אין שטוב זיינען שוין געווען עטלעכע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער; יידן, וואָס האָבן געזוכט אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ. זיי האָבן צעהאָנגען זייערע משפּחה־בילדער אויף די נעגל איבער די קרומע ווענט, כדי זיי זאָלן ניט צעבראָכן ווערן און געוואַרט אין שרעק אויף טאַמאַרן, זי זאָל זיי דערלויבן איבערזיצן אין איר שטוב.

דערזען טאַמאַרן האָבן די יידן זיך אַ הויב געטאָן, געוואָלט זיך אַנטשולדיקן, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי „צעלייגט“ אין איר שטוב. נאָר טאַמאַרע האָט אַ מאַך געטאָן מיט די הענט: „לייגט אייך שלאָפן. עס וועט קלעקן פּלאַץ פאַר אַלעמען. אַ גרויסע שטוב ביי מיר. גאָט צו דאַנקען. ווער דאַרף עס היינט סאַלאָנען?...“

ר׳ האַצקל מיט אַלע קינדער האָבן זיך געלייגט קווער אין די גרויסע בעטן, אויף די ווייכע מאַטראַצן. די שוואַנגערע האָט טאַמאַרע אויסגעבעט אין דער שמאָלער שוואַרצער קיך אויף שטרוי, איבערגעבעט מיט אַ ווייסן לייַלעך. און פאַרזיכערט האָט טאַמאַרע, אַז זי אַליין וועט אָפּנעמען דאָס קינד — אויב עס וועט נאָך געבוירן ווערן היינטיקע נאַכט. טאַמאַרע מיט אירע קינדער האָבן זיך געלייגט אויף דר׳ערד, ביים אַריינגאַנג, פאַרשטופנדיק די פיס אונטער די בעטן. די אַנדערע יידן האָבן זיך זיצנדיק צוגעשפּאַרט אויף די שטולן,דער גאַנצער חדר איז פול געווען מיט זיי און פון די ווענט האָבן אַראָפּגעקוקט גאַנצע יידישע דורות — אייביקייטן.

נאָר ר׳ זרח דיין האָט זיך ניט געלאָזט איבעררעדן, צו גיין שלאָפן: „געגנוג, אַז איך בין אַריין אין אַ שטוב, אין דער צייט, ווען אַלע וואַלגערן זיך אויפן בית עולם“. ער האָט אומגעדרייט דאָס נאַכט־טישל, זיך געזעצט אויף אים און שטיל, שטילע ווערטער זיינען אַ גאַנצע נאַכט געפאַלן פון זיין מויל אין זיין לאַנגע באָרד אַריין, דורכגעמישט מיט זודיקע טרערן פון זיינע קליינע אויגן־שפּאַלטן. פון צייט צו צייט האָט נאָך אַ טיפער אוי־זיפץ זיך אַדורכגעריסן פון זיין ברוסט און געוועקט די שלאָפנדיקע.

ה.

צומאָרגנס, נאָך דעם ווי טאַמאַרע האָט געגעבן אירע געסט שוואַרצע קאַווע, האָט זי אַרויסגעשיקט די קינדער רופן אַלעמען, ווער עס וויל טרינקען אַ גלאָז וואַרעמס. די יידן זיינען געקומען און זי אַליין האָט יעדערן געגאָסן צו עטלעכע טעפּלעך שוואַרץ, הייס וואַסער. מען האָט עס גענומען מיט אַ דאַנק און באַגלייט געוואָרן פון טאַמאַרן מיט ברכות.

פאַרנאַכט זיינען דערגאַנגען די אָרדנער-קאָמיסיע אין טאַמאַרעס הייזל. זיי האָבן, ווי אומעטום, געמאָסטן מיט אַ מעטער-מאָס די לענג און ברייט פון חדר און די צוויי מעטערדיקע קיך. אַראָפּגערעכנט דעם גרויסן ליימענעם באַק-אויוון, האָט עס אויסגעמאַכט 26 מעטער. די קאָמיסיע, דריי בכבודיקע בעלי-בתים, האָבן אַ ווײַלע זיך געישובט, געחשבונט צווישן זיך. ווער מען מען זאָל אַהער אַריינלאָזן. ווייל לויטן צאָל מעטערס האָבן דאָ געדאַרפט אַריינגיין 13 נפשות מען האָט אָבער געקענט אַהער אַריינזעצן אַפילו 18 נפשות -- פון איין משפחה. און דורך דעם געווינען אָרט, פאַר די קלענערע חדרים, ווו עס רעגען, למשל, אויף פינף מעטער טאָקע ניט אַריינגיין מער ווי צוויי מענטשן, ווייל פאַר דריי איז שוין צו ענג, און אויף צוויי מענטשן פאַרלירט מען דאָ אַ מעטער. די רעגירונג האָט פאַרמאָסטן צוזאַמען, אַלע געטאָ-הייזער, וואָס מיינט אַכט טויזנט מעטער פאַר פיר טויזנט יידן. איז אָט די מעטערס, האַלבע און פערטלען, וואָס פאַלן אַראָפּ ביים פאַרטיילן ד' ווינונגען, מוז געווונגען ווערן אין די גרעסערע דירות, ווו מען קען אַריינזעצן איין אָדער צוויי גרויסע משפּחות אויף אַ קלענערער צאָל מעטערס. און די קאָמיסיע האָט געפּסקנט, אַז טאַמאַרע מיט אירע קינדער מוזן אַרויס פון שטיבל.

די קאָמיסיע האָט זיך געשראָקן, געמיינט אַז טאַמאַרע וועט שרייען, שילטן, זידלען. נאָר זי האָט דווקא רואיק אויסגעהערט דעם אורטייל און נאָר געבעטן מען זאָל איר דערקלערן, פאַרוואָס עס קומט איר אַזאַ פּסק? און אַז די קאָמיסיע האָט איר איינמאָל און נאָך אַמאָל דערקלערט, האָט זי אַלץ ניט געקענט פאַרשטיין:

„פאַרוואָס, האָט זי געטענהט, אַז איך נעם אַריין דעם דיין, די דיינטע מיט זייער טאָכטער און חאַצקל דעם פורמאַן מיט זיין גאַנץ הויזגעזינט, זיינען מיר שוין ניט 15, און די צוויי פיצלעך, די שיינע

מלאכים, די רונדע יתומימלעך, חיימס ייִנגעלע און נחמהס מייד=
קאַלע, וואָס איך וועל זײַן אַ מאַמע צו זיי און זיי וועלן טאַקע בײַדע
חתונה האָבן — האָט זי שוין דעם חשבון פאַרטיק — זײַנען מיר,
אַזוי אַרום, ניט זיבעצן. וואָס, איר ווילט 18? גוט, גיט נאָך אַ
מענטשן.“

ניין! — שפּאַרט זיך די קאָמיסיע, — ר׳ האַצקל קען טאַקע
בלײַבן מיט אײַך, אָבער דער דיין דאַרף האָבן אַ צימערל פאַר זיך,
און בכלל קענען מיר דורך אײַער דירה געווינען אָרט. מיר האָבן
ווייניק גרויסע דירות. וואָס זאָלן מיר טאָן מיט די גרויסע משפּחות,
זיי מוזן דאָך זײַן צוזאַמען.

טאַמאַרע טענהט אָבער, אַז „אַכטצען איז אַכטצען“ און „פאַר=
וואָס זאָל טאַקע דער דיין ניט זײַן בײַ מיר? אמת, עס פּאַסט טאַקע
פאַר אים אַן אייגן צימער, אָבער בײַ מיר וועט אים געהערן די
גאַנצע שטוב. ער וועט לערנען איך האָב ליב צו הערן ווי מען
לערנט. און דער עיקר — „איך לעב דאָך שוין אין דעם שטיבל
צענדליקער יאָרן, פאַרוואָס זאָל מען מיר עפּעס אַרויסוואַרפן?“

די נאַכט פאַלט באַלד צו און הונדערטער מענטשן וואַלגערן זיך
נאָך אויפן בית=עולם, ווען מען מוז נאָך היינט אײַנאָרדענען. די
קאָמיסיע אײַלט. זי דאַרף נאָך פאַרטיילן דריי הײַזער, פון אָט דער
געסל, וואָס איז איר אָנפאַרטרויט געוואָרן. און עס פאַלט דער באַפעל,
צו די אָרדנונגס=דינסטלער, וואָס גייען הינטער דער קאָמיסיע:
„אַרויסנעמען דאָס מעבל!“

לאַכט טאַמאַרע: „איר קענט וואַרפן דאָס מעבל, עס איז טיי=יי
ניט מײַנע, אָבער איך ריר זיך ניט פון אָרט. „רופט דעם דיין; זאָל
קומען דער עלטסטער פון קאָמיטעט, זאָלן זיי פּסקענען“.

— — —

ר׳ זרח דיין און מענדל פּרנס האָבן אַ ווײַלע זיך אַדורכגערעדט
און דער דיין האָט מיט אַ פעסטן קול געזאָגט: „דאָ וויל איך וווינען
און זי האָט דאָ חזקה.“

די קאָמיסיע איז אַוועק. דער דיין און ר׳ האַצקל האָבן אָנגע=
פאַנגען אַרײַנטראָגן, פון בית=עולם, זייערע זאַכן אין טאַמאַרעס
שטיבל.

# און מען האָט איז געטאָ געלעבט...

נאָך די געלע־שיינען אַקציע, (סעפּטעמבער 1941), אָפּצאָלנדיק די לעבנס־קאָנטריבוציע — אַ האַלבן מיליאָן מאַרק, גאָלד און פּעלצן — איז מער קיין מאַסן־מאָרדן ניט פאָרגעקומען, ביז דער קינדער־אַקציע, (5טן נאָוועמבער 1943). טויט־שרעק, איינצלנע מאָרדן, מושטערונגען, איבערגרופּירונגען, איבערפאַלן, אונטערזוכונגען, ארויספירונגען אין אַרבעטס־לאַגערן אויסערן געטאָ — שרעק, שרעק — דאָס איז געווען דער טאָג־טעגלעכער עסן. האָט מען זיך באַלד צו דעם געוווינט. מען האָט געטראָגן איינגעביסן צווישן די ציין דעם אייגענעם לעבן — און געלעבט.

פלעגט אַריבערגיין אַ וואָך אָן „באַזונדערע נייסן“, פלעגן די פּנימער זיך אויסלייטערן, אין געטאָ פלעגט אויפקלינגען געלעכטער; די סאַניטאַרע קאָמיסיע פלעגט גיין דאַן אויף רעוויזיעס; דער עלטסנראַט איז געוואָרן שטרענגער אין האַלטונג — פלעגן זיך דערפילן ווי מנהיגים, וואָס פאָרמירן און פירן דאָס לעבן, און אָנפאַנגען גלויבן, אַז זיי וועלן דערפירן צו אַ זיכערן ברעג; די געטאָ־אָרדנער (פּאָליציי) פלעגן ווערן שטראָמער אין זייערע באַפעלן און האַלטונג. די בלוי־אויסגעשטיקטע מגן דודס אויף זייערע ווייסע אָרעמ־לענטעס פלעגן אָנפאַנגען קוקן האָפערדיקער, רופן דרך־ארץ צו זיך.

דאָס לעבן פון געטאָ־מענטשן איז געווען מיט שטורמישע איבערברוכן. פון טרויער צו פרייד (און אויך פאַרקערט) איז ניט געווען קיין גרויסער איבערגאַנג. דער באַגריף פון „היום נאכל כי מחר נמות“ (הייגט וועלן מיר עסן בעפאָר מיר שטאַרבן מאָרגן) איז אויך, אומבאַוווסטזיניק, געוואָרן אַ תושב אין דער פּסיכיק פון געטאָ־מענטשן. מען האָט געלעבט מיטן טאָג, מיטן „גוטן“ טאָג; דעם בלוטיקן האָט מען זיך באַמיט צו פאַרגעסן. — אַ ייד, וואָס איז נעכטן געכאַפּט געוואָרן ביים אַריינברענגען אין געטאָ אַ

פּאָר קאַרטאָפּל און איז דערפאַר געשלאָגן געוואָרן מכות־רצח — איז אויב אים איז נאָר מאָרגן געלונגען אַריינצוטראָגן און זיך זאַט אָנעסן — האָט ער שוין די נעכטיקע קלעפּ גענומען ווי אַ צופאַל, אָדער — וואָס נאָך ערגער — ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט; אַזוי מוז עס זיין; ער מוז דאָך ריזיקירן, די ליטווישע פּאָליציי דאַרף שלאָגן און — מען וועט אַזוי איבערשטופּן די קורצע צייט, וואָס איז נאָך געבליבן צו זיין אין געטאָ, ביז דער דייטשער מפּלה...

פון צייט־צו־צייט האָבן די דייטשן זיך גענומען אַ קרבן — און אויך דאָס איז געוואָרן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

אַזוי באַלד ווי די דייטשן זיינען אַריין האָט דער ייד שוביץ, (1) זיך אַריינגעקראָגן אַרבעטן ביי דער שטאָטישער ס״ס־קאָמאַנדאָ. באַלד געוואָרן מיט זיי „באַפריינדעט“, געוווסט פון אַלע זייערע פאַרברעכנס, באַגאַנגענע רציחות. ביים אַריינגיין אין געטאָ האָט די ס״ס באַפוילן, ווי פאַר זייער אַ מענטשן, אים צו געבן אַ גוטע וווינונג. (אַלע אַרבעטער פון ס״ס־שטאַב און געביטס־קאָמיסאַריאַט האָבן געקראָגן אַ ספּעציעלן בלאָק). אין געטאָ האָט מען זיך פאַר שוביצן געהיט, כאָטש מען האָט ניט געוווסט אויף זיכער אויב ער דינט די דייטשן.

אַ פּאָר מאָנאַטן נאָכן אַריינגיין אין געטאָ האָט ס״ס אַרויס־געפירט שוביצן מיט זיין פרוי און זיי דערשאָסן אין קוזשער וואַלד. דאָס געטאָ האָט אויפגעציטערט און — באַלד פאַרגעסן.

אַז דער עלטסטנראַט האָט געמוזט (!) איבערגעבן דעם הענד־לער גליצנשטיין צום טויט, איז אַ שוידער און שרעק אַדורך אין געטאָ. די הענדלער האָבן אָבער ווייטער געהאַנדלט, ריזיקירט און — פאַרגעסן.

און אַז מען האָט עפּענטלעך אויפגעהאָנגען בצלאל מזאוויעצקן איז דאָס געטאָ אויך ניט אַרויס פון די טאָג־טעגלעכע ראַמען. אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ און אין ווילן אויסצוהאַלטן — האָט מען אויך דאָס באַלד פאַרגעסן.

---

(1) זיין ברודער, הירשל שוביץ, איז אומגעקומען אין קאָוונע, אין דער פּאָליציי־אַקציע, אויפן ניינטן פאָרט.

אויף קיין פּראָנט און אין קיין תּפיסה האָט נאָך אַ מענטשן־מאַסע ניט געקעמפט אַזוי עקשנותדיק פאַר איר עקזיסטענץ, ווי די פאַרמשפּטע יידן אין טאָל פון בלוט און טויט — אין געטאָ.

* * *

## פון וואָס האָט מען געלעבט?

שאַוול איז געווען אַ שטאָט מיט אַ רייכן מיטל־קלאַס און אַן עקאָנאָמיש־קרעפטיקן פּראָלעטאַריאַט; טויזנטער יידן האָבן געאַר־בעט אַלס ספּעציאַליסטן אין דער לעדער־בראַנזשע, אין די פאַבריקן פון פרענקל, נוראָק, גלעזער א. א. און גוט פאַרדינט. שאַוול איז אויך געווען אַ קאָמוניקאַציע קנופּ — קאָוונע — ריגע. (אויפן וועג פון דער אַמאָליקער ליבאַווא — ראָמני אייזנבאַן־וועג). איז דער מסחר דאָ געווען גוט אַנטוויקלט און דער עקאָנאָמישער מצב פון דער יידישער ווי פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אַ סך אַ בעסערער, ווי ערגעץ אין אַנדערע יידישע שטעט.

אַז די סאָוועטן זיינען אַריין אין ליטע, יוני 1939, האָבן סוחרים זיך גענומען אויספאַרקויפן, אַריינעמען געלט, צוליב דער באַלדיקער נאַציאָנאַליזאַציע פון אייגנטום; אַרבעטער האָבן אָנגע־פאַנגען פאַרדינען אַ סך מער. (די אַנטווערטונג פון ליט, העכערונג פון לוין, ביי אַראָפּגעזעצטע פּרייזן אויף די געברויכס־אַרטיקלען — זיינען די אַרבעטער, אין יאָר פון די סאָוועטן, געוואָרן גבירים). יעדערער האָט אַזוי אַרום געהאַט הויפנס געלט. אין די געשעפטן איז נאָך געווען אַלץ צו קריגן, האָט מען זיך איינגעשאַפט חפצים, שטאָפן, מעבל, באַלעבאַטעשקייט וואָס ס'האָט געקענט קלעקן אויף יאָרן. און אויך עסן־זאַפּאַסן, טראָץ די פאַרבאָטן מצד דער סאָוועטן־מאַכט, האָט זיך יעדערער אָנגעגרייט, אונטער די קלאַנגען אַז מען וועט שפּעטער איינפירן אַ קאַרטן־סיסטעם.

אַזוי האָט, ביים דייטשן־אַריינמאַרש, זיך געפונען אין די יידישע היימען גענוגענדע זאַפּאַסן פון אַלץ, אַז טראָץ די פּלינדערונגען און רויבערייען, אין די ערשטע פיר פּאָגראָם־וואָכן, האָבן דאָך אַ טייל יידן געראַטעוועט טיילווייז זייערע זאַכן, און דערמיט אַריין אין געטאָ.

אויך איז אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג, ביז זעקס טויזנט, דאָך שוין געווען אומגעבראַכט, ביים באַשטימען דאָס געטאָ, (1) האָבן די משפּחה־אַנגעהעריקע מיטגענומען אין געטאָ די זאַכן, פון די „צו אַרבעט אַרויסגעפירטע". (קיינער האָט דאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבן, אַז די פון טורמע און פון די בתּי־מדרשים זיינען שוין דערמאָרדעט).

*

אין די 3 טעג, וואָס די קאָמיסיעס זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער, באַשטימענדיק מי לחיים ומי למות, האָבן די וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן צו גיין אין געטאָ געקענט מיטנעמען פאָלגנדע זאַכן; פראָ פערזאָן:

3 פּאָר וועש; 2 אָנציגער (פרויען: 2 קליידער); 2 פּאָר שיך; 1 מאַנטל; 2 לאַקנס; 1 קישן; אַ בעט, אַ שטול; קיך־געשיר; 3 מעטער האָלץ; אַ קוואַנטום שפּייז־פּראָדוקטן, אויף אומגעפער 1 וואָך.

אַלע אַנדערע זאַכן האָט געמוזט בלייבן פאַר די ליטווינער. (ווערטפולע זאַכן פלעגט די קאָמיסיע, די ליטווינער פּאָליציי און אַנדערע באַאַמטע צונעמען פאַר זיך, פּשוט גנבענען).

אָבער אין ערשטן טאָג, ביים אויפמאַכן דאָס געטאָ, איז נאָך ניט געשטאַנען קיין פּאָליציי ביים געטאָ־טויער און אויך אין די אַנדערע צוויי טעג האָט די פּאָליציי זיך געקענט שווער אָרי'ענטירן אין די פורן, וואָס זיינען געפאָרן הין און צוריק; די דראָטן אַרום די צוויי אָנגעצייכנטע געטאָ־ראַיאָנען זיינען נאָך אויך ניט געווען אינגאַנצן אויפגעשטעלט (יידן האָבן אַליין אַרומגעצוימט דאָס געטאָ), האָט מען אַריינגעפירט אַלץ וואָס האָט זיך נאָר געלאָזן אַרויסכאַפּן פון די הייזער.

אין די מערסטע פאַלן איז אַזוי גיך ווי מען האָט נאָר אַרויס־געפירט די ערשטע פור זאַכן האָט מען ביים קומען אַ צווייטן מאָל

---

(1) אין שאַוול זיינען געווען ביים קריג־אויסברוך צען טויזנט יידן. אין געטאָ זיינען געווען פיר טויזנט אַכט הונדערט — אָבער דאָס שוין מיט די צירקאָ טויזנט יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך, אויף אַזאַ אָדער אַנדער וועג, געראַטעוועט פון די דאָרטיקע שחיטות.

שוין גאָרניט געפונען, אָדער די שכנישע קריסטן זיינען שוין געווען אין שטוב און ניט געלאָזט מער אַרויספירן. דאָך האָט מען אין דער ערשטער צייט געהאַט גענוג עסן, פון דעם וואָס מען האָט אַרייַנגעפירט מיט זיך מעל קאַרטאָפל, געטריקנטע סוכאַרעס. (גלייך ווי דער קריג איז אויסגעבראָכן האָט מען אָנגעפאַנגען טריקענען ברויט, זיך צוגרייטן זאַפּאַסן). די נאָך געראַטעוועטע ווערטפולערע זאַכן האָט מען אין געטאָ תיכף פאַרשטעקט, באַהאַלטן, פאַרגראָבן.

אַ גרויסער טייל איז אָבער אַריין אין געטאָ בעירום והוסר כל: די וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די שחיטות אין פּראָווינץ; די וואָס זיינען אַרויס פון טורמע גלייך אין געטאָ אַריין, און זייערע משפחות האָט מען דערווייל אויסגעמאָרדעט אין שטאָט; די וואָס זיינען אויסגערויבט געוואָרן אין די פיר פּאָגראָם-וואָכן ביזן לעצטן פּאָדעם.

נאָר אויך די זאַפּאַסן האָבן זיך אָנגעפאַנגען גאָר גיך ענדיקן און אין געטאָ האָט זיך אַרייַנגעריסן אַ שרייַיקער הונגער.

קאָאָפּעראַטיוון:

אין די לעצטע וואָכן פאַר דער שאַפונג פון געטאָ, זיינען פאַר יידן געווען אָנגעוויזן צוויי קריסטלעכע שפּייַז-געשעפטן, וו מען האָט געקראָגן אַ שטיקל ברויט. אין דער ריי ביי די דאָזיקע געשעפטן פלעגן שטיין מייסטן קינדער, ווי מיר האָבן שוין דערציילט: די גרויסע פלעגן מורא האָבן, ווייל פון די רייען פלעגט מען כאַפּן אויף אַרבעט פון וועלכע מען פלעגט מער ניט צוריקקומען. מיט דער שאַפונג פון געטאָ האָט מען געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיוו אין געטאָ גופא. (אין די ערשטע 2 טעג האָט מען געמעגט אַרויסגיין קויפן אין דעם ערשטן צום געטאָ קריסטלעכן געשעפט). דער קאָאָפּעראַטיוו האָט אַרויסגעגעבן לעבנס-מיטל-קאַרטן, אויף וועלכע מען פלעגט קריגן יעדן טאָג צוויי הונדערט גראַם ברויט, (שפּעטער אַלץ מער פאַרקלענערט, ביז נייַנציק גראַם). אַרבעטער אויף גאָר שווערע קאָמאַנדעס האָבן געקראָגן צוזעצלעך דריי ביז פיר פּאַכיק. (דאָס האָבן אָבער די דייטשן ניט געטאָרט וויסן, דאָס האָט געגעבן דער יידישער אַרבעטס-אַמט). פון צייט צו צייט האָט דער קאָאָפּעראַטיוו אויך

אַרויסגעגעבן אַ ביסל מעל, צו הונדערט גראַם פלייש (דערפון אַ העלפט פערדן־פלייש), קאַרטאָפל און גרינסן (זייער זעלטן).

די דאָזיקע צוטיילונג איז געווען צו ווייניק צו לעבן, אָבער ניט צופיל צום שטאַרבן. עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען באַווייזן הונגער־געשוואָלענע, באַזונדערס אונטער קינדער.

שנאָרן:

די רעוויזיעס ביים טויער זיינען געווען גרונטיקע און גרויליקע. פאַרקויפן זאַכן אין שטאָט איז אויך שווער געווען. די קריסטן האָבן געהאַט גענוג אָנגערויבטע יידישע האָב און גוטס. וואָס זיי האָבן געוואָלט איז געווען: זייגערס, גאָלד, בריליאַנטן. דאָס האָבן ניט פיל געהאַט. און אויך די וואָס האָבן דאָס פאַרמאָגט האָבן ניט געוואָלט שוין אַוועקגעבן. מען האָט דערזען, אַז דער קריג, וואָס מען האָט פריער געגלויבט ער וועט אָט־באַלד זיך ענדיקן פאַרציט זיך און מען האָט דאָך געוווסט, אַז ניט איין מאָל וועט מען נאָך דאַרפן זיך אויסקויפן פון טויט — האָט מען געהאַלטן פאַרשטעקט די ווערט־פולערע זאַכן, דורך וועלכע מען וועט זיך קענען אפשר ראַטעווען, ווי ביים אַריינגיין אין געטאָ.

אין די ערשטע געטאָ־מאָנאַטן פלעגט אַיעדער פרימאָרגן מעגן אַרויספאָרן אַ פור פון געטאָ אין די דערבייאיקע דערפער, איינ־קויפן אויף אייגענער האַנט די פאַרן געטאָ באַשטימטע ראַציאָן קאַרטאָפל און מעל. פלעגן די פּראָדוקטן־איינקויפער מיטנעמען אויסצובייטן זאַכן אין די דערפער. שטילן דעם הונגער פון די 4.800 מענטשן האָבן זיי ניט געקענט און דער הונגער האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט.

מענטשן מיט אַ שוואַכן כבוד־געפיל און טאַקע ביי שווערע אַרבעט האָבן אָנגעפאַנגען שנאָרן. בשעת דער אַרבעט, אויסערן שטאָט, זיך אַריינכאַפּן אין די דערבייאיקע פּויערים־הייזלעך, מיט אָדער אָן דער דערלויבעניש פון אַרבעטס־אויפזעער, און קריגן אָפט אַ טעלער זופּ, אַ שטיקל ברויט און אויך אַמאָל אַ פּאָר קאַר־טאָפל אויף אַהיים. אויפן געטאָ לשון האָט עס געהייסן פשוט: גיין אויף שנאָריטע. אָפט האָט מען געהערט:

— ביסט געווען אויף שנאַריטע?

האָסט געהאַט אַ גוטע שנאַריטע?*)

דאָס שנאָרן איז נאָך טראַגישער געווען, וואָס מען איז גע־גאַנגען ביי באַקאַנטע פויערים, ביי אַזעלכע ווו מען האָט געלאָזן זאַכן לפקדון, ביים אַריינגיין אין געטאָ. זעלטן ווען אַזאַ קריסט פלעגט אויפנעמען דעם „שנאָרער" ווי אַן אייגענעם. מייסטן פלעגן די קריסטן, זעענדיק אָנקומען דעם יידן, אַוועקלייגן די נדבה אויפן שוועל און פאַרשליסן די טיר. דער ייד האָט אַפילו ניט געהאַט ביי וועמען זיך צו באַדאַנקען, און דאָס האָט נאָך מער דערנידעריקט.

* * *

דערווייל האָט מען, אונטערן דעק־מאַנטל פון קאָאָפּעראַטיוו, אָנגעפאַנגען אַריינברענגען אין געטאָ גרויסע קוואַנטומס ברויט, מעל און אַרבעס. טיילווייז אונטערקויפענדיק די ליטווישע פּאָליציי, טיילווייז פעלשנדיק די ליפער־שיינען. אין מיל און בעקעריי פלעגט מען שוין שטענדיק קריגן, פאַר גרויסע ספעקולאַטיווע פרייזן, מער־פּאַכיק, ווי ס'איז געווען די צוטיילונג.

אַזוי איז אומלעגאַל, אַ דאַנק דעם קאָאָפּעראַטיוו, טיילווייז גע־שטילט געוואָרן דער הונגער.**)

פרילינג 1942 האָט אַ קאָלאָנע פון 100 מאַן געאַרבעט ביים עפענען קאַרטאָפל־גריבער, אין וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אַ סך

* * *

*) די געטאָ־דיכטערין חנה כייטין האָט פאַרפאַסט אַ ליד „שנאַריטע", וואָס גרוים און קליין האָט עס געזונגען מיט אַ טאַנגאָ־מעלאָדיע. מען האָט געוואָלט אויסלאַכן, אַריבערזינגען און פאַר־זינגען די אייגענע טראַגישע געפאַלנקייט.

**) זאָל דאָ דערמאָנט ווערן משה דאָבקין, וועלכער האָט ריזיקירט דאָס לעבן, אַריינפירנדיק, אָן איינגן־נוצן, אַ פור אַרבעס. מען האָט אים געכאַפּט און ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו תליה. איז אָבער אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. אומגעקומען שפּע־טער פון הונגער, אין קאָנצענטראַציע לאַגער מילדאָרף, ביי דאַכאַו.

פֿאַרפֿוילטע. די ייִדן האָבן אויך גערדאַרפֿט סאָרטירן די קאַרטאָפֿל אין גוטע, האַלב=גוטע און גאָר שלעכטע. די ערשטע איז געגאַנגען פֿאַרן פֿראָנט און פֿאַר די דײַטשע טרופּן אין שטאָט; די מיטעלע פֿאַר דער שטאָט=באַפֿעלקערונג און די שלעכטע האָבן אָרעמע פּויערים גענומען נעמען פֿאַר זייערע חזירים. האָבן די ייִדן אויסגעפּועלט מען זאָל די פֿאַרפֿוילטע אַוועקגעבן פֿאַרן געטאָ. פֿון אַ צענטנער אַזעלכע קאַרטאָפֿל פּלעגט מען קענען אַרויסקלייבן ביז 4 קילאָ, און דאָס פּלעגט מען אויך נאָר קענען עסן צעריבענע, (אויסקאָכן קניידלעך אָדער באַקן לאַטקעס), די ייִדן פּלעגן אָבער מוזן נעמען דעם גאַנצן צענטנער פֿאַרפֿוילטע אין געטאָ; אָפּקלייבן אויפֿן אַרבעטס=פּלאַץ האָט מען ניט געטאָרט. איז דאָס געטאָ פֿאַרשטונקען געוואָרן פֿון דעם פֿוילעכץ. די דאָקטוירים האָבן זיך אָנגעפּאַנגען באַמיען מען זאָל אָפּשטעלן דאָס אַרײַנלאָזן די „קאַרטאָפֿל“ אין געטאָ, ווײַל ס'האָט געדראָט אַן עפּידעמיע. — נאָר דער הונגער איז שטאַרקער געווען פֿון אַלע מגפֿה=באַוואָרענישן.

אָפֿט פֿלעגט מען זען אָרעמערע מענטשן, וואָס האָבן ניט געקענט קויפֿן אַפֿילו דאָס פֿוילעכץ, און אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך ניט געקענט דערשלאָגן צו קריגן אַ צענטנער פֿאַרפֿוילטע קאַרטאָפֿל, פּלעגן ליגן אויף די גערטנער און צונויפֿזאַמלען דאָס פֿוילעכץ, וואָס מען האָט שוין נאָכן איבערקלייבן אַרויסגעוואָרפֿן.

דאָס אַרײַנפֿירן די קאַרטאָפֿל האָט מען געפּועלט פֿון געביטס=קאָמיסאַר דורכן פֿעלדפֿעבל פֿון ה. פּ. מ. בּ ו ש מ אַ ן. (אַ פּאַרטיי=מאַן און אַ באַרופֿס=סאָלדאַט, נאָר אַ כיטרער און עלטערער דײַטש, וואָס איז צײַטנווײַז גרייט געווען „זײַנע“ ייִדן צו העלפֿן. כאָטש זײַן שטענדיקע טענה איז געווען: מײַן האַנט איז ניט לענגער ווי זי איז, — געמיינט, אַז ער האָט ניט פֿיל צו באַשטימען). צו אָט דעם פֿעלדפֿעבל זײַנען, אין שליחות פֿון עלטסטנראַט, געקומען בערע אַבראַמאָוויטש, (געוועזענער מיטגליד פֿון ליטווישן סיים און אַלטער אַרבעטער=טוער) צוזאַמען מיט א. זאַק, מיטברענגענדיק אַ שיינע מתּנה. (אַ זייגער אָדער אַ לעדער=פּאָרטפֿעל?). זיי האָבן אים געבעטן ער זאָל דערלויבן אַ ביסל אָפּסאָרטירן די קאַרטאָפֿל

און אויך צוגעבן פון די האַלב־גוטע. בושמאַן האָט זיי צוגעזאָגט. גאָר גראָד דעם טאָג איז געקומען אַן אינספּעקציע אויפן קאַרטאָפל־פּלאַץ, געהייסן אויסשיטן צום קאָנטראָל די פּאָר פורן קאַרטאָפּל, וואָס זיינען געווען שוין פאַרלאָרן פאַרן געטאָ.

פון דעם טאָג האָט מען פאַרבאָטן דאָס געבן פאַרן געטאָ אפילו די פאַרפוילטע...

## לאַבערן (גנבה):

אין געטאָ האָט מען עס ניט גערופן גנבה, נאָר לאַבערן — וועלן מיר עס אויך אַזוי רופן.

דאָס לאַבערן איז ניט געווען קיין שאַנדע, פאַרקערט גאָר, אפילו אַ געוויסער שטאָלץ־געפיל, אַ נקמה־טאַט. „די דייטשן צאָלן אונדז ניט פאַר אונדזער אַרבעט — האָט מען זיך געזאָגט — טאָ לאָמיר אַליין זיך באַצאָלן". געווען ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן גע־לאַבערט גרויסע שכירות פון די דייטשן... עס פלעגט פּאַסירן, אַז מען האָט דערפאַר באַצאָלט מיט אונטערגעהאַקטע לונגען און אויך מיטן לעבן. (פרוי וואַרעיעם און אַנדערע פרויען פון דער ה.פ.מ.־קאָלאָנע). דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעשטעלט די געוואַגטע.

ווער ס׳האָט ריזיקירט מיטן לעבן, כדי אויפצוהאַלטן דאָס לעבן און ווער שוין — אום צו קענען הוליען, שיכורן און אַ ר יי נ כ אַ פּ ן פון לעבן. ווער ס׳האָט געלאַבערט אַ לייוונט־זעקל, זיך צו מאַכן אַ בגד דערפון, אָדער אַ שטיקל פּוטער פאַר אַ קינד. און ווער ס׳האָט (אין די לאַגערן פון ה.פמ.), געלאַבערט גאַנצע קאַסטנס ציגאַרעטן, שנאַפּס, קאָניאַק, פלייש, קאָמפּאָטן.

געלאַבערט האָט מען שוין, לעצטנס, כמעט אויף אַלע אַר־בעטס־פּלעצער, אַזוי, צום ביישפּיל, אפילו אין אָ.טע. (אָרגאַני־זאַציע טאָט), ווו עס האָבן געאַרבעט שטענדיק צוויי הונדערט יידן, וואָס די הויפּט־אַרבעט איז באַשטאַנען אין פאַרלייגן וועגן, רעלסן, דורכגראָבן קאַנאַלן, אויך דאָ האָבן איינציקע געפונען מעגלעכקייטן צו לאַבערן — מען פלעגט פאַרקויפן צו די אַרומיקע פויערים נאַפּט, טשוועקעס, ברעטער און אפילו אַרבעטס־מכשירים. פלעגט מען זיך

מאַקע וויצלען: עס זיינען דאָ יידן וואָס אַרבעטן ביי בלאָטע און מאַכן גאָלד, און ווידער אַזעלכע וואָס אַרבעטן ביי גאָלד און מאַכן בלאָטע... (געמיינט די לאָ־יוצלהניקעס אויף גוטע אַרבעטס־פּלעצער).

*

פון שלאַכט־הויז פלעגט מען לאָבערן פלייש, שמאַלץ. שמאַלץ פלעגט מען אַריינטראָגן אין די שטיוול. די קצבים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין „מייסטאַס"־שלאַכט־הויז פלעגן טראָגן גרויסע שטיוול, אין וועמענס שפּיצן עס פלעגט אַריינגיין צו אַ פונט שמאַלץ און מער. דאָס שמאַלץ דורכגעמישט מיט פוס־שוויים פלעגט זיך אַריינ־פאָרמירן אין שטיוול־שפּיץ און די פּאָליציי פלעגט ניט איינפאַלן צו זוכן דאָרט. מיט קישקע פלעגן די קצבים זיך אַרומוויקלען דעם גאַנצן גוף, ווי מיט אַ צווייטע פלייש־שיכט.

ביזן אַריינטראָגן אין געטאָ פלעגט אָפּפאַלן שטיקער אייגענע פלייש, און דאָך האָט מען ריזיקירט.

*

גאָר גרויס און מיט אַ סך ריזיקע פלעגט לאָבערן די באַן־קאָלאָנע. דאָרט האָבן געאַרבעט זיבעציק מאַן און געהאַט אַלע יד־אחת. זיי פלעגן דאָרפן איבערפּאַקן וואַגאָנעס, פלעגן קאַסטנס „צעבראָכן ווערן" אונטער זייערע הענט.

אויף זיי פלעגט מען זאָגן, אַז זיי קלייבן זיך שוין פאַרקויפן אַ לאָקאָמאָטיוו...

לאָבערן פלעגן זיי שנאַפּס, מעדיקאַמענטן, (וואָס פלעגט גיין צום פראָנט). נאָר זייער הויפּט־אַרטיקל איז געווען זאַלץ, און זיי אַליין פלעגן זיך רופן „קאָלאָנע לאָבער די דרוסקע". — דרוסקע איז אין ליטוויש זאַלץ. — ביים אַרויסגאַנגס־טויער אינדערפרי צו דער אַרבעט פלעגן זיי, צוזאַמענרופנדיק זייערע הברים, אַליין שריי־ען: לאָבער די דרוסקעניקעס שטעלט זיך אויף...

אין געטאָ האָט דערפאַר קיינמאָל קיין זאַלץ ניט געפעלט. די באַן־קאָלאָנע פלעגט דאָס ברענגען. זיי פלעגן זיך אָנשיטן פולע הויזן

מיט זאַלץ, פֿאַרבינדנדיק אונטן די קאַלאָשעס. טאָמער אַ קאָנטראָל ביים געטאָ, פֿלעגן זיי נאָר אונטן אָפּבינדן און דאָס זאַלץ פֿלעגט זיך לייכט אַרויסשיטן.

פֿאַרדינט האָבן זיי אָבער ניט פֿון די קליינע קוואַנטומס, וואָס זיי פֿלעגן אַריינברענגען אין געטאָ, נאָר פֿון די גאַנצע פֿורן, וואָס זיי פֿלעגן פֿאַרקויפֿן אין שטאָט, צו די פּויערים אַרום באַן.

*

די אַרבעטער אין פֿרענקל־לעדער־פֿאַבריק האָבן געלאַבערט גאַנצע פֿעלן ווייכע לעדער, צעגאַט, שיך און צודאַטן.

די ווייכע פֿעלן פֿלעגן זיי וויקלען אַרום זיך. זוילן און בינד־זוילן פֿלעגט מען אַריינלייגן אין די שיך.

די פֿרוי מאַלינקער האָט פּאַר עטלעכע פּאָר צעגאַט באַצאָלט מיטן לעבן, בשעת אַן אומדערוואַרטעטע קאָנטראָל.

*

די יידישע פּאָליציי פֿלעגט קריגן מתנות פֿון די אַריינטראָגער און העלפֿן אַריינברענגען.

דאָס לאַבערן איז געווען אָנערקענט און אַ זעלבסטפֿאַר־שטענדלעכקייט מצד דעם יידישן אַרבעטס־אַמט און פּאָליציי. מען פֿלעגט זיך אָפּט דינגען מיט אַרבעטס־אַמט: אונדזער גאַנצע משפּחה גייט אויף אַ „טרוקענעם אָרט“, לאָזט מיר כאָטש ווּ מען קען עפּעס האָבן... און דער אַרבעטס־אַמט פֿלעגט די דאָזיקע טענות אַ סך מאָל אָננעמען.

דאָס לאַבערן איז אַזוי אַריין אין מאָדע, אַזש אין פֿאַרמעסטונג. און דאָך פֿלעגן יידן זיך ווייצלען פֿאַרשעמטע: נאָכן געטאָ וועט זיין אַ מורא אונדז צו לאָזן ווּ אַרבעטן, מען וועט מיינען, אַז מען מוז לאַבערן...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פֿ ר ו י ע ן זיינען געווען טאַ־פּפֿערער און געקענט די מלאכה פֿון לאַבערן מער ווי מענער.

פֿון די געלאַבערטע זאַכן האָט מען געמאַכט נייע מאָדעס אין געטאָ. אַזוי האָט מען איין צייט געבראַכט אין געטאָ זייער פֿיל

קאָפּ=שיצער. דאָס זיינען געווען דינע, פּיין=געשטריקטע זעקעלעך,
מיט דריי אויסגעהאַפּטענע לעכלעך, וואָס זיינען באַשטימט געווען
פאַר דער דייטשער אַרמיי אויפן רוסישן פראָנט. די סאָלדאַטן
פלעגן דאָס אַריבערציען איבערן קאָפּ, צו שיצן פון פראָסט.
אין געטאָ האָט מען דערפון געמאַכט שיינע בלוזקעס, יאַקלעך,
פרויען=קליידער, רעטוזן און הענטשקעס.

אַ גרויסע צאָל מעל=זעק איז געווען פון אַן איידעלן געוועב,
האַלב לייוונט, האַלב זיידן. האָט מען זיי מאַסנהאַפט געלאַבערט,
געפאָרבן און געמאַכט דערפון ספּאָרט=קליידער, הויזן, רעקלעך,
כאַלאַטן און אַפילו מאַנטלען.

פון סאָלדאַטן=דעקעס און פוטער פון ווינטערדיקע שינעלן
(געלאַבערט אין שניידעריי פון ה.ב.א., ווו ס'האָבן געאַרבעט טויזנט
פרויען און פינף הונדערט מענער) האָט מען געמאַכט מאַנטלען
און ספּאָרט=בלוזן.

דאָס געיעג צו לאַבערן, דער קאַמף פאַרן ביסן און קלייד האָט
אַריינגעוואָרפן ווי אין אַ געווירבל; פאַרהאַוועט אין געיעג פאַרן טאָג=
לעבן האָט מען געהיט דעם אַרבעטס=פּלאַץ (דעם גוטן) און אַזוי
לאַנג געלאַבערט צום לעבן, דורך קלעפּ און קרבנות, ביז מען האָט
דאָס לעבן פאַרשפּילט.

## סאָציאַלע קיכן און הילף

דאָס לאַבערן האָט דאָך, ווי אַקטיוו דאָס איז ניט געטאָן גע=
וואָרן, ניט געקענט באַשפּייזן דאָס גאַנצע געטאָ. דאָס לאַבערן האָט
פאַרמינערט די צאָל הונגעריקע. ביז 1000 מענטשן האָבן זיך די=
רעקט און אומדירעקט דערפון גענערט. אָבער דער גרעסטער טייל
האָט ניט געקענט, ניט געוואַגט, מורא געהאַט צו ריזיקירן דאָס לעבן,
וואָס איז דאָך אין געטאָ געהאַלטן געוואָרן אַזוי טייער. האָט מען
געשאַפן צוויי סאָציאַלע קיכן, אין ביידע געטאָ=ראַיאָנען. די קיכן
פלעגן אַרויסגעבן נאָר מיטאָג=זופּ. די נאַרהאַפטיקייט פון די זופּן
איז אָפּהענגיק געווען פון דעם וויפל פּראָדוקטן דער קאָאָפּעראַטיוו
פלעגט קענען אַריינשמוגלען אין געטאָ.

אַ סך מי און ענערגיע ביים אויפשטעלן די קיך אין קאַוו־קאַזער געטאָ־ראַיאָן האָט אָפּגעגעבן ב י ר נ ע ר (אומגעקומען אין לאַגער שטוטהאָף) און אין טראָקוער געטאָ־ראַיאָן האָט אויפגע־שטעלט די קיך ש ל א מ א ו י ט ש. דער האָט אויך אויפגעשטעלט די סאָציאַלע הילף ביים עלטסטנראַט. אַליין פּלעגט שלאמאוויטש אַרומקריכן איבער בוידעמער, צוזאַמענזוכנדיק אַלטע קליידער און וועש, וועלכע ער פלעגט לאָזן צורעכטמאַכן אין געטאָ־שניידעריי און עס אָפּגעבן די נויטבאַדערפטיקע. פאַר זיין אַרבעט איז ער זייער געאַכט און גדאַנקט געוואָרן פון דער גאַנצער געטאָ־באַפעלקערונג. (אומגעקומען אין גאַז־קאַמער אין שטוטהאָף).

*

אָקטאָבער 1942, דעם ערשטן ווינטער אין געטאָ, האָט דער עלטסטנראַט מיר געבעטן אָנשרייבן אַן אויפרוף צו דער באַפעל־קערונג, מען זאָל געבן שיך און קליידער פאַר די נויטבאַדערפטיקע. איך האָב דעם אויפרוף געשריבן מיט אַ טיף אינערלעכן ציטער, ווי אַ הייליקייט וואָלט געלעגן אין די ווערטער — די ערשטע געשריבענע ווערטער צום געטאָ־ציבור. דער אויפרוף האָט זיך געענדיקט: —

„געטאָ־יידן! דווקא אין טאָל פון טויט און טרערן, אין געטאָ, וועלן מיר באַווייזן אונדזער געבונדענקייט פון ייד צו ייד — — איינער וועט ניט גיין באָרפוס, אַזוי לאַנג ווי אַ צווייטער פון אונדז וועט נאָך האָבן צוויי פאָר שיך; איינער וועט ניט גיין אָן אַ מאַנטל — אויב ביים צווייטן וועלן זיין צוויי — מיר וועלן זיך טיילן מיט אונדזער ברויט און קלייד און צוזאַמען טיילן אונדזער גורל“.

דאָס איז געווען דער ערשטער אויפרוף, די ערשטע עפנטלעכע ווענדונג צום געטאָ־פאָלק.

אַלע האָבן זיך אָפּגערופן, ברודערלעך, וואַרעם, האַרציק.

צו איייניקע, וועמען מען האָט חושד געווען, אַז זיי האָבן ניט געגעבן געננוג — איז פּאָליציי געגאַנגען קאָנטראָלירן ביי זיי.

די דאָזיקע זאַמלונג האָט ניט געדעקט די נויטיקייט פון שיך. דער מאַנגל אין שיך איז געווען אין געטאָ גרויס. באַזונדערס האָט עס געפילט דער אַעראָדראָם־קאָלאָנע, וואָס פלעגט דורכמאַכן יעדן

טאָג 12 ביז 15 קילאָמעטער. האָט דער עלטסטנראַט געקראָגן אַ דערלויבעניש אויף אַ גרעסערן קוואַנטום ווייכע אָפּפאַל=לעדער פון דער פרענקל=פאַבריק, פון וועלכע מען האָט געמאַכט קלומפּעס (האָלץ=שיך).

חנה כײַטין האָט באַלד פאַרפאַסט אַ ליד „און די קלומפּעטשקעס שלאָגן פון ווייטן“, מיט דער מעלאָדיע פון „גלעקלעך קלינגען פון ווייטן“. פון ווייט=ווייט פלעגט זיך הערן דער עלנט=מאַרש פון די באַהאָלצטע יידישע אַרעסטאַנטן=פיס.

ביטעניש

דורך די יאָרן געטאָ האָט מען זיך אויסגעלערנט און צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען. מען האָט שוין געקענט אַלע וועגן פון אַרעסטאַנטן=לעבן; ס'האָבן זיך אויסגעשליפן אײַנגעשאַפטן צו קענען איבערכיטרעווען די וועכטער און מען האָט אויך אָנגעשלאָגן געשעפטס=פאַרבינדונגען אין שטאָט. אַ טייל ליטווינער האָבן אויך, נאָך די ערשטע שיכרות=פרייד פון יידישן בלוט, אָנגעפאַנגען אַ גרויס פאַרצווייגטע ספּעקולאַציע — איז וואָס איז ביליקער געווען ווי אויפקויפן יידישע זאַכן, האַנדלען מיטן געטאָ, צושטעלן פאַר זאַכן פּראָדוקטן? — האָבן ליטווינער שוין געפונען וועגן צום געטאָ. עס האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ מסחר. מענטשן האָבן פאַרקויפט, צו ערשט די ווערטיקערע זאַכן און שפּעטער די העמד פון לײַב. אַלץ איז געווען אַן אַרטיקל. די זאַכן פלעגן די ליטווישע ספּעקולאַנטן (מערסטן פרויען) פירן אין דאָרף. דער ליטווישער דאָרף האָט געהאַט איבערגענוג מעל און פּוטער, פלייש, אייער און אַלע דאָרפס=אַרטיקלען. די דייטשן האָבן ראַבירט אין די דערפער; פלעגן זיך אַרײַנרײַסן און אויסשיסן הונדערטער הינער, צונעמען אַלץ וואָס זיי פלעגן געפינען (אָפיציעל, אין נאָמען פון דער מאַכט און סתם אײנצלנע דייטשן). נאָר די פּויערים האָבן זיך גיך אויסגעלערנט צו באַהאַלטן זייערע פּראָדוקטן, פאַרשטעקן, באַגראָבן און פאַרקויפן צו ספּעקולאַנטן, וואָס פלעגן זיי ברענגען יידישע זאַכן.

די פרייזן זײַנען געווען:

5*

פֿאַר אַ נייעם גוטן בעטלאַקן — אַ קילאָ פּוטער. פֿאַר אַ נייעם אַנצוג — האָט איין מענטש געקענט זאַט זיין אַ חודש.

*

ווער עס איז אין געטאָ ניט געווען ניט מיטגעמאַכט אַליין דעם עקשנותדיקן קאַמף קעגן הונגער — דער וועט, נאָך אַלע שילדערונגען, ניט קענען באַגרייפֿן, ווי אַ מענטשן=מאַסע קען זיך דראַפּענען אין געראַנגל קעגן טויט.

*

אַלס קינד פֿלעגט מיר מיין פֿאָטער שטענדיק דערציילן זיינע איבערלעבונגען אין די רעוואָלוציע=יאָרן אין רוסלאַנד; ווי אַזוי טויזנטער מענטשן פֿלעגן שטיין גאַנצע נעכט אין די אָטשערעדן, וואַרטנדיק אויף אַ ביסן ברויט; ווי אין מאָסקווע האָבן טויזנטער געזוכט סקאָרינקעס אויף די מיסט=קאַסטנס.

מיין פֿאָטער פֿלעגט מיר דערציילן און פֿאָרשטעלן די בילדער פֿון הונגער=קאַמף און הונגער=טויט. פֿלעג איך זיך וווּנדערן און פֿרעגן: —

און קיינער איז ניט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד? ווי האָבן זיי געקענט לעבן אין טאָג=טעגלעכן הונגער און שאַנדע?

אין געטאָ פֿלעג איך אָפֿט טראַכטן פֿון דעם, ווי קינדעריש עס איז געווען מיין וווּנדערונג, זעענדיק זיך אַליין אין ווילדן קאָראָהאָד פֿון בלוטיקן קאַמף קעגן הונגער=טויט, און זיך ראַנגלענדיק קעגן אים דורך יסורים, באַליידיקונגען און מיט אָפּגעטעמפּטער סבלנות.

אין געטאָ פֿלעג איך אָפֿט טראַכטן וועגן דעם. און נאָך אָפֿטער זייענדיק שפּעטער אין קאָנצענטראַציע=לאַגער, ווו דער אויגן=אַרויסשטאַרצענדיקער הונגער און דער פֿאַרקראַמפּטער געראַנגל קעגן אים איז געווען גאָר אָן פֿאַרגלייך צום געטאָ — און צוזאַמען מיטן הונגער דער אָן ערך פֿאַרשטאַרקטער קאַמף צום לעבן.

ביזן קאָנצענטראַציע=לאַגער, אַפֿילו אין געטאָ, האָב איך נאָך ניט געוווּסט ווי טייער עס ווערט דאָס לעבן אין אָנבליק פֿון אָפֿענעם טויט.

# וואָס האָט מען אין געטאָ געגעסן

אין געטאָ האָט מען געגעסן אַלץ. נאָר געווען געגוג איינגעוויינער וואָס האָבן אויסגעהיט כשרות.

פערדן־פלייש איז געווען אַ לוקסוס. אין די ערשטע צייט פלעגן יידן וויצלען, נאָך אַ פערדן־פלייש מיטאָג, אַרומגיין הירזשענדיק, געוואָלט אילוסטרירן, אַז דאָס פערד הירזשעט פון זיי אַרויס...

אַרבעס איז געווען, צוליב דער נאַרהאַפטיקייט, אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל און מען פלעגט מאַכן דערפון פאַרשיידענע געריכטן.

אין ערשטן ווינטער פלעגט מען אין אַ סך היימען קאָכן „חלהבוזע" (אַ בוזע אָדער פוזע מיינט עפּעס אַ בויך פול וואַסער. בוזע מיינט אויך אַ צוזאַמענמישעכץ). חלהבוזע איז געווען אַ שיטערע זופּ אין וועלכער עס האָט זיך געפונען אַ גרויפּ, אַ פאַרפּוילט קאַרטאָפל, אַ מערל, אַן אַרבעס, אַלץ צוזאַמען. (מייסטנס אין גרעסערע משפּחות, ווו יעדערער פלעגט ברענגען פון דער אַרבעט עפּעס, פלעגט די פרוי און מוטער דאָס אַלץ צוזאַמענקאָכן, „צו פאַרשטאָפּן דעם הונגער די מויל") אין דער חלהבוזע האָט מען אויך אַריינגעלייגט שטיקלעך ברויט, וואָס פלעגן געבן די זופּ אַ ברוינעם פאַרב. (אין קאַצעט האָבן די לאָדזער יידן געבראַכט די פּאָטראַווע פון אויסקאָכן הונדערט גראַם אָדער ווייניקער ברויט אין אַ ליטער וואַסער. גערופן האָבן זיי עס פּשוט: ברויט־זופּ).

באַלעבאָסטעס, וואָס פלעגן ניט גיין אויף אַרבעט, און אין דער ערשטער צייט זיינען פרויען פון גרויסע משפּחות ניט געווען געצווונגען צו גיין אויף אַרבעט, פלעגן זיי זיך באַמיען, פון די זעלבע אָרעמע פּראָדוקטן מאַכן געריכטן, מאכלים, צום אָפּנאַרן דאָס אויג; מאַכן שוועמלעך פון בוריקעס; געהאַקטע הערינג פון קרויט און באַשיטן מיט צעריבענע מערן, אָנשטאָט איי־געלכל; קרויט־קאָטלעטן; בוריקעס אין זיס און זויער אָנשטאָט הערינג; זיס־וואַסער אַלס קאָמפּאָט (געזיסט מיט סאַכאַרין, וואָס מען האָט אין געטאָ אַ סך באַנוצט און פאַרפאַרבן מיט מאַלינע אָדער קאַרשן־סאָק, וואָס מען האָט נאָך אַריינגעפירט אין געטאָ).

געשיקטע באַלעבאָסטעס האָבן זיך באַמיט, אַז זייער טיש זאָל זיין זאָרגפעליק סערווירט — מיט אַ ווייס טישטוך, מיט די זעלבע עס־געשיר ווי אין שטאָט, מיט סאַלפעטקעלעך און יעדער זאָל האָבן זיין שטענדיק אָרט ביים טיש. דאָס אַלץ האָט אַ סך געהאָלפן ברעכן דעם פּסיכאָלאָגישן הונגער, וואָס איז געווען דער שטענדיקער באַ־גלייטער פון פאַקטישן הונגער.

*

ביי אונדז אין שטוב האָט מען, איין צייט, געשטיקט אין זיך דעם הונגער און אים פּסיכאָלאָגיש אינגאַנצן צעבראָכן. נאָר מיין רעכטער פוס האָט זיך פאַרעקשנט, זיך ניט געלאָזט אָפּנאַרן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ געשוואָלענעם געלעכטער, פון אַלע די שכלדיק־פּסיכאָלאָגישע איינווירקונגען אויף איר...

# דירות

יעדער איינער האָט אין געטאָ נאָר געוואָלט איינהאַלטן מיט די לעצטע מיטלען דעם איינדרוק פון היימישקייט, אויפהאַלטן דאָס פאַמיליע־לעבן, די אינדיווידועלע משפּחהדיקייט, זיך ניט גע־לאָזט פאַרוואַנדלען אין אַ לאַגער מענטשן, וואָס טראָגט אָנגעבונדן זיין עס־שיסל אויפן זייט, די לעפל פאַרשטופּט אין כאַליאַווע און שלאָפט אויף געמיינזאַמע נאַרעס. מען האָט אַדורכגעצווימט די שטיבער. יעדער האָט אָפּגעצווימט, מיט לאַקנס און פאַרהאַנגען די פּאָר מעטער, וואָס האָט אים געהערט. די צימערן פלעגן אויסזען ווי סצענעס, פאָרהאַנגען פלעגן זיך עפענען און פאַרציען. באַלעבאָס־טעס האָבן זיך באַמיט אויספּוצן זייער ווינקעל, דעם קליינעם משפּחה־נעסט, מאַכן אַנגענעם, געמיטלעך די ענגע ד' אמות.

געווען הייזער וווּ ס'האָבן געלעבט פיר און מער משפּחות צו־זאַמען, געפירט איין קיך. די שלאָף־געלעגערס זיינען אָבער דאָך געווען מיט פאָרהאַנגען פאַרצויגן און ביינאַכט האָט יעדער געהאַט זיין פאַמיליע־צימער. גרויסע צימערן פלעגן אויסזען ווי פאַרוואָרפן מיט אַ נעץ טעלעפאָן־דראָטן. דורך דער לענג און ברייט פון שטוב פלעגן זיך קונציק קרייצן דראָטן אָדער שטריקלעך, אויף וועלכע

עס זײַנען געפֿירט געוואָרן די פֿאַרהאַנגען. דאָס איז אויך געווען די צניעות פֿון יידישן משפּחה־לעבן.

מיידלעך, וואָס האָבן געהאַט התנים און געליבטע פֿלעגן קוקציק אַרומצווימען זייער בעטל אָדער נאַרע און, אַזוי אַרום, זיך שאַפֿן אַ קליינעם בודואַר, אַן אינטימען ווינקעלע.

די בעטן פֿלעגן בייטאָג פֿאַרבעט ווערן ווי סאָפֿעס. גיט זעלטן פֿלעגן אין די אָוונטן זיך פֿאַרזאַמלען יוגנטלעכע אין אַזאַ אָפּגע־צווימטן ווינקעל, זיך צוזעצן אויף דער „סאָפֿע" און פֿאַרציען אַ ניגון, צעפֿלאַמען דיסקוסיעס און פֿאַרטרייבן מיט גוואַלד די אומ־זיכטסלאָזיקייט.

אַריינגייענדיק אין אַ שטוב צו גאַסט פֿלעגט מען אָפֿט הערן: —

קומט אויך אַריין צו מיר... דאָס האָט געמיינט הינטער יענעמס אָפּצוים.

צוליב דער ענגקייט האָבן אַ סך אויפֿגעשטעלט טאַפּלט־נאַרעס, אָדער אנשרויפֿן איין בעט אויף דער צווייטער. די מערסטע צאָל געלעגערס פֿלעגן באַגינען אַרויסגעטראָגן ווערן אויפֿן הויף. ביים זיך לייגן שלאָפֿן איז זעלטן געווען אַ מעגלעכקייט צו שטעלן אַ פֿרייען שפּאַן. אויפֿשטיין פֿלעגט מען מוזן מיט אַ סדר — צוערשט דער וואָס פֿלעגט שלאָפֿן ביים טיר.

די געטאָ־היימען זייַנען געווען זויבער. פֿון ענגקייט האָבן זיך אָבער אָנגעפּאַנגען פֿלאָדן וואַנצן. נאָר די באַלעבאָסטעס פֿלעגן זיי ברענען און בראָטן אָן רחמנות.

די הויפּט צרות זייַנען געווען אין קיכן, ביים פּליט. אין אַ שטוב פֿון צוואַנציק פּערזאָן — פֿיר ביז אַכט באַלעבאָסטעס אויף איין פּליט. און אַלע האָבן דאָך געוואָלט קאָכן דווקא אין איין צייט, ווען דער מאַן מיט די קינדער קומען פֿון דער אַרבעט. פֿלעגן גאָר אָפֿט אַרויס־קומען סקאַנדאַלן, קריגערייען צוליבן קיך.

מיט דער צייט איז אויך דאָס פּראָבלעם געלייזט געוואָרן. באַלעבאָסטעס האָבן זיך איינגעשטעלט, אַן עצה געגעבן, מיט גוטן דורכגעקומען.

די דייטשן פלעגן, פון צייט־צו־צייט, אַרויסטרייסן אַ פּאָר הייזער פון געטאָ־ראַיאָן, מאַכן קלענער דאָס געטאָ. פלעגט מען תיכף איינקוואַטירן די אָן־דירות געבליבענע. נאָר ניט זאָגן און זיך באַ־קלאָגן פאַר די דייטשן, אַז עס איז ענג. ווייל זיי האָבן נאָר אויסגע־וואַרט אויף דעם, כדי גלייך „באַקוועמער" צו מאַכן — אַרויספירן, אויסזידלען, דערמאָרדן.

צוליבן זעלבן טעם האָט מען אויפגעפּאַסט די וווינונגען זאָלן זיין וואָס זויבערער, ווייניקער בעטן, ווייניקער אָנגעשטעלט, ניט מאַכן דעם איינדרוק פון ענגקייט און וואָס ווייניקער געדיכטקייטן פון מענטשן אויף די געטאָ־געסלעך — די דייטשן זאָלן ניט „מורא" האָבן פאַר אַן עפּידעמיע פון געטאָ.

דער דאָקטאָר בורשטיין, אַ דייטשער ייד, האָט איינ־מאָל, בשעת אַן איבערזידלונג, ניט האָבנדיק אַזאַ צימער ווי ער האָט געוואָלט, זיך דערלויבט אַ סטראַשע צו טאָן, אַז ער וועט זיך באַקלאָגן פאַר די דייטשן, ווייל אַלס אַרצט קומט אים אַן ענטש־פּרעכנדע וווינונג. (ער האָט געהאַט ביי די דייטשן אַ שטיקל פּראָ־טעקציע). דער עלטסטנראַט און די געטאָ־באַפעלקערונג האָט די סטראַשונעק קיינמאָל ניט פאַרגעסן און זיך באַצויגן צו ד"ר בורשטיין מיט חשד און פאַראַכטונג.

געווען טיפן, געציילטע, פון דער אונטערוועלט און פון דער „אויבערוועלט", וואָס נאָר די שטאַרקע אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע מאָראַל האָט געהאַלטן אין צוים זייערע ענגהאַרציקע, סנאָביסטיש־פאַרדאָרבענע גלוסטענישן.

## באַהייצונג און באַלויכטונג

אין שאַוועל איז ניט געווען קיין צענטראַל־הייצונג און יידן, בעלי־בתים, פלעגן האָבן אָנגעגרייט שטאַלן האָלץ, פון איין יאָר אויפן צווייטן. האָבן אַזעלכע אַריינגעפירט אין געטאָ גענוג האָלץ. דער גרעסטער טייל האָט אָבער ניט געהאַט קיין אָנגעגרייטע, אָדער ניט געהאַט קיין פורן, ביים אַריינגיין אין געטאָ.

דער ווינטער איז אָנגעפאַלן אַ פראָסטיקער און די דייטשן האָבן ניט געלאָזט אַריינטראָגן קיין שפענדל. האָט מען אָנגעפאַנגען ברעכן פליינקענער. ביינאַכט פלעגט מען הערן שטילע קרעכצעס, פון זיך ברעכנדיקע פאַרקאַנעם. האָבן די גויים, וועמענס די געטאָ-הייזלעך זיינען געווען, דערזען דורך די געטאָ-דראָטן די פלאַנקנלאָזע גערטנער און אַוועק מיט דעלעגאַציעס זיך באַקלאָגן צו דער שטאָטפאַרוואַלטונג. (וואָס זיי האָבן געמאַכט פון די יידישע הייזער אין שטאָט, אין וועלכע זיי האָבן זיך אַריינגעקליבן — פאַרשמוצט און צעבראָכן — דאָס האָבן יידן זיך דאָך ניט געקענט באַקלאָגן). איז דער עלטסטנראַט געצוווּנגען געוואָרן אַרויסצוגעבן שטרענגע פאַראָרדע:ונגען און שטראָפן פאַרן ברעכן די פליינקענער. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן. דער פראָסט איז שטאַרקער געווען ווי די שרעק פאַר דער שטראָף. פאָליציי פלעגט ביינאַכט ליגן פאַרשטעקט הינטער פאַרקאַנעם, אָפוואַרטן ווער עס וועט קומען עס איינברעכן — פלעגט ניט זעלטן פאַלן אַ גאַנצער פאַרקאַן אויף זיי.

צוערשט האָט זיך יעדערער באַמיט צו רייסן אַ פרעמדן פאַרקאַן, ווייל די פאָליציי פלעגט דאַן מאַכן רעוויזיעס אין די צום אָפגעבראָכענעם פאַרקאַן נאָענטע הייזער. שפעטער האָט מען שוין געבראַכן די אייגענע, מיט גאַרניט זיך גערעכנט, אבי דערוואַרעמען דעם פאַרפרוירענעם גוף.

דאָס אָפברעכן די פאַרצוימונגען האָט זיך שפעטער אַרויסגעוויזן אַלס גוטע סטראַטעגיע גאָר, צום נוצן פון געטאָ: אין צייטן פון רעוויזיעס פלעגט מען זיך לייכט באַוועגן פון איין הויז צו דער צווייטער, איבערטראָגן זאַכן אין שוין דורכגעזוכטע הייזער, זיך ראַטעווען לייכטער פון כאַפעניש. דאָס גאַנצע געטאָ איז געוואָרן נאָענטער, היימישער — אָן פאַרצוימונגען...

די פאַרקאַנעם זיינען גיך פאַרברענט געוואָרן און דער ווינטער איז ערשט געווען אין זיין צעבלי.

די דייטשן האָבן דערווייל געגעבן אַ האָלץ-צוטיילונג, וואָס די יידן האָבן געמוזט אַליין אַרויספירן פון וואַלד. מיט דער אַרבעט

האָט אָנגעפירט ס א ר פ א נ א וו י ט ש און דערביי געלאָזן זיין לעבן, אַראָפּפאַלנדיק פון אַן אויטאָ האָלץ.

דעם טאָג אין וועלכן מען פלעגט אַריינפירן די פּאָר מעטערס האָלץ אין געטאָ פלעגן מענטשן זיך שלאָגן, זידלען, זיך שטופּן אין די לאַנגע רייען נאָך די פּאָר שייטלעך האָלץ.

דעם צווייטן ווינטער איז די האָלץ־פראַגע געווען אַ סך אַ לייכטערע. ערשטנס האָבן די דייטשן, זומער שוין, דערלויבט אויס־האַקן אַ שטיק וואַלד. זיינען אַלע געטאָ־מענער געפאָרן צוויי זונטיקן אין וואַלד און אָנגעגרייט האָלץ פאַרן ווינטער.

דעם צווייטן ווינטער איז אויך דערלויבט געוואָרן אַריינצו־טראָגן האָלץ פון אַרבעטס־פּלאַץ, אויף זיך, וויפל כוחות יעדער האָט געהאַט. זיינען געווען אַזעלכע וואָס פלעגן שלעפּן, זיך ברעכנ־דיק אונטער דער משא, אַ פערטל מעטער האָלץ אויפן פּלייצע, 5 און 6 קמ.

אַ גרויסע קאָלאָנע יידן האָבן געאַרבעט אין „שטראלא“, אַ פאַבריק וואָס האָט געזעגט האָלץ פאַר די גאַז־גענעראַטאָרן, פלעגט זייער לאַבער־אַרטיקל זיין האָלץ. האָלץ האָט מען געקענט אין געטאָ לייכט פאַרקויפן, אָדער אויסבייטן אויף פּראָדוקטן.

די הונדערטער יידן וואָס האָבן געאַרבעט אַרום די באַן־רעלסן פלעגן ברענגען גאַנצע באַן־שוועלן.

מען האָט זיך געקליגט ארומצובינדן דאָס האָלץ אויף די פּליי־צעס אַזוי אַז ס'זאָל לייכטער זיין צום טראָגן: מען פלעגט צוזאַמענ־בינדן צוויי אָדער פיר האַלבע מעטער האָלץ אין טראָגן איבער די פּלייצעס פאַרוואָרפן, אַ העלפט אויפן ברוסט און אַ העלפט אויפן רוקן, פלעגט די גלייכגעוויכט פאַרלייכטערן די משא. אַז ס'פלעגט זיין גלאַט־גליטשיק פלעגט מען אַרומבינדן די האָלץ מיט אַ שטריק, אָנבינדען עס אָן זיך און שלעפּן ווי אַ שליטל.

דאָס בילד, ווי הונדערטער מענטשן, פאַרפראָרענע, הונגעריקע, צוזאַמענגעבראָכענע שלעפּן יעדערער אויף אַ שטריק אַ שטיק האָלץ — אָט דאָס גרויזאַמע בילד וואַרט אויפן גרויסן מאַלער.

*

אין ביידע געטאָ־ראַיאָנען איז געווען עלעקטרע. (אויסער ווייניקע הייזער). נאָר עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן איבערצופירען דעם צוגעטיילטן קליינעם צאָל קילאָוואַטן. עפּעס אַנוואַרעמען אויף עלעקטרע האָט מען ניט געקענט.

דאָס געלט פאַר עלעקטרע פלעגט אויפמאָנען אַ גוי, דער לייטער פון וווינונגס־אַמט (בוטו סקירוס). ער פלעגט אויך איינמאָנען, דורך די יידישע גאַסן־עלטסטע, די דירה־געלט.

# פּראָדוקציע מלאכה און האַנדל

דער „לכו התפרנסו זה מזה" איז מקוים געוואָרן אין געטאָ. מען האָט געלעבט איינער פון אַנדערן. אמת, מען איז אָנגעקומען צום שטאָט, מען האָט געמוזט אָנקומען צום דאָרף, אָבער יידן האָבן אויך אַליין אויסגענוצט יעדע פרייע שטיקל ערד אַרום די הייזער, פלאַנצנדיק קאַרטאָפל, קרויט, מערן, ציבל, און אויך אַ פּאָר בלומען. אונטער דער אויפזיכט פון גערטנער יעקב סמילג זיינען באַאַרבעט געוואָרן די קהלשע גערטנער, ווי די שטיק ניט באַקברטע בית־עולם־פעלד. סמילג האָט אויף די דאָזיקע קהל־שטחים אַליין אַגריקולטיווירט קרויט און אַנדערע פלאַנצונגען פאַרן גאַנצן געטאָ. עס האָט צייטנווייז אויסגעזען, ווי דאָס געטאָ וויל ווערן אומאפּהענגיק פון שטאָט, אין וואָס עס לאָזט זיך נאָר, און פון דער אַנדער זייט האָט דאָס געטאָ פאַבריצירט און צוגעשטעלט פאַרן שטאָט.

בערשט־פאַבריק:

מען האָט אָנגעפאַנגען אַרבעטן אין שטאָט, באַלד אַריבערגעהויבן די אונטערנעמונג אין געטאָ, צוליב לעבנס־קאַלקולאַציע: זאָלן די בערשטלעך אַרויס דירעקט פון געטאָ און זאָלן די דייטשן זען די יידישע לייסטונגען. אין געטאָ האָבן אויך געקענט זיך באַשעפטיקן מיט דעם פרויען, פון קליינע קינדער, וואָס פלעגן זיך אַריינכאַפּן בשעת דער אַרבעט צו זייערע עופעלעך.

אָנגעפאַנגען אַרבעטן האָט מען מיט ווייניק מענטשן. מען האָט אָבער באַלד אַליין באַזאָרגט דראָט, באַרשטן, האָר, האָלץ — ביז

דאָס פֿאַבריקל האָט שוין באַשעפֿטיקט 150 מענטשן, צום גרעסטן טייל פֿרויען, עלטערע און קראַנקע, וואָס האָבן געהאַט דאָ אַ וואַרעמען אַרבעטס־פּלאַץ מיט יידישע אויפֿזעער.

דאָס פֿאַבריקל האָט זיך אַליין פֿאַרגרעסערט, אַריבער פֿון איין רוים אין אַ צווייטן.

נאָך אַ צופֿעליקן באַזוך פֿון געביטס־קאָמיסאַר — האָט ער פֿאַראָרדנט אַרויסצוהייבן דאָס פֿאַבריקל אין שטאָט און אנשליסן צו ה.פ.מ. נאָר אויך דאַן איז דאָס געבליבן אַן אויטאָנאָמע יידישע אונטערנעמונג.

## לאַבאַראַטאָריע:

אין טראַקאָיער געטאָ־ראַיאָן איז געווען אַ לאַבאַראַטאָריע. פֿון מערעלעך האָט מען דאָ אויסגעאַרבעט סאָק (סיראָפּ) פֿאַרן געטאָ. מען האָט פֿאַבריצירט ציין־פּולווער און פּודער פֿון קרייט, טינט און עמאַלין.

אין לאַבאַראַטאָריע האָבן געאַרבעט עטלעכע אַפּטייקער ווי אויך אינטעליגענטע יידן, וועמען דער עלטסטנראַט האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן פֿון פֿיזישע אַרבעט, וואָס זיי וואָלטן ניט אויסגעהאַלטן און וואָס איז דאָך פֿאַרבונדן געווען מיט קלעפּ און בזיונות. פֿאַר די דייטשן האָט עס אָפֿיציעל געהייסן, אַז מען אַרבעט דאָ אויך אויס מעדיקאַמענטן, פֿון גראָזן און קרייטעכצער, פֿאַר דער געטאָ־אַפּטייק.

*

אין זעלבן רוים האָט זיך אויך געפֿונען די געטאָ־שניידעריי. דאָ האָט מען איבערגעאַרבעט בגדים, פֿון זעק, פֿאַר דער סאָציאַלער הילף.

אין שניידעריי האָבן געאַרבעט און געווען סתם צוגעשריבן, אויסער עטלעכע שטילנדע מוטערס און קראַנקע — די פֿרויען פֿון פּאָליציסטן און אַנדערע באַאַמטע.

## קליינע ווערקשטובן:

אין געטאָ זיינען געווען קליינע ווערקשטובן, שלאָסער, סטאָלער, מויערער, שוסטער, שניידער, מיט אַ צענדליק אַרבעטער און

מער אין יעדערע. זיי האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן און אויך פאַרן געטאָ. אַלע מעבל און אַנדערע באַשטעלונגען פון די דייטשע ממונים אויפן געטאָ פלעגט פינקטלעך און מיט אַ סך מי אויסגעפירט ווערן. די דייטשן האָבן עקספּלאָטירט די ווערקשטובן וויפל זיי האָבן נאָר געקענט, ניט פרעגנדיק פון וואַנעט מען נעמט די רוי־שטאָפן.

*

דער שוסטער קאַפּעליוש איז, אַדאַנק זיינע גוטע אַרבעט, געוואָרן זייער נוצלעך פאַר דער ס״ס. דורך טאָג און נאַכט פלעגט ער אַרבעטן פאַר זיי. זיינע אַרבעטן האָבן זיי געשיקט מתנות פאַר די פרויען און משפחות זייערע אין דייטשלאַנד.

קאַפּעליוש מיט זיין גאַנצע פאַמיליע האָט געהאַט הונדערטער לעבנס־פאַרזיכערונגס־פּאַפּירלעך. אין טאָג פון דער קינדער־אַקציע איז אַ ספּעציעלער דייטשער וואַך־פּאָסטן געשטאַנען און אָפּגעהיט ביי זיין טיר, מען זאָל ניט אַרויספירן די קינדער פון „זייער״ יידן.

*

ס״ס האָט אויך געהאַט איר אייגענעם שניידער. זיי האָט אַפילו ניט געשטערט זיין שיינע באָרד. די איינציקע עפּנטלעכע יידישע באָרד. מיט שינעלן פון אויבערשטורעמפירערס אויפן אָרעם, דווקא מיט אַלע פּאַגאָנעס, טויטן־קעפּ און בענדלעך אויף אַרויף, פלעגט דער שניידער, בערל מושניצקי, זיך שפּאַצירן איבער די גאַסן, טראָגנדיק מיט זיך פאַרשיידענע לעבנסמיטל אונטערן פאַרדעק פון שינעל. דער שינעל איז געווען זיין פּאַנצער. דאַרפנדיק אָפּנעמען עפּעס אין שטאָט, פלעגט ער שטענדיק נעמען אויפן אָרעם אַ שינעל, אָדער כאָטש אַ רעקל, נאָר אַלץ מיטן טויטן קאָפּ אַרויף...

*

אויך אין שטאָט זיינען געווען יידישע ווערקשטובן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן: בורשטין־שלייפער, זייגערמאַכער, גאָלד־שמידן, פוטערקירזשנער, בלעכער, א״א. דאָס זיינען געווען פריוואַטע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ ליטווישן טרוי־הענדלער. די טרוי־הענדלער זיינען געווען געוועזענע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן פריער שוין געהאַט אויסגעמאָרדעט טויזנטער יידן.

אַלע די ווערקשטובּן זיינען געווען אויף איין גאַס — אויף ווארפּו. שפּעטער האָט מען די יידן פון דאָרט אַרויסגעיאָגט. מיט די ווערקשטובּן האָבּן בּאַלעבּאַטעוועט די פריערדיקע טרוי=הענדלער.

*

די בּעלי=מלאכות, וואָס האָבּן געאַרבּעט טיילווייז פאַרן געטאָ, פאַריכטנדיק די האָלץ=שיך, די בּגדים, עלעקטרע. ווינגונגען אאז"וו, די האָט דער אַרבּעטס=אַמט אַרויסגעהאָלפּן צו בּלייבּן, אין געטאָ. זיי אַלע האָבּן גוט פאַרדינט. מלאכה אין געטאָ האָט זיך בּאַצאָלט. אויסערדעם וואָס מען איז געווען אַ בּעל=הבּית פאַר זיך און מען האָט ניט געדאַרפט אויסשטיין די גאַנצע פּיין און ליידן, בּזיונות און טעראָר אויף די אַרבּעטס=פּלעצער. ערשט אין געטאָ האָט מען אָפּגעשאַצט וואָס דאָס מיינט האָבּן אַ מלאכה. דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לערער האָבּן זיך געוואָרפן לערנען כאָטש אַ שטיקל פאַך.

פאַכלייט האָבּן זיך אויך לייכטער איינגעאָרדנט אויף די אַרבּעטס=פּלעצער בּיי די דייטשן, ווייל יעדער גרעסערער אַרבּעטס=פּלאַץ פּלעגט בּאַשעפטיקן איינעם אָדער צוויי בּעלי=מלאכות, פון יעדער צווייג, פאַר זייערע נוצן.

איין צייט האָבּן די בּעלי=מלאכות אין געטאָ געדאַרפט אויסקויפן אַרבּעטס=פּאַטענטן, פון עלטסטנראַט. די פּאַטענטן האָבּן געשיצט און אויסגעהיט די בּאַזיצער, פון געכאַפּט ווערן אויף אַנדערע אַרבּעט.

דאָס בּאַצאָלט פאַר אַרבּעט איז געווען אין געלט אָדער עקוויוואַלענט. אַז ס'פּלעגט ווערן שווערער מיטן אַריינבּרענגען פּראָדוקטן אין געטאָ פלעגן די בּעלי=מלאכות ניט נעמען קיין געלט, און זיי האָבּן גענומען זאַטער צו עסן.

הּאַנדל:

די ערשטע אַנדערהאַלבּן יאָר איז אין געטאָ דערלויבּט געווען צו האָבּן געלט. שפּעטער איז עס פאַרבּאָטן געוואָרן. האָט דער דייטשער אַרבּעטס=אַמט דאַן איינגעפירט אַרבּעטס=לוין. דאָס איז געווען אַ הונגער=געצאָלט. 1.50 מאַרק פאַר מענער און 1.30 מאַרק פאַר פרויען פּראָ טאָג. דאָס האָט אַפילו ניט אויסגעמאַכט אַזוי פיל עס

זאָל דעקן די לעגאַלע הוצאות, ווי קויפן די נאָרמע ברויט אין קאָאָפּעראַטיוו, צאָלן דירה=געלט, פאַר עלעקטרע און אַנדערע אָפיציעלע הוצאות.

פאַרוואָס האָבן די דייטשן איינגעפירט דעם אַרבעטס=לוין?

און אַז זיי וואָלטן ניט געצאָלט ווער וואָלט געמאָנט פון זיי?

גיכער איז דאָס אויך געווען איינער פון זייערע טריקן, צו סימולירן סטאַביליטעט פון געטאָ — והא ראיה מען צאָלט דאָך פאַר דער אַרבעט, מען פירט אַ גענויע בוכהאַלטעריע, פאַר יעדער יידן אַ קאָנטע, איז אַ באַווייז אַז מען וועט בלייבן לעבן, אַז די דייטשן נוימיקן זיך אין יידישן אַרבעטס=קראַפט.

שפּעטער האָט מען אויפגעהערט צאָלן דעם אַרבעטס=לוין. האָט דער עלטסטנראַט אויסגעפּועלט פינף מאַרק פאַר מענער און דריי מאַרק פאַר פרויען פּראָ וואָך. דער עלטסטנראַט האָט זיך משתדל געווען פאַר דעם, כדי יידן זאָלן כאָטש האָבן אַ מינימאַלע מעגלעכקייט פון לעגאַלן געלט=אומזאַץ.

*

אין געטאָ האָט מען געקויפט און פאַרקויפט, געמסחרט.

די געלאַבערטע זאַכן פלעגט מען קענען קויפן אין אַ פּאָר באַשטימטע געטאָ=הייזער. זעלטן ווען די אַריינברענגער אַליין האָבן פאַרקויפט זייער סחורה. זיי האָבן געהאַט קאָמיסיאָנערן און סוחרים, ביי וועמען זיי פלעגן דאָס אָפּזעצן.

לויטן פאַראַנענעם אַרטיקל אויפן „מאַרק“ האָט מען געוווּסט, וואָס מען האָט פאַרלאָדן די טעג אין ה.פ.מ., וועלכע סחורות מען האָט אָפּגעשיקט אָדער ס׳איז אָנגעקומען ה.ב.א., וואָס איז אַדורכגעגאַנגען אויף דער באַן=סטאַציע; וועלכע שיך=מאָדעס מען אַרבעט אויס אין פאַבריק.

דורך די סחורות האָט מען אויך געהאַט אַ לעבעדיקן גרוס פון דער וועלט. צ״ב: אויב ס׳האָבן זיך איינגעפונען מאַראַנצן, איז מייסטן געווען אַ גרוס פון איטאַליע. אויף די פּושקעס און סחורות איז דאָך געווען דער שטעמפּל פון וועלכן לאַנד און שטאָט דאָס קומט — איז דאָס געווען די פאַרבינדונג פון געטאָ מיט דער לעבעדיקער וועלט.

# געזונט־װעזן:

מיטן אַרײַנגײן אין געטאָ האָט מען תיכף געעפֿנט 2 אַמבולאַטאָריעס. אין טראַקאָווער געטאָ־ראַיאָן איז דער שעף פֿון אַמבולאַטאָריע געווען ד״ר בורשטײן. געאַרבעט האָבן דאָרט די דאָקטוירים קאַמבער, װאָלפֿערט, פּיק, פּײנבערג, ראָזנטאַל, גאַנדין, גאָלדבערג, דרויאַן און די צאָן־דאָקטוירים װערבאַלינסקי א״אנד.

אין קאַווקאַזער געטאָ־ראַיאָן איז דער שעף פֿון אַמבולאַטאָריע געווען ד״ר דירעקטאָראָוויטש. און געאַרבעט האָבן די דאָקטוירים לונץ, גאַניאַנסקי, פּאַקטאָר א״אנד. און די צאָן־דאָקטוירים פֿרענקעל־מורשטשיק.

די דאָקטוירים פֿון אַמבולאַטאָריע פֿלעגן אויך באַזוכן קראַנקע אין די הײמען. נאָך דער אַרבעט פֿלעגן שטײן בײַם אַמבולאַטאָריע לאַנגע רײען קראַנקע, פֿון דער אַרבעט צעמזיקטע, אָדער בשעת דער אַרבעט דורך די דײַטשן און ליטווינער צעשלאָגענע.

אין ערשטן װינטער זײַנען געווען הונדערטער פֿאָרונקלאָז קראַנקע. פֿון הונגער אָפּגעשוואַכטע און אויך פֿון ענגשאַפֿט־שמוץ האָט די פֿאַרונקל־קרעץ זיך אַרויסגעכאַפּט אויף די מאָגערע גופים, אַריבערגעטראָגן זיך פֿון אײנעם צום צווייטן, פֿאַרוואַנדלט דאָס געטאָ אין אַ מצורעים־אינדזל. נאָר מיט שווערע פֿאַרונקלען פֿלעגט מען קריגן אַ טאָג אָפּרו פֿון דער אַרבעט. מיט פֿיבער, װײניקער פֿון 38, האָט מען קײן אָפּרו־טאָג ניט געגעבן.

צוזאַמען מיט די אַמבולאַטאָריעס איז געשאַפֿן געוואָרן די אַפּטײק. געאַרבעט האָבן דאָ די פֿאַרמאַצעווטן פֿרוי פּײנבערג, לעוויטאַן כײטין א״אנד.

די אַפּטײק פֿלעגט באַזאָרגן מעדיקאַמענטן פֿאַר די אַמבולאַטאָריעס און אויף רעצעפּטן. די אָפּיציעל צוגעטײלטע מעדיקאַמענטן זײַנען זײער נישטיק געווען. פֿלעגט די אַפּטײק אויפֿקויפֿן געלאַבערטע מעדיקאַמענטן. צו ערשט פֿון די אַפּטײקער װעלכע האָבן געאַרבעט אין שטאָטישן אַפּטײק־מאַגאַזין. שפּעטער אויך פֿון די באַן־אַרבעטער. טײלווײז פֿלעגן אויך אַרויסהעלפֿן די ליטווישע אַפּ־

טייקן. אַ לאַנגע צייט האָט מען געמעגט מאַכן יידישע רעצעפּטן אין שטאָט. פלעגט יעדן פּרימאַרגן דער לערער פּ ר אַ נ ק גיין אין שטאָט לשם ד'עם.

שפּיטאָל:

אין נאָוועמבער 1941 איז געקומען דער באַפעל: אין 24 שעה אַרויסנעמען אַלע יידישע קראַנקע פון די שטאָטישע קראַנקנהייזער. דאָס איז געווען נאָך דעם ווי מען האָט שוין געהערט, אַז אין קאָוונע האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן דעם יידישן קראַנקנהויז, צוזאַמען מיט די קראַנקע און פּערסאָנאַל. האָט מען זיך שוין געריכט, אַז די פאַראָרדענונג צילט אויך דאָ דאָס זעלבע, צוזאַמענגענומען אַלע קראַנ־קע אין איין אָרט, כדי פאַרלייכטערן די דייטשן די אַרבעט. אין די שטאָטישע קראַנקנהייזער זיינען נאָך געלעגן שווערע אינפעק־ציע־קראַנקע. האָט זיך געשטעלט די האַרבע פראַגע: אַריינגעמען די קראַנקע אין געטאָ און שטעלן אפשר אין סכנה דעם גאַנצן געטאָ דורך דעם, אָדער לאָזן די קראַנקע אין שטאָט, צו אַ זיכערער פאַר־ניכטונג? די דאָקטוירים האָבן זיך אויך געספקט, נאָך דער ידיעה פון קאָוונע, צום איבערנעמען די פירונג פון קראַנקנהויז. און דאָך איז באַשלאָסן געוואָרן תיכף צו עפענען אַ שפּיטאָל אין געטאָ, אַרויסנעמען די קראַנקע פון שטאָט. ווו מאַכט מען אָבער דעם שפּי־טאָל, אַז אין געטאָ איז אַזוי ענג?

אין 24 שעה זיינען אַלע קראַנקע אויף טראָג־בעטלעך געבראַכט געוואָרן אין געטאָ און זיינען אָפּגעלייגט געוואָרן אין מהרה־שטיבל, וואָס איז געווען, צוזאַמען מיטן בית־עולם, אַריינגעצוימט אין געטאָ. אָט די מהרה־שטיבל און די הויז פון קברות־מאַן איז טאַקע געוואָרן דער געטאָ־שפּיטאָל. דאָ, ביים טויער צום בית־עולם, האָט ד"ר פּייסאַכאָוויטש פאַרבאַריקאַדירט דעם מלאך המות די וועג — צווישן געטאָ און בית־עולם האָט זיך אויפגעשטעלט דער שפּיטאָל.

דער מלאך המות פלעגט זיך רייסן אין געטאָ, פאָכענען מיט זיינע שוואַרצע פליגל, און ס'האָט צייטנווייז אויסגעזען, אַז דער שטיק גיט באַקבערטער בית־עולם־פעלד איז געבליבן פאַרן גאַנצן

געטאָ־פֿאָלק. נאָר ד״ר פּייסאַכאָוויטש מיט זיינע מיטאַרבעטער האָבן געקעמפֿט קעגן טויט; דער בית־עולם איז געוואָרן דער שפּיטאָל־גאָרטן. הינטערן הויכן פּאַרקאַן פֿון בית־עולם, אויף די אין זומער גרין באַגראָזטע קברים, צווישן די אַלטע דעמבעס, פֿלעגן אַרומשפּאַצירן די חולאים; דאָ איז געווען די מלוכה פֿון רו און שטילקייט, אַהער איז ניט אַזוי שטאַרק דערגאַנגען די טאָג־טעגלעכע געטאָ־שרעק.

אין די זומער־פֿאַרנאַכטן פֿלעגן קומען באַזוכער צו די קראַנקע און מען פֿלעגט שפּאַצירן, פֿון נייעם בית־עולם צום אַלטן פֿעלד, צווישן די הויכע גראָזן און פֿעלד־בלומען. און אויפֿן שטיק קברלאָזן פֿעלד האָבן זיך אויסגעשטרעקט בייטן מיט קאַרטאָפֿל, קרויט, הדשים־רעטעכלעך און אַנדערע מינים ירקות.

דער ברונעם אויפֿן בית־עולם, פֿון וועלכן מען פֿלעגט נעמען וואַסער אויף טהרה, האָט געגעבן דאָס בעסטע וואַסער אין געטאָ. פֿלעגן אין פֿאַרנאַכטן זיך אַלע לאָזן מיט עמערס צום שפּיטאָל־ברונעם, שעפּן קלאָרע קאַלטע וואַסער, מים חיים, לעבנס־וואַסערן פֿון טויטן־פֿעלד.

די יוגנט פֿון געטאָ פֿלעגט, מיטן וויסן פֿון שעף־אַרצט, זיך פֿאַרקלייבן אויפֿן בית־עולם צו קאָנספּיראַטיווע זיצונגען. אין אוהל פֿון שאַוולער רב, און אין אַנדערע אוהלים פֿלעגט מען זיך לערנען באַגיין מיט געווער. הינטער די אייזערנע אוהלים־טירן פֿלעגט די יוגנט, זיך אויסזעצנדיק אויף די צעמענטענע קברים, אויסהערן לעקציעס וועגן יידישער געשיכטע. ליכטיק פֿלעגט ווערן אין די קאַטאַקאָמבן־אוהלים, ווי די נשמות פֿון די צדיקים וואָלטן דאָ באַברכה׳ט און באַשיינט די טואונגען פֿון די וועלכע זיינען געקומען זיך מתיחד זיין מיט זיי.

*

ביים עפֿענען דעם שפּיטאָל זיינען געווען 30 פֿלעק־טיפֿוס קראַנקע. אַלע זיינען געזונט געוואָרן. שפּעטער האָט אָנגעפֿאַנגען בושעווען אין געטאָ, ווי אויך אין שטאָט, דיפֿטעריט. דעם ערשטן ווינטער האָט אויסגעזען ווי דער טויט וואָלט זיך געריסן אין אַלעמענס

העלדזער. פאַרשטילטע פּלעגט מען שלייכן איבּערן געטאָ, מורא־האָבּנדיק צו אָטעמען, מען זאָל ניט אַריינאָטעמען די שרעקלעכע מחלה, וואָס לייגט יעדן טאָג אַוועק צענדליקער אין בעט. בּייגאַכט פּלעגט מען אַרויסטראָגן די קראַנקע פון די הייזער אין שפּיטאָל, זיך היטנדיק פאַר אַ פרעמדע אויג. די דייטשן האָבּן ניט געטאָרט זיך דערוויסן, אַז אין געטאָ הערשט אַן עפּידעמיע. זיי וואָלטן דאַן זיכער פאַרבּרענט דעם שפּיטאָל און אפשר דעם געטאָ בכלל. האָט מען זיך געשטיקט מיטן דיפטעריט, ווי מען האָט אויסבּאַהאַלטן פריער דעם פלעק־טיפוס און שפּעטער אויך דעם בּויך־טיפוס.

די דייטשן פּלעגן זיך וווּנדערן, וואָס אין שטאָט איז די עפּי־דעמיע דאָ און אין געטאָ ניט... וויפל מאָל פּלעגן זיי אַרויסרופן דעם שפּיטאָל־שעף, דעם על־טסטנראַט, זיי שטרענג פאַרהערן און פאָרשן. די דייטשן פּלעגן איינאָרדנען אינספּעקציעס אין שפּיטאָל. נאָר ד״ר פּייסאַכאָוויטש פּלעגט אַזוי פאַרשמירן דעם דיפטעריט אין די העלדזער, אַז די רעוויזאָרן פּלעגן ניט זען די מעמבּראַנא און זיך לאָזן איינריידן, אַז עס איז נאָר אַן אַנגינע, האַלדז אנצינדונגען. ד״ר פּייסאַכאָוויטש פּלעגט טאַקע אַזוי רופן די דיפטעריט קראַנקע — אנגינע; בּויך־טיפוס — פאַרדאַרבּונג. די דאָזיקע בּאַצייכענונגען זיינען אָנגענומען געוואָרן אין געטאָ און קיינער האָט ניט גערעדט פון דיפטעריט אָדער טיף.

אין שטאָט האָט דער דיפטעריט צוגענומען יעדן טאָג קרבּנות. אין געטאָ איז נאָר געווען צוויי טויטע, קינדער, פון די איבּער דריי הונדערט קראַנקע פון די פופציק פאַלן בּויך־טיפוס איז געווען נאָר איין קרבּן.

דעם סערום צו היילן דיפטעריט פּלעגט ד״ר פּייסאַכאָוויטש קריגן פון בּאַקאַנטע דאָקטוירים, פון אַפּטייק־מאַגאַזין און פון אַ ליטווישע קראַנקנשוועסטער אין שטאָטישן שפּיטאָל, וועלכע פלעגט העלפן מיט גרויסע קוואַנטומס מעדיקאַמענטן.

אין שפּיטאָל זיינען געלעגן אייניקע טי. בּי. קראַנקע. זייער הויפּט היילונג, ווי אויך די היילונג פאַר די אַנדערע קראַנקע, האָט דאָך געמוזט זיין גוטע פלעגע. האָט מען זיך טאַקע בּאַמיט, אַז די

קראַנקע זאָלן דאָס האָבן. עס איז געווען אַן אָפּיציעלע באַשפּייזונג פון קראַנקנהויז, וועלכע מען פלעגט אנגעבן די דייטשן, און אַן אומאָפּיציעלע — וואָס די קראַנקע פלעגן באמת קריגן.

מיטן באַזאָרגן שפּייז פאַרן שפּיטאָל האָט זיך פאַרנומען בורגין. צו אַלע זיינע נעגאַטיווע זייטן, ווי דאָס לעבן אין ווילטאָג, זיך אויפפירן ווי אַ גליקלעכער מושל איבערן צעחורבנטן געטאָ־פאָלק — קען אָבער ניט אַוועקגענומען ווערן דער פאַקט, אַז פאַרן שפּיטאָל האָט ער געזאָרגט און באַזאָרגט אַלץ. גאַנצע פורן באַשפּייזונג פלעגט ער אַריינשמוכלען. די קראַנקע האָבן געקראָגן אָפּט פלייש, אייער, יעדן טאָג פּוטער, מילך א.א.וו.

דער שפּיטאָל, ווי שוין געזאָגט, איז געווען די באַריקאַדע אויפן שוועל פון טויט און לעבן. דאָ האָט מען געקעמפט קעגן מלאך־המות עקשנותדיק און אומדערמידלעך. און כאָטש הונגער־עדעם (געשווולסן) האָבן געהאַט, אין ערשטן ווינטער, אַ גרויסער צאָל מענטשן, כאָטש דער פאַרונקאָלאָז האָט די גאַנצע צייט אין געטאָ ניט אויפגעהערט, כאָטש פאַוווּס (קרעציקע קעפּ) האָט זיך געמערט ביי קינדער, — האָט מען דאָך געראַטעוועט דאָס געטאָ פון מגפה פאַרשפּרייטונג. און כאָטש שווערע גראַדן פון נערוועזיטעט זיינען געווען אָפטע דערשיינונגען, — איז קיין איינער אין געטאָ ניט אַראָפּ פון זינען, ניט משוגע געוואָרן. (אפשר איז דאָס דער גרעסטער ווונדער !). די נערוועזיטעט האָט אָפּגעשטעלט ביי די גרעסטע טייל פרויען די מענסטרואַציע; די צעשויבערטע נערוון האָבן אונטערבראָכן דאָס געזונט; די בלוט אָרעמקייט פון אַלעמען האָט מער ניט געהאַט די קערפּער־וויטאַליטעט אַנטקעגן די קרענק, וואָס האָבן זיך געריסן צום געטאָ־מענטשן — און דאָך איז די שטערבלעכקייט, אפילו אונטער קינדער, געווען נאָרמאַל. די גייסטיקע וויטאַליטעט, דער ווילן צום לעבן, האָט געשטאַרקט, געהאָלפן איבערהאַלטן אַלע יסורים און אפילו געמאַכט פאַרגעסן פון אַ סך כראָנישע קרענק, מיט וועלכע מענטשן האָבן זיך פריער שטענדיק געדאָקטערט.

*

## התונות:

די חתונות אין געטאָ איז אויך געווען עפּידעמיש...

אין עלנטן לעבן, ווען הונדערטער יונגטלעכע זיינען געבליבן אָן היים און משפּחה, האָט מען זיך געזוכט אַן אייגענעם נעסט, אַ חבר, אַ פריינט אין געמיינזאַמען צער־וועג. אין געטאָ האָט מען ניט געדאַרפט קיין נדן, ניט גווירטיק געווען צו באַזאָרגן זיך. די מענטשן זיינען אויך דאָ געוואָרן גאָענטער. די ענגקייט פון אַהינטערן דראָט האָט אַלעמען צוזאַמענגעפירט. מען האָט זיך אָפטער געטראָפן — ביי־טאָג ביי דער אַרבעט, אין די פאַרנאַכטן אויף די שמאָלע געטאָ־געסלעך, אין צוזאַמען־וווינונגען. עס זיינען אויך אָפּגעווישט גע־וואָרן ביי דער יוגנט די יחוס גראדן. אַ בעל־יחוס איז געווען דער וואָס האָט געלעבט (ווער רעדט נאָך אַ מאַן וואָס האָט געקענט און געהאַט אַן אַרבעטס־אָרט ווו צו לאַבערן!) אויך די שעמעוודי־קייט איז אָפּגעטאָן געוואָרן, אַראָפּגעפאַלן איז דער שלייער פון צניעות. יונגע מיידלעך, נעכטיקע זיבעטע און זעקסטע קלאַסניצעס, פלעגן זיך פירן געאָרמט אין געטאָ מיט זייערע געליבטע. טאַטע־מאַמע האָבן ניט רעאַגירט קעגן דעם — אַז וואָס זאָל זי טאָן? — האָט מען זיך געפרעגט. אַן אַכצן יאָריקער יינגל, אַ זעכצן יאָריק מיידל איז שוין געווען אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש, מיט אחריות פאַר זיך און טיילמאָל אויך פאַר די עלטערן.

חתונה האָבן איז אויך געווען אַ קאַלקולאַציע, ניט געשיקט צו ווערן אויף אַרבעט אויסערן געטאָ. יעדן זומער פלעגט מען אַרויס־שיקן ביז טויזנט מענטשן אויף טאָרף־אַרבעט. פלעגט טאַקע פאַר פּסח שוין זיין אַ סך חתונות. אָפטמאָל פלעגט מען אָבער טאַקע שיקן די יונגע פּאָרל אויף אַזאַ „חתונה־רייזע" — ביידן אויף טאָרף. אָבער ניט אַלעמאָל האָט עס דער אַרבעטס־אַמט געקענט טאָן, ווייל אַן אַליינשטייענדיקער מענטש, וואָס איז פריער געווען אַ כמעט זיכע־רער קאַנדידאַט אויף טאָרף־אַרבעט, האָט איצט שוין געקענט האָבן עלטערן, אַ משפּחה, פון וועלכע מען האָט אים ניט געקענט אַוועק־רייסן. (טראָץ דעם וואָס די איינצלנע פלעגן טענהן פונקט פאַרקערט:

אַז נעמען דאַרף מען אויף טאָרף אַזעלכע וואָס האָבן משפּחות אין געטאָ, וועלכע קענען מיט עפּעס אונטערהעלפן די אַרויסגעשיקטע).

און ניט נאָר מיידלעך און בחורים האָבן חתונה געהאַט. מענער וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע פרויען, פרויען וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע מענער, איבערבלייבנדיק מיט קליינע קינדער — אַלע האָבן געזוכט צונויפצושמעלצן אַ נייעם משפּחה־נעסט.

די חתונות זיינען געווען שטילע, ווי אויף דערוויילע. „אַז מען וועט אַרויס פון געטאָ — האָט מען זיך געזאָגט — וועט מען ערשט פּראַוועןען דעם חתונה־יום־טוב".

דער מסדר קדושין איז געווען הרב ה ע ל ע ר. ער פלעגט אויך אַרויסגעבן אַ געטאָ חתונה־אַקט.

די ליבעס זיינען געווען אָבער אַ סך מער ווי די חתונות. ניט אַלע האָבן באַוויזן, זיך אַנטשלאָסן חתונה צו האָבן אין געטאָ.

געבורטן:

ביז 25 קינדער זיינען געבוירן געוואָרן אין געטאָ. דער גרעסטער טייל ביזן שוואַנגערשאַפט־פאַרבאָט.

אין די הויכע מאָנאַטן פון שוואַנגערשאַפט פלעגן זיך די פרויען היטן פון זיך באַווייזן אין גאַס, אַפילו אין געטאָ. אויף בוידעמער, אין פאַרשטעקונגען, אין ציטערדיקער שטילקייט פלעגט מען געבוירן. מאַמעס פלעגן ניט דערציילן פאַר קיינעם זייער פרייד. מען פלעגט אין געטאָ זיך ניט נאָכפרעגן וואָס עס מאַכט אַ קינד, ווי אַלע וואָלטן געוואָלט פאַרגעסן וועגן דער עקזיסטענץ פונעם נייעם געטאָ־מיטגליד.

מיט אַ זעלטענער מסירות נפש, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, האָט געאַרבעט ד"ר ל ו נ ץ, ביים אָפּנעמען די ניי־געבוירענע אָדער, לויטן ווילן פון די עלטערן, אונטערברעכן די שוואַנגערשאַפט.

* *
*

...ליבע, חתונות, געבורטן אין געטאָ, און אויך קראַנקייטן, מגפות און דער קאַמף קעגן זיי — ווען די אַלע הונדערטער בילדער שווימען אָן פאַר דיינע אויגן היינט — ווען דו דערמאָנסט זיך, אַז די אין באַהעלטענישן געבוירענע זיינען עפּנטלעך פאַרברענט

געוואָרן, אַז די חתנים זיינען אבלים און די כלות צעאַשט, די טאַטעס באַגראָבן, די מאַמעס פאַרגאַזט, און די קראַנק־געזונט־געוואָרענע אומגעקומען — איז ווי קען מען דערציילן, ווען גליקזעליקער ליבע הינטער דראָט, ווען צוזאַמענגעשמידטע לעבנס אין חתונה־בונטן, ווען פרייד פון קינדערשע חנפּולע אויגעלעך, ווען קאַמף קעגן מגפה־טויט — ווען זיי אַלעמען האָט דער בעסטיאַלישער טויט פאַרשניטן?

## שולן און בתי־מדרשים

די ענגשאַפט אין געטאָ האָט אַלעמען געדריקט, געהאַלטן ווי אין אַ פּרעס און דערנערווירט. ניט געווען קיין אָרט פאַר אַ פרייער באַוועגונג; ווו זיך אויסצובאַהאַלטן מיט אַ טראָפּעלע אייגענע פרייד, ווו אָפּצוקערן דעם קאָפּ פון פרעמדע אויגן פאַר אַ שטילע טרער. אויפגעריסן איז געוואָרן די הייליק־אייגענע אינטימיטעט: דעם יחידס איבערלעבונגען, סענטימענטן, ליבע און פאַרדרוס האָט זיך ברוטאַל נאַקעט געוואַלגערט אין רשות־הרבים, און ווער עס האָט געוואָלט האָט עס אויפגעהויבן און געטראָגן פון מויל צו מויל. האָט מען דערפאַר געזוכט זיך צו באַהאַלטן, פאַרקריכן אויף בוידעמער, אין קעלערן. אין פענצטערלאָזע שטאַל־כאַלופעס. און ווייל דער אויבער־פלאַך האָט אויך געשראָקן האָט מען געגלויבט, אַז וואָס טיפער אין דער ערד, וואָס אומבאַמערקטער פון מענטשלעכע אויגן, וועט מען לייכטער איבערלעבן. אין לייב פון דער ערד האָט מען זיך געפילט זיכערער. אין ענגע היילן האָט זיך פרייער געאָטעמט.

*

די קינדער אין געטאָ האָט מען געמוזט היטן פון בייזע אויגן, און אַ שול איז געווען אויך פאַרבאָטן צו עפענען, האָט מען עס איינגע־אָרדנט אין אַ פאַרלאָזענע שטאַל. אַזוי גיך ווי די שול איז פאַרטיק גע־וואָרן האָבן יידן אויך געוואָלט האָבן אַ בית־המדרש. האָט מען אַוועק־געשטעלט אַ קליינעם ארון־קודש אין דער באַהאַלטענער הורבה — איז שוין געווען אַ בית־המדרש אויך. באַגינען פלעגן יידן אַריינכאַפּן דאָס דאַוונען און גלייך פלעגן די קינדערלעך, ווי אמתע קאָנספּיראַטאָרן, זיך אָנפאַנגען שלייכן אין דער ענגער שטאַל.

אָנפאַנג יאָר 1942, ווען די שול אין קאַווקאַזער געטאָ־ראַיאָן איז געעפנט געוואָרן, זיינען געווען 80 שילער. הירשל פורמאַן האָט דאָ אָפּגעגעבן זיינע גרויסע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן מיט דער היי־ליקייט פון אַ כהן־גדול ביי דער עבודה. אַליין איז ער אַרומ־געקראָכן איבער אַלע בוידעמער, געזוכט לערן־ביכער, פּאַפּיר; גע־זעסן ביינאַכט און צוזאַמענגעניית בלעטער, געמאַכט העפטן, די קינ־דער זאָלן קענען לערנען.

אָפּגעלערנט אַ האַלב יאָר, האָט הירשל פורמאַן גערופן די עלטערן און אַנדערע לערער, כדי צו פאַרהערן די קינדער. די עקזאַמינאַטאָרן זיינען פאַרוווּנדערט געווען, ווי אַזוי אַלע שילער זיינען אַדורכגעגאַנגען אַ נאָרמאַלע לער־פּראָגראַם, און אויסגעצייכנט געענטפערט אין אַלע לימודים.

די קינדער האָבן באַקומען געטאָ־תעודות. עס געהאַלטן זייער טייער און זיך געגרויסט מיט די גוטע מיינונגען.

*

אין טראַקאַוער געטאָ־ראַיאָן, ווו עס האָבן געלערנט פופציק קינ־דער, האָט די השגחה איבער דער שול געהאַט אליעזר ירושלמי. אַלס לערערין האָט געאַרבעט אסתר וויים. מיט אַ זעלטענער מסירות־נפש האָט הרב סקורדענסקי געלערנט מיט די קינדער לימודי־קודש. אויך דאָ איז אין שמאָלן שול־צימער געווען דער בית־המדרש.

די דיסציפּלין און איבערגעגעבנקייט פון די שילער צו די לערער איז אין ביידע שולן געווען אַזאַ, וואָס נאָר דאָס געטאָ האָט עס גע־קענט דערפרענגען.

זומער האָבן די קינדער אויסגעפילט דעם צווייטן העלפט פון טאָג מיטן לערנען לאַנדווירטשאַפט — צעגראָבן און פאַרפלאַנצט די גערטנער אַרום די געטאָ־הייזלעך. שפּעטער אַליין אַראָפּגענומען זייערע פאַרפלאַנצטע ירקות און עס אָפּגעגעבן די סאָציאַלע קיכן.

* * *

אין אַ פראָסטיקער ווינטער־נאַכט האָט זיך אַריינגעגנבעט אַ־דורך די געטאָ־דראָטן די באַקאַנטע קאָוונער פּעדאַגאָגין און רעלי־גיעזע דיכטערין — הדסה הירשאָוויץ־לעווין. געקומען איז זי פון

דער יידן־אויסגעמאָרדעטער מעלזש. וואָכן־לאַנג האָט זי זיך דאַרטן באַהאַלטן אין גלחים־סעמינאַר. דערוויסנדיק זיך, אַז אין שאַוול זיינען נאָך דאָ יידן, האָט זי איבערגעלאָזן איר קינד ביי אַ קריסטין און אַליין דערוואָגלט אַהער, מיטן ווילן צו דערציען יידישע קינדער. הדסה איז געגאַנגען אין די געטאָ־היימען אַרויסזוכן קינדער צו לערנען. ניט זעלטן האָט זי אויך אָפּגעגעבן די תלמידים איר שטיקל ברויט. הדסה האָט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן לערנען וואָס מער לימודי־קודש — חומש, נ"ך.

אַ ווינטער לאַנג האָט זי אַזוי געאַרבעט, ביז זי איז אַוועקגעפאַלן פון שוואַכקייט.

ביי דער עוואַקואַציע איז זי אַנטלאָפן פון געטאָ־קראַנקנהויז. נאָכן אַרומוואַגלען אַ יאָר צייט איבער אַלע קברים אין ליטע איז זי, אין 1946, אָנגעקומען קיין מינכען מיט איר קינד און מיט אַ בלוטבוך — לידער און זכרונות. נאָר מער האָט איר גוף ניט אויסגעהאַלטן. דעם 13טן דעצעמבער 1946 האָט זי אויסגעהויכט איר איידעלע נשמה.

*

הידשל פורמאַן איז אומגעקומען פון הונגער, אין לאַגער 2, דאַכאַו־קויפערינג. אליעזר ירושלמי האָט זיך געראַטעוועט אין שאַוול, אַנטלויפנדיק אין טאָג פון דער עוואַקואַציע. אסתר וויס האָט איבערגעלעבט דעם לאַגער אַרגענו, ביי בידגאָס; הרב סקורדענסקי האָט איבערלעבט דאַכאַו.

* *
*

די געציילטע קינדער וועלכע זיינען געראַטעוועט געוואָרן וועלן מיט הייליקן ציטער, שטענדיק דערמאָנען זייערע לערער־מאַרטירער, וואָס האָבן מיט מסירות־נפש זיי געגעבן ליכט אין חושכדיקע געטאָ־שטאַלן.

## פאַרוואַלטונג און אַדמיניסטראַציע

צו ערשט איז דאָס געטאָ אונטערלעגן דעם געביטס־קאָמיסאַר, ס"ד (געסטאַפּאָ). שפּעטער — די ס"ס.

דאָס מיינט אָבער ניט, אַז איינער אָדער צוויי מערדער האָבן זיך דאָרטן אָפּגעגעבן מיטן פאַרטראַכטן פּלענער ווי צו פּייניקן

ייִדן. יעדערער, פֿון קלענסטן באַאַמטן ביזן גרעסטן, אין געביטס־קאָמיסאַריאַט, אין ס"ס, און אַפֿילו אין פֿעלד־זשאַנדאַרמעריע — אַלץ האָט געהאַט צו טאָן מיט ייִדן — יעדערער האָט זיך געפֿלייסט צו זײַן דער פֿייניקער. מען האָט זיך אַפֿילו צווישן זיך געאַמפּערט. ס"ס האָט אָנגעגעבן אַן אָנקלאַגע אויפֿן געביטס־קאָמיסאַר, אַז ער באַהאַנדלט צו גוט די ייִדן און אַז מען זאָל זיי איבערגעבן די אַפּטרופּסות.

דער הויפּט־שלעגער, מערדער און פֿייניקער איז געווען שוואַנץ, פֿון ס"א. רציחותדיקער פֿון אים איז געווען דער ס"ד־מאַן שנײַדער. ווי שוואַנץ פֿלעגט אויך ער אָפּט מאַכן איבערפֿאַלן אויף ייִדן אין גאַס. זײַנע פֿייניקונגען און קלעפּ אין געסטאַפּאָ־קעלער האָט געהאַלטן אַלעמען אין מורא.

*

דעם 20טן אַפּריל 1942 האָב איך מיט נאָך צוויי ייִדן, שלמה לעווי (16 יאָר אַלט) און הירשל טייץ פֿאַרזוכט פֿון שנײַדערס רציחה. (גיט מער ווי פֿאַרזוכט). ווען מען האָט אונדז אַראָפּגעפֿירט אין קעלער האָבן מיר נאָך געהאַט עטלעכע מינוט צײַט צו וואַרטן אויף אונדזערע פֿייניקער. דער גאַנצער קעלער איז געווען פֿאַרמויערט און באַלויכטן נאָר פֿון עלעקטרישע ליכט. דער קעלער האָט געהאַט 2 צימערן. דער פֿאָדער צימער איז געווען, אומגעפֿער, 10 אויף 8 טריט און דער צווייטער עטוואָס קלענער. די ווענט אַרום און אַרום זײַנען באַפֿלעקט געווען מיט בלוט. מײַנע צוויי חברים האָט מען געשלאָגן אין ערשטן צימער, מיר — אין צווייטן. דער פֿעלדפֿעבל קעליער האָט געשלאָגן טייץ און לעווין. מען האָט זיי אָנגעפֿאַנגען שלאָגן אַ פּאָר מינוט פֿריער פֿון מיר און איך האָב זיך געקענט גוט צוקוקן ווי מען האָט זיי געממיתט. איך האָב „רואיק" געוואַרט אויף מײַן פּאָרציע קלעפּ — ווײַל לויטן פֿאַרהער און נאָך דעם ווי מען האָט אונדז געהאַלטן אַ שעה צײַט מיטן פּנים צום וואַנט, אין קאָרידאָר פֿון געסטאַפּאָ, האָבן מיר געגלויבט, אַז מען וועט אונדז דערמאָרדן — בין איך איצט דערפֿאַר געווען רואיק, זעענדיק, אַז מיר וועלן אָפּקומען נאָר מיט קלעפּ.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך דערזען, ווי אַ „מענטש" קען זיך קאַלט אויפהויבן פון זיין שרייב־טיש, אַראָפּגיין אין קעלער אונטערזינגענדיק זיך אַ לידל, ווי מען לאָזט זיך צו אַ פאַרגעניגנס־שפּאַציר — און ערשט דערזעענדיק דעם קרבן זיך וואַרפן אויף אים מיט היישער רציחה, שלאָגן מיט בליי־נאַגייקעס איבערן האַלדז, קאָפּ און לענד, זיך באַמיענדיק צו טרעפן אין די סאַמע ווייטיקדיקע ערטער און, ווען דער קרבן ליגט שוין אויף דער ערד אין בלוט — טראַמפּלען אויף אים מיט די באַנאָגלטע סאָלדאַטן־שטיוול.

די גוואַלדן פון מיינע חברים האָבן מיר ניט אויפגעציטערט דאָן, אָבער די ווענט פון קעלער האָבן זיך יאָ געטרייסלט, ווי עס טרייסלט היינט אויף מיין האַרץ, פון פאַרדרוס און קלעמונג, ביים אויפשרייבן איצט די שורות.

אין מיטן פייניקן מיינע חברים איז אַראָפּגעקומען שניידער. פון ערשטן קלאַפּ בין איך געפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער. איך האָב אַריינגעביסן אַ פינגער אין מויל ביז בלוט, כדי ניט אַרויסשרייען קיין איינציקן אויפגעשריי. די ערשטע קלעפּ האָבן פייערדיק געשונדן שטיקער לייב, ווי צוואַנגען וואָלטן געריסן אברים־ווייז מיין גוף. באַלד איז אָבער אַלץ אין מיר פאַרטעמפּט געוואָרן. איך האָב געפילט די קלעפּ אָבער ניט דעם ווייטיק.

שניידער און קעליער זיינען געווען די שטענדיקע שלעגער אין געסטאַפּאָ.

*

אין די ערשטע געטאָ־חדשים, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, איז אויך געווען ממונה אויפן געטאָ דער ליטווין ש ט א נ ק ו ם. די ליטווישע פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן דאָך דאָס אויסגעמאָר־דעט אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג, זיינען געווען די יוצאים ונכנסים אין געטאָ. שפּעטער איז שטאַנקום אַראָפּגעזעצט געוואָרן — די פאַרטיזאַנער האָט מען מער ניט געזען. די ליטווישע פּאָליציי, וואָס האָבן באַוואַכט דאָס געטאָ, זיינען אָבער געבליבן די דירעקטע פייניקער. אויך אונטער זייער קאָנטראָל האָט דאָס געטאָ געלעבט.

אין פראַגן פון אַרבעט האָט געהאַט צו באַשטימען אין געטאָ דער דייטשער אַרבעטס־אַמט. צו ערשט שטריינגע. שפּעטער ד״ר גינטער.

דעם אַרבעטס־איינזאַץ פלעגן זיי ניט מאַכן אַליין, נאָר דורכן יידישן אַרבעטס־איינזאַץ־אַמט, וועמענס פאַרבינדונגס־מאַן עס איז געווען אַ ליטווין.

## געטאָ־אַדמיניסטראַציע:

די דייטשן האָבן בלי ספק איבערשעצט דעם יידישן רעזיסטאַנץ־כוח; געווען איבערצייגט, אַז די יידן וועלן זיך ניט לאָזן סתם אַזוי מאָרדן. באַזונדערס אין די ערשטע טעג, ניט האָבנדיק נאָך איבער יידן גענוג מאָרד־דערפאַרונג. האָבן זיי דערפאַר זיך באַמיט צו פאַרשלייערן זייער אויסראָטונגס־אַרבעט, פאַרשלייערן, אָפּנאַרן און באַהאַלטן. געמאָרדעט אונטערן דעק־מאַנטל פון „פירן אויף אַרבעט“, זיך באַמיט, אַז קיין לעבעדיקער פויגל זאָל ניט איבערטראָגן קיין טויט־גרוס, פון די טויט־לאַגערן און פאַרניכטונגס־ערטער. זיי האָבן ממש געפירט אַן אָנגעשטרענגט ראַפינירטע מאָרד־סטראַטעגיע קעגן יידישן פאָלק; מיט פסיכישע אַטאַקעס, פּלוצימע איבערפאַלן, בליץ־אַקציעס, קאַזערגירונגען, צעטיילן, לעבנס־פאַרזיכערונגס־שיי־נען. דאָס אַלץ כדי צו דעזאָריענטירן, פסיכאָלאָגיש צעטומלען די צעשראָקענע געטאָ־מאַסן.

שפּעטער האָבן זיי דערזען, אַז דער גאַנצער פראָנטאַלער־שפּיל איז ניט נויטיק — יידן קען מען מאָרדן לעיני השמש, מען דאַרף פאַר אַ יידישן ווידערשטאַנד ניט מורא האָבן. און די ציוויל־באַפעלקערונג נעמט זיך ניט איבער צוליבן יידן־מאָרד, פאַרקערט גאָר — זי העלפט נאָך צו און איז שטאַרק צופרידן; על כל פנים איז יידן מאָרד ניט קיין גרונט ביי קיינע ליטווינער פאַר פיינט האָבן די דייטשן.

ערשט נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשע — אַפּריל 1943 — האָבן די דייטשן ווידער אָנגעפאַנגען אויספירן זייערע רציחות מיט די אַלע אויבן אויסגערעכנטע טריקס און נאָך מער פאָרזיכטיק, אין

מורא פֿאַר יידישער נקמה, וועלנדיק דערפֿירן אַיעדע פֿאַרניכטונגס־אַקציע קרבנות־לאָז פֿון אייגענעם צד.

*

אײנע פֿון די פּסיכישע אײנווירקונגען אויפֿן געטאָ־מענטשן איז פֿון ערשטן טאָג געווען דאָס לאָזן יידן אַליין אַדמיניסטרירן זייער לעבן. קען זיין, אַז דאָס איז געווען אַ פֿאַרטראַכטעניש אויפֿן גלות־יידן און זיין לעכצונג צו אייגן־היימיקייט. און אויך אַ חשבון, אַז די יידן וועלן אין געטאָ, פֿון הונגער און ענגשאַפֿט אויפֿפרעסן איינע די אַנדערע.

אין די ערשטע טעג, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן די יידישע עלטסטע, שוין אָנגעטאָנענע, מיט גרויסע טעקעס אונטער די אָרעמס; די יידישע פּאָליציי מיט די געלע אָדער בלויע מגן דודס אויף די אָרעם־לענטעס, באַשטיוולטע און שטראַמע (מען האָט אויסגעזוכט שיינע פּאָליציי־לייט), האָט דער גאַנצער שדים־קאַרעהאָד — געטאָ — אויסגעזען ווי עפּעס אַ יידיש־אויטאָנאָמער שטאַט־געביט. מען האָט זיך געפֿרייט מיטן געטאָ — „אָט וועט מען ווידער קענען לעבן פֿרייער, צווישן זיך, אין אַן אייגן ווינקל, מיט אַ יידישער פֿאַרוואַלטונג און אייגענער פּאָליציי...“

*

דער עלטסטנראַט איז געווען די העכסטע געטאָ־מאַכט. דער פּאָרזיצער איז געווען מענדל לייבאָוויטש; דער גענעראַל־סעקרעטאַר אהרון כּץ (פֿון דער אין ליטע באַקאַנטער רבנישער משפּחה, אַ זון פֿון סרעדניקער רב און איינער פֿון די פֿירער פֿון דער צ"ס־פּאַרטיי אין שאַוול). די אַנדערע מיטגלידער פֿון עלטסטנ־ראַט האָבן מיר שוין פֿריער אויסגערעכנט. נאָר מענדל לייבאָוויץ און אַהרון כּץ זיינען געווען די הויפּט דעה־זאָגער, באַשטימער און פֿירער פֿון געטאָ־לעבן און די פֿאָרשטייער פֿון געטאָ כּלפּי דער מאַכט. איינמאָל אין וואָך, מיטוואָך, פֿלעגן זיי גיין אין געביטס־קאָמיסאַריאַט איבערגעבן אַ טעטיקייטס־באַריכט.

*

צו דער דיספּאָזיציע פֿון עלטסטנראַט איז געשטאַנען די אָר־דענונגס־דינסט. (אַזוי האָט אייגגערופֿן זיין פּאָליציי דוד פּיין).

זיי זיינען געווען ביז זעכציק מאַן איןביידע געטאָ=ראַיאָנען. אין געטאָ טראקאו איז געווען דער פּאָליציי=שעף א פּ ר י ם  ג ע נ ס.*) אַ הויכער, שטאַרק געבויטער מאַן אין די דרייסיקער יאָרן. אַ נאַר און בעל=גאווה. ער האָט זיין אַמט גענומען טרוקן=ערנסט, זיך געהאַלטן פאַר אַ טשינאָווניק, איינגעפירט אַ מיליטערישן גרוס פון זיינע פּאָליציי=לייט צו אים און ער פלעגט אַלעמען גריסן מיליטעריש. ער וואָלט אָנגעטאָן (און האָט טיילוויז אָנגעטאָן) אַ סך צרות, ווען דער עלטסטנראַט וואָלט אים ניט געצוימט אויף שריט און טריט.

אין קאַווקאַזער געטאָ=ראַיאָן איז דער פּאָליציי=שעף געווען ד ו ד  פּ י י ן. אין שטאָט האָט ער זיך צוגערעכנט צו די קאָמוניסטישע קרייזן. געווען קאָמענדאַנט פון די שטאָטישע פייער=לעשער. אַ מענטש מיט טיף=הומאַנע געפילן, האָט ער לאַנג ניט געקענט אַריבערטראָגן דאָס כאַבאַר=נעמעריי פון דער יידישער פּאָליציי און האָט זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע. אויף זיין אָרט איז געקומען ז א ו ע ג א ך. נאָכן געבורטס=פאַרבאָט האָט זיין פרוי געבוירן אַ ייִנגעלע. האָט דער עלטסטנראַט, זיך שרעקנדיק די דייטשן זאָלן עס ניט דערפאַרן, אים אַראָפּגעזעצט. אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן דער לערער ב ע ר ל  ש י י נ ז אָ ן.

*

אונטער די פּאָליציי זיינען געווען די  ג אַ ס ן = ע ל ט ס ט ע. ביידע געטאָ=ראַיאָנען האָבן געהאַט 14 גאַסן=עלטסטע. זייערע אַרבעט איז געווען אויפפּאַסן די זויבערקייט, איינמאָנען דירה= און עלעקטרע=געלט, פאַרטיילן האָלץ צו די נויטיקע. קיין מאַכט האָבן זיי ניט געהאַט. געווען זיינען עס עלטערע און טיילוויז אינטעליגענטע יידן, וועמען דער עלטסטנראַט האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן אין געטאָ.

<u>אַ ר בּ ע ט ס = אַ מ ט :</u>

דער יידישער אַרבעטס=איינזאַץ=אַמט איז אויך אונטערלעגן דעם עלטסטנראַט, נאָר זיין השפּעה און מאַכט איז דאָך, אין טאָג=טעג=

*) זיין ברודער איז געווען פּאָליציי=שעף אין ווילנער געטאָ.

לעבן לעבן געווען אויטאָנאָם. יעדער געטאָ=איינוווינער האָט געמוזט אָנקומען צום אַרבעטס=אַמט. ער האָט באַשטימט ווער אין וועלכער אַרבעטס=קאָלאָנע עס זאָל גיין, ווער עס קען קריגן אַ טאָג אָפּרו, (ביי קראַנקע האָט באַשטימט די געטאָ=אַמבולאַטאָריע); וועמען צו שיקן אויף טאָרף=אַרבעט, אָדער אין אַ לאַגער אויסערן געטאָ. דורכן אַרבעטס=אַמט איז אַדורכגעגאַנגען די שיך און קליידער פאַר=טיילונג, לויט אַ צעטעלע פון אַרבעטס=אַמט האָט מען אַרויסגעגעבן פאַר די שווער=אַרבעטנדע, צוגאָב=ברויט.

אין טראַקאָווער געטאָ=ראַיאָן זיינען די לייטער פון אַרבעטס=אַמט געווען אַבראַשע שלעזין און חיים טשערניאַווסקי. אין געטאָ קאַווקאַז — אפרים געץ און חיים זשעלינסקי.

ביידע חיימס האָבן אין ביידע געטאָ=ראַיאָנען שווער געמאַכט דאָס לעבן; גענומען כאַבאַר און געהערשט איבערן געטאָ. חיים טשערניאַווסקי האָט ניט זעלטן געסטראַשעט מיט ס"ד, געגעבן פּעטש און בכלל זיך געפירט מעשה תכיפדיקער לעבנס=באַשטימער.

*

דאָס לעבן אין שאַוולער געטאָ און די פירונג פון די געטאָ=מנהיגים איז דאָ געשטאַנען אויף אַ סך אַ העכערע מאָראַלישע מדרגה, ווי אין די אַנדערע צוויי געטאָס אין ליטע — קאָוונע און ווילנע, ווי אויך פון די מערסטע געטאָס אין פּוילן. און דאָך איז די גרונט=אידיי געווען די זעלבע: — לעבן פאַר יעדן פּרייז! און אויך דער דעוויז איז דאָ געווען דער זעלבער ווי אין אַלע געטאָס: — אַרבעט ראַטעוועט אונדזער לעבן...

# אזוי האבן מיר געלעבט

## א

אַז דער הונגער האָט זיך שוין געהאַט איינגעגריזשעט אין טראַכטענבערגס שטוב, אויסשלאָפנדיק די זיבן־קעפּיקע משפּחה ביז דיזענטעריע, האָט דער עלטסטער זון, דער אַכצן־יאָריקער גדליה, באַשלאָסן, קעגן ווילן פון דער משפּחה, צו ריזיקירן — אַרויסגיין אין שטאָט עפּעס פאַרקויפן.

מיטן ערשטן אויפברוך אויף טאָג איז גדליה אַראָפּ פון בעט. ער האָט אויפגעהויבן דאָס שטיקל ברעט, וואָס איז געלעגן ביים אויוון און פון אונטער דער לויזער פּאָדלאָגע אַרויסגענומען דאָס באַגראָ־בענע ביסל ווערט־זאַכן. שטיל, קיינעם ניט צו וועקן, האָט ער געעפנט דאָס בלעכענע קעסטל, און וועלכן די חפצים זיינען פאַרפּאַקט געווען. די זילבערנע שבת־לייכטער האָבן אים אַ פינקל געטאָן אין די אויגן. אַ ווײַלע האָט ער זיי געהאַלטן, באַטאַפּט פון אַלע זייטן און זיי צוריק אַריינגעלייגט — מען קען סײַ־ווי גאָרניט קריגן פאַר זיי — האָט ער געטראַכט, די פּויערים דאַרפן ניט קיין שבת־לייכטער. אויך די זיל־בערנע גאָפּל־מעסער און לעפל זיינען גאָרניט ווערט; די גויים האָבן עס שוין געגנוג. איצט ווילן זיי נאָר גאָלד. פאַר עפּעס אַנדערש גיבן זיי ניט מער קיין עסנוואַרג. פון קעסטל־ווינקל האָט אַ בליץ געטאָן אַ מאַטער גאָלד־גלאַנץ. גדליה האָט עס גענומען אין האַנט אַריין. עס איז געווען זיין מאַמעס קדושין־רינגל. ער האָט אַ וועג געטאָן דאָס רינגעלע אין זיין מאָגערער האַנט־פלאַך — עס וועגט ווייניק, גאָר ווייניק. דער טאַטע האָט מקדש געווען דער מאַמען מיט קוים אַ שוה פּרוטה, איז אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, און ער האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן, פאַרשטופּנדיק דאָס רינגעלע אין וועסטל־קעשענע.

ב

פֿאַרנאַכט, אַז די קאָלאָנעס האָבן אָנגעפֿאַנגען צוריקקערן אין געטאָ, האָבן פּויערים צוגעשריען די גייענדיקע: וואַרפֿט אַוועק, מען קראַטעט (זוכט) ביים געטאָ.

די פּויערים זיינען נאָכגעגאַנגען דער קאָלאָנע, ווי הינט, געשפּיזט מיט די אויגן, ווי רויב־חיות, געוואַרט, אַז די יידן זאָלן אָנהייבן וואַרפֿן פֿון זיך חפֿצים, וואָס זיי האָבן ניט באַוויזן צו פֿאַרקויפֿן, אָדער דאָס איינגעקויפֿטע עסנוואַרג. אָבער די יידן האָבן נאָך ניט געוואָרפֿן, האָפֿנדיק, אַז די פּויערים נאַרן אָפּ, ווי ס'האָט שוין אַ סך מאָל פּאַסירט.

אייניקע הונדערט מעטער פֿון געטאָ־טויער האָט מען שוין בולט געזען, ווי מען קאָנטראָלירט די ביים טויער שטייענדיקע קאָלאָנעס.

גדליה האָט געעפֿנט דעם פּאָרטפֿעל, געוואָלט אַרויסשיטן די קאַרטאָפֿל. נאָר פּלוצים האָבן זיינע אויגן זיך באַגעגנט מיט די אויגן פֿון זיין מאַמען, וועלכע איז געשטאַנען פֿאַרשטעקט הינטערן געטאָ־דראָט, מאַכנדיק צייכנס מיט די הענט, ער זאָל אַוועקוואַרפֿן, וואָס ער טראָגט. נאָר גדליה האָט פֿון זיין מאַמעס פּנים אַראָפּ דערזען דעם הונגער אין זייער שטוב, דעם קראַנקן פֿאָטער, די אויסגעצערטע קינדער; פֿאַר זיינע אויגן האָט אַ שוועב־געטאָן דער מאַמעס קדושין־רינגעל — און גדליה האָט לאַנגזאַם פֿאַרמאַכט דעם פּאָרטפֿעל. זיינע פֿינגער האָבן זיך פֿאַרקראַמפֿט אַרום פּאָרטפֿעל־הענטל; די אָרעמס, אונטער וועלכע עס זיינען פֿאַרשטעקט געווען צוויי פּעקלעך פּאַפּיראָסן, — פֿאַרשטייפֿט. בלינד, מחשבה־לאָז, זיך ניט אָפּגעבנדיק קיין חשבון, פֿון זיין טואונג, האָט ער געשפּרייזט אין ריי.

די קאָלאָנע איז שטיין געבליבן ביים טויער, דער פּאָליציי־שעף גריבלונאַס, אַ באַקאַנטער יידן־מערדער, האָט, אַדורכזוכנדיק יעדערן ביזן לייב, באַשטעטיקט זיין קאָנטראָל דורך אַ זעץ מיט אַ סוקעוואַטן שטעקן איבער די קעפּ.

ביים ראַנד פֿון טויער שטייען שוין אויף די קני אַ הונדערט מענטשן, ביי וועמען מען האָט עפּעס געפֿונען, פֿרויען און מענער, פֿון די קאָלאָנעס, וועלכע האָבן ניט באַוויזן זיך צו דערוויסן אויפֿן

7

וועג וועגן דער קאָנטראָל. זיי שטייען פאַרגליווערטע, ווי שאָף פאַר
דער שחיטה; זייער שטראָף וועט זיין מאָנאַטן טורמע אָדער טויט

גדליה איז געשטאַנען ווי געליימט, ווי יעדער פיל= און דענק=געריוו
וואָלט זיך אָפּגעשטעלט אין זיין מוח. אָט איז ער שוין דער פינפטער
צו גריבלונאַסן. ספּאָנטאַן וואַכט ער אויף, גיט זיך אַ ריס פון אָרט,
ווי ער וואָלט ערשט איצט דערפילט די געפאַר. אָנגעשפּאַנט גיט ער
זיך אַ וואָרף צום צווייטן טויער=ווינקל ווו עס קאָנטראָלירט דער
וואַך=פּאָליציסט אַ בלאָנדזענדיק=פאַרלאָרענער און צוגלייך בייזער
בליק פרעסט זיך אַריין אין פּאָליציסט, וואָס קוקט אָן גדליהן מיט
פאַרוווּנדערונג, ווי איינעם וואָס איז גערירט פון זינען. — פון דער
קאָלאָנע זיינען אַלע געקומען ליידיק, און דאָ, פּלוצים, איינער מיט
אַ פולן פּאָרטפעל אין האַנט! נאָר אויך די פאַרוווּנדערונג פון פּאָלי=
ציסט דויערט אַן אויגנבליק. ווייזט אויס אַליין אין שרעק פאַר גריב=
לונאַסן, גיט ער זיך אַ דריי צו אים. פאַרשטעלנדיק גדליהן, שאַפנדיק
פאַר אים אַן אָרט אַדורכצוגיין. איין טריט נאָר און — גדליה איז
אין געטאָ. דער פּאָרטפעל גיט זיך אַ גלימש פון זיין האַנט, ער גיט
אַ פאַל אויפן פּאָרטפעל — מער האָבן זיינע נערוון ניט אויסגעהאַלטן.

יידישע געטאָ=אָרדנער טראָגן גדליהן אין שטוב — הינטער אים
טראָגט מען נאָך אַ פּאָרטפעל מיט קאַרטאָפל.

אין טהרה=שטיבל האָבן די לבֿרנים ביי אים געפונען צוויי
פעקלעך פּאַפּיראָסן, פאַרפעסטיקט אונטער ביידע אָרעמס.

* * *

אַזוי האָבן מיר געלעבט — און נאָך ערגער. אַזוי זיינען מיר
געשטאָרבן — און נאָך לייכטער, און נאָך שווערער, און נאָך שענער,
און נאָך מיאוסער, און נאָך וואַכעדיקער, און נאָך הייליקער — אַזוי.

# א געיעג פון רויב־חיות

.1

אַוודאי איז אין דאָרף גוט. אין דאָרף איז פאַראַן ברויט און קאַרטאָפל, מילך און פוטער צו זאַט. איז אויב שוין יאָ זיין אַ קנעכט, אַן עבד ביי די דייטשן און ליטווינער, איז שוין בעסער פאָרן אויפן לאַנד, זיך פאַרדינגען אַרבעטן ביי די פויערים. נאָר די פויערים האָבן מיט איין מאָל אויפגעהערט זיך נייטיקן אין אַרבעטס־הענט... אַ יעדן יאָר רייסן זיי איין אַרבעטער, זוכן נאָר אַ האַנט, וואָס זאָל זיי העלפן. גראָד היינטיקס יאָר זאָגן זיי, אַז זיי האָבן עס ניט נייטיק פאַרוואָס? — ווייל יידן ווילן זיך ראַטעווען, גיין אַרבעטן צו זיי היינטיקס יאָר דינגען זיך יידן פויערים. מען שטאָפּט זיי גאָלד, בריליאַנטן, אַבי די פויערים זאָלן אָננעמען.

די דערלויבעניש צו פאָרן גיט סטאַנקוס, דער ליטווישער געטאָ־קאָמענדאַנט. ער דאַרף עס אונטערשרייבן די קאָנטראַקטן, וואָס ווערן אָפּגעשלאָסן צווישן ביידע צדדים, און ער טוט עס אויך ניט אומזיסט. ער לאָזט זיך גוט באַצאָלן פאַר יעדער אונטערשריפט. ניט אַלע האָבן אַזויפיל געלט, ניט אַלעמען געלינגט סטאַנקוסן צו אונטערקויפן.

.2

זאַגאַרניק, דער אַפּטייקער, איז פון די גליקלעכע. אמת, ער אַליין גייט אין געטאָ, מיט אַלע יידן, ער וועט זיך ניט אָפּטיילן פון כלל. אָבער זיין פרוי און קינדער האָט ער אַוועקגעשיקט אין דאָרף, זאָלן זיי כאָטש זיין זאַט. דעם גוטן פריץ, וואָס נעמט זיי צו זיך, האָט זאַגאַרניק אָפּגעשריבן די אַפּטייק. אַזאַ טובה האָט דער פריץ ניט געוואָלט טאָן סתם אַזוי. די אַפּטייק קריגט דער גוי, פאַרשטענדלעך, ניט איצט. היינט איז דאָך דער ייד שוין ניט קיין בעל־דעה אויף זיין פאַרמעגן. אַלץ איז דאָך שוין אַריזירט, עס געהערט צו די דייטשן. קריגט דער פריץ איצט נאָר זאַגאַרניקס אונטערשריפט, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, אַז מען וועט פאַרטרייבן דעם דייטש פון לאַנד, דאַן געהערט די אַפּטייק צום פריץ.

האָבן יידן טאַלע אין יענע טעג געגעבן אונטערשריפטן, אָפּגעגעבן הייזער. פאַבריקן, מילן, געלט אין אויסלענדישע בענק, און אפילו אַדרעסן, פון קרובים אין אויסלאַנד. די יידן מעגן אַפילו אומקומען, האָבן די פויערים זיך געטראַכט, זייערס וועלן זיי שוין איינמאָנען.

*

עס זיינען אַוועק ניט מער ווי אַ פּאָר וואָכן, און אַ צאָל יידן זיינען אַנטלאָפן פון די דערפער, געקומען אין געטאָ. עפּעס האָבן זיי אַ שלעכטן פאָרגעפיל, זיי ווילן לעבן צווישן יידן, טיילן אַלעמענס גורל. נאָר די וואָס זיינען נישט אַנטלאָפן, האָבן זייערע פויערים=באַלעבאַטים געקראָגן אַ באַפעל צוצושטעלן די יידן אין די נאָנטסטע פּאָליציי=אָפּטיילונגען. די פויערים האָבן, נאַטירלעך, אויסגעפירט דעם באַפעל און — פּטור געוואָרן פון זייערע יידן.

נאָר זאַגאַרניקס גוטער פריינט רוט ניט. פון דער פרוי און קינדער איז ער שוין טאַקע פריי. זיי וועלן שוין נישט קומען, פון יענער וועלט, אָפּנעמען דאָס אונטערגעשריבענע פּאַפּיר. זאַגאַרניק אָבער אַליין לעבט דאָך נאָך, ער איז אין געטאָ, — דאַרף מען אויך אים באַזייטיקן

3.

אין זאַגאַרניקס הויז, אין שטאָט, לעבט איצט זיין אָנגעשטעלטע, די פאַרמאַצעווטין קאָזלאָווסקי, און אין איר טאָכטער איז פאַרליבט דער ס"ד=מאַן שוואַנט, דער גרעסטער יידן=מערדער פון גאַנצן קרייז. ער אַליין איז אַ דייטש, אַ געוועזענער לערער פון דער היגער דייטשער פאָלקסשול קען גוט די שטאָט, ניט איינמאָל אויך פריער געווען אין זאַגאַרניקס אַפּטייק. זאַגאַרניקס אנציגער, וועלכע זיינען געבליבן אונטער קאָזלאָווסקיכעס אויפזיכט, זיינען ווי אָנגעמאָסטן אויף אים, ער טראָגט זיי גיט זעלטן. ער האָט ליב אַרויסצוגיין מיט זיין געליבטער אין ציוויל; אויך זיינע איבערפאַלן אויף די מאַרשירנדיקע יידישע קאָלאָנעס מאַכט ער אין ציווילע קליידער, אין זאַגאַרניקס קליידער.

שוואַנט האָט צוגעזאָגט זיין געליבטער איר אָפּצוגעבן זאַגאַרניקס הויז מיט דער אַפּטייק. אים שטייט זאַגאַרניק כלל ניט אין וועג. ביי אים איז דאָך דער קריג שוין ווי געוווּנען. אויף דער זיגרייכער דייטשער אַרמיי קען ער זיך פאַרלאָזן. יאָ, דער ייד וועט שוין קיינ=

מאָל ניט מאָגען זיין פאַרמעגן. אין געטאָ דאָרט וועלן זיי שוין סיי־ווי אומקומען, פון הונגער און שמוץ.

ביי אַזאַ תקיפדיקער מיינונג האַלט זיך אָבער ניט דער ליטווי־שער פריץ. דער דייטשער ענדזיג איז ביי אים גאָר אין גרויס ספק. פאַרקערט, אים נאָגט שוין צו אָפט דער געדאַנק, אַז די דייטשן וועלן נאָך דעם קריג פאַרלירן. דערפאַר גיט אים טאַקע ניט קיין רו דאָס, וואָס זאַגאַרניק לעבט נאָך. ער ווייס אָבער צו וועמען ער דאַרף גיין, ווער עס קען זאַגאַרניקן באַזייטיקן, און ער ווייס שוין אויך וואָס צו זאָגן.

— הייל היטלערים!

— הייל זיגאַס. וואָס גוטס וועסטו זאָגן?

— אין געטאָ זיצט אַ ייד זאַגאַרניק, דער אַפּטייקער, גראָד אים געזען יענעם טאָג, אין גאַס, און זיך דערמאָנט — ער איז דאָך אַ קאָמוניסט.

— טאָ וואָס ווילסטו? פאַרוואָס ביסטו געקומען עס זאָגן?

— נו, צוליב איבערגעגעבנקייט פאַרן פאָטערלאַנד — רעדט שוין שטאַמלענדיק דער פריץ, אונטער די שאַרפע אויגן און בראָגן פון שוואַנט.

— אַלע יידן זיינען דאָך קאָמוניסטן?...

— יאָ, אָבער זאַגאַרניק איז אַ גאָר געפערלעכער קאָמוניסט.

שוואַנט האָט זיך געוויגט אויף זיין שטול, אונטערן גרויסן בילד פון „פירער“, זיינע אויגן האָבן זיך געביסן אין פנים פון ליטווין, געוואָלט אַרויספאָרשן דעם טיפערן גרונט פון דער מסירה; פאַר־שטאַנען, אַז עפעס באַהאַלט זיך אויס אַהינטער דער פויערישער גוטסקייט צו דער דייטשער מאַכט.

דער פויער האָט ניט אויסגעהאַלטן דאָס ביסטרע אַריינקוקן אין אים, די ערד האָט אָנגעפאַנגען ברענען אונטער זיינע פיס. ער האָט געוואָלט אָפּווענדן דעם בליק און אַ הייב געטאָן העכער דעם קאָפּ, נאָר זיינע בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט די רציחהדיקע אויגן פון „פירער“ אויפן וואַנט. אין האַרצן האָט אים אויפגעבריזט אַ קללה אויף דער מאַכט מיט זייער „פירער“ צוזאַמען.

— נו, גוט, — האָט שוואַנט זיך אַ הייב געטאָן — מיר וועלן ברענגען אַהער זאַגאַרניקן, וועסט אים זאָגן, אַז דו קענסט אים אַלס

קאָמוניסט נאָר היינט האָב איך ניט קיין צייט, לאָז דיין אַדרעס. מען וועט דיך שוין רופן.

דער פויער איז אַוועק, און עס האָט אים שוין פאַרדראָסן אויפן גאַנצן ענין. געמיינט, אַז עס וועט לייכטער גיין, אַ יידן וועט מען דערשיסן, און אַ סוף. נאָר אַ ביטערער מענטש דער דאָזיקער שוואַנט, — האָט דער פריץ זיך געטראַכט — ער שלאָגט דאָך ניט נאָר יידן, אַפילו פויערים אויך... איצט איז אָבער שוין ניט געווען קיין צוריק. פאַרקראָכן אַ ביסל אין אַ בלאָטע, מוז מען בראָדזענען ווייטער. און ער פאַרטראַכט די סימנים, מיט וועלכע ער וועט באַווייזן, אַז זאַגאַרניק איז טאַקע אַ קאָמוניסט.

.4

דער אויטאָ פון געביטס-קאָמיסאַר איז גיכער געלאָפן ווי דעם פריצס פערד. אַז ער איז אַהיים געקומען, האָט אים שוין שוואַנט אָפּגעוואַרט. אויפן טיש איז געלעגן גאָלד און ווערטזאַכן מיט זאַגאַרניקס מאָנאָגראַם, ווי אויך די אונטערגעשריבענע פאַרפליכטונג אויף די אַפּטייק, וואָס שוואַנט האָט געפונען ביים פריץ אַהינטערן שפּיגל. אין שטוב איז אַלץ געווען איבערגעדרייט, פונאַנדערגעוואָרפן, ווי נאָך אַ פּאָגראָם אין אַ יידיש הויז. עס דערזעענדיק האָט דער פריץ זיך איבערגעצלמט, ניט געגלייבט זיינע אויגן, בלייבנדיק שטיין אַ באַנומענער ביי דער טיר.

דער גלאַנציקער רעוואָלווער אין שוואַנטעס האַנט האָט אים איינגעלאַדן נענטער.

איצט האָט מען געוואַרט אויף די דאָרף-באַאַמטע און געמיינדע-שרייבער, מען זאָל ברענגען די פּאַפּירן, ווו ס'איז פאַראַן די "אָנגאַבן„ פון פריץ, וועגן צאָל פון זיינע בהמות, תבואה, חזירים און עופות. אַז קאָנטראָלירן — איז שוין אַלץ.

שוואַנט האָט גלייך צוגענומען דעם אַקט פון דאָרף-שרייבערס האַנט, ניט פאָרגעלייענט וויפל דאָרטן איז פאַרשריבן. די ליטווינער-באַאַמטע האַלטן דאָך מיטן פריץ, טרויט זיי שוואַנט ניט. זיי ציילן נאָר און ער מאַכט באַמערקונגען אויפן פּאַפּיר. געענדיקט דאָס ציילן הייסט ער מיטנעמען 6 קי, די בעסטע, פאַרשטייט זיך; צוועלף חזירים, פיר-און-דרייסיק הינער און הונדערט אַכציק צענטנער תבואה. דאָס איז צופיל, ניט געווען אויפגעגעבן.

דער פּריץ האָט געוויינט, געקלאָגט, זיך געשלאָגן אין האַרצן, זיך געבעטן. ס'האָט ניט געהאָלפֿן.

— וועסט נאָך גיין אין טורמע פֿאַרן מאַכן אַ געשעפֿט מיט יידן און פֿאַר פֿאַלשע אָנגאַבן — האָט שוואַנט אַ זאָג געטאָן, ביים אַרויסגיין צום אויטאָ — אַט האָט דיך דער ייד פֿאַרראַטן, דערציילט, אַז דו האָסט גענומען פֿון אים געלד, אַז אונטערשריפֿט אויף דער אַפּטייק.

די אַרומיקע פּויערים. וואָס האָבן זיך דערווייל דאָ פֿאַרזאַמלט, האָבן געצישעט מיט האַס: — אַט דער פֿאַרפֿלוכטער ייד, אַז דערהרגענען דאַרף מען זיי אַלעמען, געוואָלט אים ראַטעווען, גייט ער גאָר מסרן!

— איך וועל מיין יידן היינט נאָך אַרויסטרייבן, — האָט זיך געשווירן זאַרונאַס, און דורך דעם זיך אַליין פֿאַרראַטן, אַז ער באַהאַלט אוים אַ יידן.

דער אַלטער אַדאַמאיטיש האָט זיך איינגעשטעלט, געוואָלט דערווייזן די פּויערים:

—בהמות, כאַמעס וואָס איר זייט, איר פֿאַרשטייט ניט, אַז דאָס איז נאָר אַן אָנשטעל פֿון דייטשן הונט, ער וויל אייך אויפֿהעצן, איר זאָלט ניט העלפֿן די אומגליקלעכע יידן?

— טאָ פֿון וואַנעט וואָלט ער געוווּסט, האָבן די פּויערים זיך ניט געוואָלט לאָזן ריידן, אַז דעם אַפּטייקערס זאַכן געפֿינען זיך גראָד דאָ?

דער פּריץ אַליין האָט פֿאַרביסן געשוויגן.

⁂

שוואַנטס שטיוול האָט עלאַסטיש געדריקט דעם גאַזפּעדאַל, זיינע הענט האָבן זיך שפּילעוודיק באַוועגט אויפֿן שטייער-רעדל, דער קילאָמעטער-ציילער האָט זיך געוואָרפֿן צווישן הונדערט און הונדערט צוואַנציק. דער אויטאָ האָט זיך ווי אַ וויכער געטראָגן איבערן געבערגלטן וועג, דער מאָטאָר האָט פֿריידיק געברומט, ווי ער וואָלט איבערגעשפּילט די פֿרייד פֿון דעם אייזערנעם האַרץ, פֿון דעם אויטאָטרייבער. אַ דינער שמייכל האָט זיך געשנירעלט אַרום שוואַנטס ליפּן, ער איז צופֿרידן געווען מיט זיין געשיקטקייט, מיט זיין חכמה. אין געדאַנק איז ער סאָלדאַטיש שטראַם געשטאַנען, פֿאַר זיך אַליין — אַט וועט עס זיין אַ סענסאַציע פֿאַר זיין געליבטער! נאָר זאַגאַר=

ניקן וועט ער דאָך ניט פאַרשווייגן. מאָרגן שיקט ער אָקאָרשט אים רופן פון געטאָ.

5.

— דערקענסט דעם אונטערשריפט?

— יאַוואָל.

— פאַרוואָס האָסטו אים עפּעס אָפּגעגעבן דיין אַפּטייק, ווען מיר וועלן פאַרשפּילן דעם קריג, וועסטו עס דאָך קענען צוריק האָבן?

— האָט דער מערדער געשפּיזלט זיין יעדן וואָרט מיט אַ ציניש שמייכל אין זאַגאַרניקס פּנים אַריין.

— ער איז מיינס אַ גוטער פריינד, האָב איך אים געשאָנקען. איך וועל סיי־ווי ניט איבערלעבן אין געטאָ.

שוואַנטס פויסט האָט אַ זעץ געטאָן זאַגאַרניקן אין פּנים. אַ שטראָם בלוט האָט אַ שפּריץ געטאָן אויף שוואַנטס מונדיר.

— זע! וואָס האָסטו געטאָן, דרעקיקער ייד, האָסט מיך באַפלעקט מיט דיין אורין — און צוויי שטיוול האָבן זיך געטאָן אַ פּרעס אַריין אין אַנידערגעשליידערטן גוף — הע, הע, האָט דער מערדער זיך געהאָפּקעט, געשפּרונגען אויף זיין קרבן און מיט די שטיוול־שפּיצן אים אַרויסגעבריקעט פון צימער, אַלע טרעפּ אַרונטער.

די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין געביטס־קאָמיסאַריאַט, האָבן זאַגאַרניקן אַרומגעווישט דאָס בלוט און געבראַכט אונטער די אָרעמס אין געטאָ.

ביינאַכט האָט שוואַנט דערציילט זיין געליבטער וועגן זיין היינטיקער העלדישקייט, און איר איבערגעגעבן אַ פּאַפּיר, אַז די אַפּטייק געהערט פון איצט איר — „דאָס שענקט דיר דער דייטשער טויזנט־יאָריקער רייך".

# שוואַרצער אַספאַלט אויף וואַרעמע גופים

די דייטשן האָבן אָנגעפאַנגען בויען אַעראָדראָמען גלייך ביי זייער אַריינקומען אין לאַנד. געבויט האָבן יידן, רוסישע קריגס־געפאַנגענע, צוואַנגס־אַרבעטער, פון אומעטום ווו דער ברוינער שטיוול האָט נאָר אַריינגעטראָטן און געקענט אַרויסטרייבן פון דאָרטן אַרבעטער.

די טאַקטיק איז געווען ווי ביים בוי פון לעגענדאַרן בבל־טורם. בכיוון האָט מען אומגעטוישט פעלקער. פאַליאַקן האָט מען געשיקט אין פראַנקרייך און פראַנצויזן קיין פוילן. זאָלן זייערע לשונות זיין אומפאַרשטענדלעכע אין די לענדער וווּ זיי קומען, וואָס מער אום־פאַרשטענדלעכקייט אונטער די שקלאַפן אַלץ בעסער האָט זיך געלאָזט די ברוינע שווערד דערשטעכן און צעשניידן אַלע גורל־געמיינזאַמע בינדפעדים צווישן זייערע פאַרקנעכטעטע. די שקלאַפן האָבן אַליין זיך געריסן, זיך געהאַסט, באַקעמפט און געמאָרדעט.

וואָס לענגער ס׳האָט אָנגעהאַלטן די פאַרשקלאַפונג אַלץ תהומ־יקער איז געוואָרן דער אָפּגרונט אונטער די פאַרשיידענע צוואַנגס־פאַרשלעפּטע, אַלץ מער איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן די מענטש־געפילן ביי די ליידנדע. וואָס לענגער מען איז געווען פון משפחה, פרוי און קינד, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער דראַנג צום לעבן, און דעם חברס מיטלעבן האָט אַרויסגערופן פראָטעסט. די ברוינע בעסטיע האָט פאַרשטאַנען אויסצושפּילן פאָלק קעגן פאָלק, מענטש קעגן מענטש, שוין אָפּגערעדט פון ראַסן־אַנטאַגאָניזם.

יידן זיינען פאַרשטענדלעך אויך דאָ, אין עמק־הבכה פון מענטש־לעכע ליידן, געשטעלט געוואָרן מחוץ דעם „געזעץ", צווישן די, פאַר וועמען ס׳איז אַליין קיין געזעץ ניט געווען. נאָר אויך דאָ זיינען יידן געווען די גרעסטע קאָסמאָפּאָליטן, מיט זייער שפּראַך־מעגלעכקייטן און גייסטיקע פאַרבילדיקייט. און אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס זיי איז ערגער געווען, זיינען יידן דערפאַר בעסער געווען. מענטשלעכער, האַרציקער צו זייערע מיטליידנדע.

1941 האָבן די דייטשן ניט געוווּסט וואָס צו טון מיטן ריזיקן רוסישן מיליטער, וועלכער איז אַרייַנגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט גלייך אין די ערשטע מלחמה־וואָכן. אויב ייִדן האָט מען נאָך געמאָרדעט מיט אַ „פּלאַן", האָט מען די רוסישע קריגס־געפֿאַנגענע דערהרגעט ווי ווּ ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. ניט „באַהאַלטן", ווי ייִדן, אין די וועלדער, נאָר אָפֿן, אויף די גאַסן האָבן די דייטשע פּאַטרולן זיי געשלאָגן מיט די ביקסן־קאָלבעס איבער די קעפּ, פֿאַר אַלע פֿאַרבייגייער אין די אויגן, געמאָרדעט יעדן טאָג, גייענדיק פֿון און צו דער אַרבעט.

ביי פּופֿציק־טויזנט קריגס־געפֿאַנגענע האָבן דאָן געאַרבעט אויפֿן שאַוולער אַעראָדראָם. די דייטשע זיינען ווילד געווען פֿון נצחון־שיכרות. יעדער איינפֿאַכער ווערמאַכט־סאָלדאַט, ניט ס"ס אָדער ס"ד, האָט געמאָרדעט לשם ספּאָרט. די יונגע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געווען אין שטאָט דורכמאַכן זייערע מיליטער־איבונגען, האָבן גענומען טויזנטער רוסישע קריגס־געפֿאַנגענע יעדן טאָג אין דער־בייאיקן וועלדל אַלס ציל־פּונקטן, אין וועלכע זיי האָבן זיך געלערנט שיסן. און — זיי האָבן גוט געצילט.

*

אין אָט דער צייט איז געקומען אַ באַפֿעל פֿון דייטשן אַרבעטס־אַמט צו שיקן פֿינף הונדערט ייִדן אויפֿן אַעראָדראָם. דער אַעראָדראָם איז געלעגן אַכט קילאָמעטער פֿון געטאָ. זעכצן קילאָמעטער אַ טאָג גיין און אַ צוועלף שעה'דיקער אַרבעטס־טאָג.

די שיך פֿון די צום אַעראָדראָם־גייענדיקע איז גיך צעריסן געוואָרן. מיטן קומען פֿון ווינטער איז שאַרף געשטאַנען דאָס פּראָבלעם פֿון הונדערטער באָרוועסע ייִדן. אויפֿן ערשטן אויפֿרוף אין געטאָ וועגן אָפּגעבן קליידער, באַזונדערש שיך, פֿאַר דער אַעראָדראָם־קאָלאָנע, האָט די באַפֿעלקערונג תיכף געענטפֿערט מיט אַלץ אויסער — שיך. דעם צווייטן מאָל זיינען די אָרדנונגס־דינסט און עלטסטנראַט־מיטגלידער אַליין געגאַנגען, ביי די וועמען מען האָט חושד געווען, אַז זיי האָבן און ווילן ניט געבן. מען האָט אַליין געעפֿנט שאַפֿן, געזוכט, נאָר קיין גרויסע רעזולטאַטן האָט עס אויך ניט געגעבן. די באַפֿעלקערונג האָט פּשוט ניט געהאַט קיין שיכוואַרג. דאָן איז געלונגען צו מאַכן אַ טויזנט פּאָר שיך מיט הילצערנע־זוילן. פֿון

ווייט, ווייט פֿלעגט הילכן דער עלנט־מאַרש איבער די בריק־שטייגער. אָבער באָרוועס איז מען שוין ניט געווען.

די אַרבעט אַליין אויפֿן אַעראָדראָם איז געווען אַ קאַטאָרזשנע, קיין אָפּרו־טאָג איז ניט געווען. דער עלטסטן־ראַט האָט דערפֿאַר אויפֿגעפֿאָדערט אַלע וואָס אַרבעטן אַ גאַנצע וואָך אויף לייכטערע אַרבעטס־פּלעצער זאָלן זונטיק גיין אויפֿן אַעראָדראָם, פֿאַרבייטן די דאָרט שטענדיק אַרבעטנדע.

*

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער און די רוסן, וועלכע מען האָט ניט דערמאָרדעט, זיינען געפֿאַלן ווי פֿליגן פֿון קעלט. יעדן טאָג פֿלעגן זיך ציען צענדליקער פֿורן, אייגע הינטער די אַנדערע, לענגז אויס דורכן שטאָט צום רוסישן מאָהילניק. אויף די פֿורן פֿלעגן ליגן, צוזאַמענגעוואָרפֿן, איינע איבער די אַנדערע, פֿאַרהונגערטע, דערפֿראָרענע רוסן. די חברים, וועלכע פֿלעגן ציען די פֿורן, זיינען געווען די מאָרגנדיקע קאַנדידאַטן געצוייגן צו ווערן. אַ סך מאָל פֿלעגן די פֿורן אויף זייער צוריק־וועגס שוין אויפֿנעמען די, וועלכע האָבן נאָך מיט מינוטן צוריק פֿאַרשאָטן זייערע חברים.

ווער קען באַרעכענען יענע ריזיקע צאָל פֿון טויטע, וואָס זיינען ווי זעק געוואָרפֿן געוואָרן אין די מאַסן־קברים און פֿאַרשאָטן געוואָרן מיט קאַלך.

ווען מאַמעס אין אַרכאַנגעלסק און יאַרקוטצק באַוויינען זייערע קינדער און קיין מאָל ניט וויסן, וווּ זיי זיינען אַהינגעקומען. אַ גרויסער טייל מאַמעס קענען גיין אויפֿן מאָהילניק אין שאַוול, דאָרט לאָזן אַ טרער. טויזנטער מאַמעס וועלן קיין טעות ניט האָבן.

יידן האָבן באַשלאָסן צו שטיצן די קריגס־געפֿאַנגענע. אונטער לעבנס־סכנה האָבן די אַרבעטער פֿון אַעראָדראָם, באַזונדערש פֿרויען, אָפּשפּאָרנדיק זייער לעצטן ביסן, עס אַריבערגעוואָרפֿן די קריגס־געפֿאַנגענע. אויך העמטשקעס, טיכער פֿאַר די אויערן, שאַליקעס און אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט.

אַז יידישע פֿרויען האָבן געקראָגן אַרבעט צו מאַכן אויערן־שיצערס פֿאַר דער דייטשער ווערמאַכט, וואָס האָט אָנגעפֿאַנגען פֿרירן

אין רוסלאַנד, און די אַרבעט האָט געזאָלט געמאַכט ווערן שנעל, האָבן די יידישע פרויען אַוועקגעשיקט יעדן טאָג הונדערטער פאַר אויערן־שיצער, אָנשטאָט צו דער ווערמאַכט — צו די געפאַנגענע רוסן.

יידן פלעגן אויך אַריבערברענגען די געפאַנגענע אַלע פראָנט־נייעס.

אין אַ טאָג ווען די רוסן האָבן זיך דערוווסט, אַז די דייטשן שטייען ביי מאָסקווע, האָט אַן אַזשערבידזשאַנער געפאַנגענער פאַר־לייגט די הענט אויפן האַרצן און זיך צעוויינט ווי אַ קינד: „מאסקווא מאַיאַ.“ דער דייטשער פאָסטן איז צוגעפאַלן און אים אָנגעפאַנגען שלאָגן. אין דעם מאָמענט האָט דער רוס אַ כאַפּ־געטאָן אַ לאָפּעטע און אַריבערגעלאָזן דעם דייטשן איבערן קאָפּ. דער דייטש איז עפאַלן אַ טויטער. די רוסן האָבן ספּאָנטאַן אָנגעפאַנגען לויפן אין ווילדער פּאַניק צום וואַלד. די דייטשן האָבן זיי נאָכגעשאָסן. טויזנטער זיינען געפאַלן. איינציקע איז געלונגען אַנטרונען צו ווערן. דער שניי איבערן שוואַרצן אַעראָדראָם־אַספאַלט איז רויט געוואָרן פון בלוט. דעם גאַנצן טאָג האָבן דייטשן אָן אויפהער געשאָסן .זייערע קרבנות. אַ טייל האָט מען שפּעטער באַגראָבן, איבערן גרעסטן טייל, ביי צען־טויזנט, האָבן די דייטשן אויסגעלאָזט זייער סאַדיסטישע נקמה: געצוווּנגען די לעבן־געבליבענע פונאַנדערצוואַרפן די דערמאָרדעטע גופים אין די גריבער פון פלוג־פּלאַץ. די ערד איז אויסגעגלייכט געוואָרן. אויף זיי האָט מען געגאָסן בעטאָן און די אַספאַלט־מאַשין האָט צעקוועטשט בלוט, מאַרך, געהירן מיט שוואַרצן אַספאַלט.

* * *

צוויי פון די זיך געראַטעוועטע רויט־אַרמייער, יידן, זיינען באַ־נאַכט אַריין אין געטאָ. מען האָט זיי אָנגעטאָן וואַרעם און זיי זיינען אַוועק, מיטן ציל צו דערגרייכן דעם אייגענעם פראָנט. דער האַס און ווילן צו נקמה האָט געברענט אין זייערע אויגן.

# אויב ניט נאָך העכער

דער ערשטער יום־כיפּור אין געטאָ.

אַ געדיכטע שוואַרצע אימה האָט אַלעמען אָנגעפילט. אַ שרעק האָט געשטראָמט פון די יידישע הערצער דורך די אויגן אַדורך. אַפילו פרומע יידן האָבן ניט געפילט דעם אימת־הדין, די מורא פאַר גאָטס שטראָף. וואָס קען גע'חתמעט ווערן אויפן קומענדיקן יאָר; מען האָט זיך היינטיקס מאָל מער געגרייט אויף אַ געטענה מיט גאָט, אויסגיסן פאַר אים דעם גאַנצן ביטערן אמת: צו האַרב איז זיין שטראָף, זיין גזר צו מוראָדיק, אַז באו מים עד נפש.

* *
*

סאַנע שולמאַן איז שוין פערציק יאָר אַ ימים־נוראים'דיקער בעל תפילה קיין גרויסער למדן איז סאַנע ניט; ווי און ווען האָט ער געקענט זיך עוסק זיין תורה, אַז צו פופצן יאָר איז ער שוין אַוועק לערנען גאַרבעריי. סאַנע איז אָבער פרום געווען, ביז גאָר פרים. געגלייבט אין גאָט און מקיים געווען זיינע מצוות. אַ גאַנצן לעבן ניט פאַרפעלט זיך צוצוהערן אַ פרק משניות אַלע טאָג, בין מנחה למעריב. און אַ שטימע האָט סאַנע געהאַט אַ שיינע, אַן אָנגענעמע, ער האָט אויך גוט פאַרשטאַנען דעם פירוש המלות; מיט זיין טיפן מענאָר האָט ער די תפילות אויסגעזונגען און דורך דער נגינה פאַרטייטשט אַיעדער וואָרט־געדאַנק. די ווייבער, און טאַקע אויך די מענער האָבן אַיעדן ימים־נוראים אָנגעקוואָלן הערנדיק סאַנעס דאַווענען אין פרענקעלס בית־המדרש. ווי סאַנע איז ניין־און דרייסיק יאָר געווען דער שליח־ציבור.

סאַנען האָט זיין פרומקייט ניט געשטערט צו זיין אין פינפטן יאָר איינער פון די בונטאָווטשיקעס אויף דער פאַבריק, צו געהערן אַ גאַנץ לעבן צו די רעוואָלוציאָנערע קרייזן, צו קעמפן פאַר אַרבעטער רעכט און זיצן אַפילו דערפאַר אין דער ווייסער שטאָט־טורמע. יאָרן לאַנג איז ער געווען אויפן לייסטער און אויג פון דער צאַרישער פאָליציי

אַנדערש זיינען־שוין געווען סאַנעס קינדער. זיינע צוויי זין האָבן געהאַט נאָר איין טייל פון טאַטנס לעבנס=פיר — דעם רעוואָלוציאָנערן. די זין זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד. איינער איז געוואָרן אַ קאָמיסאַר. דער צווייטער האָט זיך באַזעצט אין בירא=בידזשאַן, געוואָרן אַן ערד=אַרבעטער. סאַנע האָט וועגן די קינדער גערעדט מיט שטאָלץ, באָטש ער האָט אויך ניט באַהאַלטן זיין פאַרדראָס, וואָס דער יונגערער, אין בירא=בידזשאַן, האָט אָפּגענומען זיין כלה ביילקען און לעבט דאָרט מיט איר אָן חופּה וקידושין.

ב

אין טהרה=שטיבל, אויפן בית=עולם, זאַמלט זיך איצט דער עולם צו כל נדרי. סאַנע זיצט שוין אָנגעטון אין ווייסן קיטל, ווי אַ מת פון דעם טהרה=ברעט אַראָפּ, וואָס שטייט איצט אין ווינקל פאַר=רוקט. סאַנע זאָגט תפילה זכה און זיין ווייס בלוטלאָז פּנים איז ווי טויט.

דאָס טהרה=שטיבל=בית=המדרש איז שוין פול, מענטשן דריקן זיך איינער ביי דעם אַנדערן. ביים טהרה=ברעט, אין רינשטאָק, ווו עס לויפט דאָס טהרה=וואַסער, ביים שוואַרצן קעסל, וואָס שטאַרצט אימהדיק אַרויס צווישן די ווייס=באַקיטלטע גופים — אומעטום לעבעדיקע מתים, ניט=טויט, ניט=לעבעדיקע יידן, וואָס האָבן זיך דאָ צונויפגעקוועטשט, כדי אויסצוגיסן זייערע ביטערע הערצער פאַר גאָט

אַ קוק דורכן שייבל: — שוין צייט זאָגן כל נדרי! — סאַנע ציט אַריבער דעם טלית איבערן קאָפּ, שטעלט זיך ביים שטענדער, ביי דער ווייס=געקאַלכטער וואַנט, פון וועלכער עס שוואַרצט זיך אַראָפּ דער „צדק לפניו יהלך“ מתפללים קרעכצן, זיפצן — ווערן שטיל. די שטילקייט אַ פאָרכטיקע, אַ ציטערדיקע, פילט אָן דאָס שטיבל. ביז סאַנעס שטימע פאַרפולט די שטילקייט מיט דבקות: על דעת המקום ועל דעת הקהל — כל נדרי

ליפּן באַוועגן זיך לאַנגזאַם, זאָגן נאָך און ציען די ווערטער צוזאַמען מיטן חזן. געוויין, כליפּעריי, יללות. אַלעמענס אויגן זיינען פול טרערן. דער חזן לאָזט אָבער ניט אָפּ. אויף זיינע פּלייצעס האָט אָט דאָס געטאָ=פאָלק אַרויפגעלייגט היינט אַ שווערע שליחות. דורך ניין=און דרייסיק יאָר איז אים ניט געלונגען אויסצופּועלן ביים רבונו של עולם, אַז די היינטיקע גזרות זאָלן פאַרמידן ווערן, — מיז ער

זיי איצט כאָטש אָפּשטעלן, ער מוז! איז — „סלח נא... יכאשר נשאת לעם הזה ממצרים ועד הנה...“ בײַ די לעצטע צוויי ווערטער איז זיין שטימע שוין אַזוי שטאַרק, אַז די ווענט פון טהרה־שטיבל טרייסלען זיך. נאָר די מתפּללים שרייען נאָך העכער פון אים. פּאַרגייען אין געבעט, אין געפּרום, מיט צאָרן־טענער פון באַפעל; די קולות רייסן זיך, טראָגן זיך, שפּאַרן זיך איבער, קייקלען זיך איבערן בית־עולם, אַריבער אַלע קברים, ווו עס ליגן טאַטעס און מאַמעס — ויאמר יהוה סלחתי כדבריך!

אין דרויסן ליגט די נאַכט, אַ חיה מיט מוטנע שוואַרצע אויגן. אַ שטומע נאַכט, אַ שטומער הימל, ווי שטום עס זיינען די מצבות אויפן פעלד. דאָס קליינע הייפל יידן אינעווייניק רייסן מיט זייערע קולות דורך דעם חושך, רייסן איין דעם הימל, פאַרמעסטן זיך צו מאַכן ריידן די מצבות אויף די קברים און די מתים וואָס אין זיי. זאָלן זיי, די שוכני עפר, אויפשטורעמען דעם כסא הכבוד! טויטע מיט טויט־פאַרמשפּטע זאָלן אָפּשרייען די גזירה!

מען דאַוונט מיט געוויין. איינער שרייט העכער פון צווייטן, ווי אין אַ פאַרמעסט, וועמענס תפילה ס׳וועט פריער דערהערט ווערן. ווי שניי־באַדעקטע ביימער אין שטורעם־ווינט שאָקלען זיך ווייס־באַקיטלטע גופים; ווייס־שוואַרץ באַטליתטע קעפּ וויגן זיך, אָט לאַנגזאַם, קוים קוים וואָס זיי באַוועגן זיך, און באַלד שטורעמדיק, הענט רייסן זיך צום הימל און פאַלן כוחלאָז אַראָפּ, ווי צווייגן וואָס ברעכן זיך אין זאַווערוכע.

נאָר איין סאַנע שאָקלט זיך ניט. זיינע הענט פאַרוואָרפן איבערן שטענדער שטייט ער האַלב געבויגן, ווי אַ מאַרמאָר סטאַטוע. זיינע ליפּן פּרעפּלען נאָר און פון די אויגן רינען אים גרויסע טרערן, וואָס קייקלען זיך אין דער ווייסער באָרד אַריין. ער זאָגט די תפילות וואָרט־בײַ־וואָרט, ווי ער וואָלט זיך באַוועגט איבער אַ טרייסלגדיקער בריק. און פּלוצים הערן אויף אויך זיינע ליפּן זיך צו באַוועגן. זיין בליק בלייבט הענגען פאַרשטאַרט אויף דער וואַנט. און אין די אויגן גליט אַן אָפענער רעוואָלוציאָנערער פלאַם; אפשר ווי דאַן, אין פינפטן יאָר, ווען מען האָט אַרויסגערופן דעם שטרייק אויף דער פאַבריק, פאַר וועלכן ער איז אַוועק אין תפיסה. סאַנעס קאָפּ גיט אַ זונק צום

שטענדער אַראָפּ און בלייבט ליגן. פאַר זיינע אויגן שטייען איצט די דערמאָרדעטע טעכטער זיינע, די אייניקלעך, וואָס וואַלגערן זיך הונגעריקע ביי אים — איז ער שטיין געבליבן ביי „אַתה בחרתנו“, עס איז אים שווער צו זאָגן: גאָט, דו האָסט אונדז אויסדערוויילט...

די מתפּללים ווערן שטילער, קעפּ הייבן זיך פון אונטער די טליתים, פאַרוויינטע אויגן קוקן זיך איבער, מיינען אַז סאַנגע איז ניט גוט געוואָרן, אַז ער איז פאַרחלשט געוואָרן. עמעצער פּראָבירט אים מינטערן. נאָר סאַנגע ווייגט פון אונטערן טלית אַרוים: אוי, אוי, אוי; אוי-אוי-אוי און, ניט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון שטענדער, ווי ער וואָלט גערעדט צו אַ דערבייאיקן —

אוי אַתה בחרתנו מכל העמים — טאָ זאָג פאַרוואָס?
אָהבת אותנו — איז זאָג פאַרוואָס?
ורצית בנו — טאָ פאַרוואָס?
ורוממתנו מכל הלשונות — איז טאַטע פאַרוואָס?
וקדשתנו במצותיך — איז דאָך טאַקע פאַרוואָס?
וקרבתנו מלכנו לעבודתך — אוי, איז פאַרוואָס?
ושמך הגדול והקדוש עלינו קראת — איז טאַטע האַרציקער, גרויסער, אוי, פאַרוואָס?

די מתפּללים הערן; אַנדערע זיינען אַפילו ברוגזלעך, וואָס סאַנגע האָט מפסיק געווען נאָר אויף יידיש, קיינער שטערט אים אָבער ניט. און סאַנגע האָט שוין אָפּגעריסן דעם קאָפּ פון שטענדער, טענהט איצט אָפן, הויך און קלאָר:

אוי פאַרוואָס, אַז אַתה בחרתנו, אַזויפיל ליידן?
אַז אָהבת אותנו — אַזויפיל פּיין?
אַז ורצית בנו — אַזויפיל צרות?
און אַז ורוממתנו מכל הלשונות — איז זע וויפל המגם?
און וקדשתנו טאַקע במצותיך — לאָזט מען אונדז דאָך ניט מקיים זיין!
און אַז דו האָסט אונדז דערנענטערט — האָבן זיי אונדז אַזוי פיינט.
אָבער אַז ושמך הגדול והקדוש עלינו קראת — טאָרן מיר דאָך ניט אומקומען —

איז העלף, ט—אַ—ט—ע העלף — ווייל אתה בחרתנו מכל העמים — —

אַזוי האָט זיך סאַנע אַדורכגעטענהט מיט גאָט.

ג.

אַז מען איז אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה און אָנגעפאַנגען בעטן, אַז דאָס געבעט זאָל נאָך אַרויפגיין פון אָוונט צו גאָט, האָט עמעצער פון דרויסן אַריינגעשריען: „יידן, מען כאַפט צום אַעראָדראָם.“ באַלד איז אַ צווייטער אַריינגעלאָפן, וואָס האָט שוין קלאָר דערציילט: היינט, צו נאַכט־שיכט זיינען גאָר אַרויס דרייסיק מענטשן, אָנשטאָט די פינף הונדערט, וואָס דאַרפן גיין, האָט דער בוי־לייטער געשיקט זאָגן: אויב די צאָל יידן וועט זיך ניט צושטעלן אין צוויי שעה. שיקט ער ס"ד מאַכן „אָרדנונג“ אין געטאָ

אַ ווייטיקדיקער טרויער האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אַלע פנימער. קיינער האָט ניט געוואַגט צו פאַרלאָזן דער ערשטער דאָס דאַווגען. נאָר סאַנע האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים פון וואַנט און אַ זאָג געטאָן: איך גיי צום אַעראָדראָם, עס איז אַ מצווה, ראַטעווען יידן פון טויט.

זיינע זעכציק־יאָריקע פיס האָבן געשטופט די הילצערנע שיך איבערן לאַנגען בלאָטיקן וועג, פון געטאָ צום אַעראָדראָם. סאַנע איז געגאַנגען שטיל אין ריי, ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, נאָר זיינע ליפן האָבן זיך באַוועגט.

האָט סאַנע ווייטער געפירט זיין דין־תורה מיט גאָט?

* * *

פון אַעראָדראָם האָט מען סאַנען געבראַכט אין דער פרי אונטער די אָרעמס. דעם זעלבן טאָג איז ער נפטר געוואָרן.

מוצאי יום־כפור האָט מען אים געבראַכט צו קבורה. יידן האָבן געזיפצט: אַ הייליקע נשמה, וועט אַוודאי גלייך אין גן־עדן אַריין. איינער פון די מלוים האָט אַ זאָג געטון — א ו י ב נ י ט נ אָ ך ה ע כ ע ר !

8

# ממעמקים

ממעמקים קראתיך יהוה
אדני שמעה בקולי,
תהיינה אזניך קשובות,
לקול תחנוני.
(תהלים, קל.)

יום־כפור באַגינען.

אומזיסט האָבן די אָרדנונגס־דינסטלער געקלאַפּט אין די פענצטער־לאָדן, אומזיסט איז געווען זייער סטראַשענען דאָס געטאָ־פאָלק, אַז ס׳וועט זיין אַ שוואַרצער יום־כפור, אַז „ניט גאָט, נאָר די דייטשן, וועלן הייגט חתמענען דעם גזר־דין. אויב מען וועט גיט אַרויס צו דער אַרבעט.

דאָס געטאָ איז געלעגן ווי אויסגעשטאָרבן, טויט די געסלעך. ווען־ניט־ווען האָט זיך איינער דורכגעכאַפּט צו אַ שכן — און ווידער שטיל. אַלע זיינען געלעגן פאַרקאָנספּערירט אין די איינגע ענגע ד׳ אמות.

אַזייגער עלף, אַז מען האָט געזען ס׳איז שטיל אין געטאָ, איז מען אַריין אין די בתי־מדרשים, און געשמאַק געדאַווענט; אויס־געגאָסן די ביטערע הערצער אין זיסע תפילות. נאָר גאָר פּלוצים — אַ לויפעניש, לאָדנס פאַרהאַקן זיך, טירן שליסן זיך צו, און עפענען זיך באַלד צוריק, — מען ווייסט ניט ווי זיך אַן עצה צו טאָן: — לאָזן אָפן די טירן און זיך באַהאַלטן אין שטוב, אָדער פאַרשליסן די היימען און זיך באַהאַלטן אין די הייפן. די יידן פירן אַ מלחמה־סטראַטעגיק: אין ערשטן פאַל וועט דער פיינט, געפינענדיק אָפענע טירן, אפשר ניט זוכן אין די הייזער, גלויבנדיק, אַז הינטער אָפענע טירן באַהאַלט זיך קיינער ניט. אין צווייטן פאַל — טראַכטן די יידן: וועט די פיינט נעמען צייט, ביז זיי וועלן אויסברעכן די טיר, אין דאַן, טרעפנדיק ליידיקע הייזער, וועלן זיי זיך אַנטוישן און אַוועקגיין.

נאָר קיין צייט צו מאַכן פּלענער איז ניטאָ. פון מויל צו מויל לויפן די ווילדסטע ידיעות: אַ קאָמפּאַניע פון ס״ד=ניקעס איז אין געטאָ און דערמאָרדעט אויפן אָרט יעדן מאַן, וועמען זיי כאַפּן, אַלט און יונג. פון געטאָ=טויער הערן זיך שיסערייען, פאַרשטיקטע קולות.

די ידיעה האָט, ווי אַ דונער, אַריינגעשלאָגן אויך אין חנא קלאַרמאַנס שטוב, ווו דריי מניינים יידן האָבן איצט געדאַווענט. מען רייסט די טליתים פון זיך, מען זוכט אַן אָרט צו באַהאַלטן די ספר תורה, אין וועלכער מען האָט ערשט איצט געענדיקט לייענען. און ווו באַהאַלט מען זיך אַליין? די צעטומלעניש איז גרויס, נאָך אַ מינוט און די רוצחים וועלן זיך זיכער דערקלייבן אויך אַהער, אין דער דירה פון קלאַרמאַנען, ביים סאַמע ענדע געטאָ. נאָר אָט האָט חנא אַ כאַפּ געטאָן מיט ביידע הענט די ספר תורה און אויסגעשריען: יידן, קומט מיט מיר!

די מתפּללים זיינען אים נאָכגעלאָפן.

אין הויף, האַרט ביים בית=עולם=וואַנט, שטייט אַן אָפּגעלאָזענע פאַרלאָזענע גרויסע שטאַל. שוין פון לאַנג האָט חנא אויסגעשמעקט אַ יעדן ווינקעלע דאָ, ווייס ער, אַז אין שטאַל געפינט זיך אַ קעלער, גרויס ווי די גאַנצע שטאַל און צוויי מעטער טיף. דער פויער האָט, ווי עס זעט זיך, דאָ געהאַלטן קאַרטאָפל אין די ווינטערן. איצט איז דער קעלער פריי, נאָר פינצטער ווי אין אַ קבר און דומפּיק. דער דומפּיקער ריח לאָזט ניט אָטעמען, שטיקט צום ברעכן. אַהער האָט חנא אַראָפּגעטראָגן איצט די ספר תורה. פיר און דרייסיק יידן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער דאָזיקער הייל, דורכן קליינעם לייטערל, וואָס חנא האָט שוין געהאַט צוגעגרייט. חנא אַליין איז אַרויס, פאַרמאַכנדיק דעם קעלער מיט די דילן=ברעטער, ווייל נאָר דאָס איז די עפענונג געווען, קיין ספּעציעלער אַראָפּלאָז איז ניטאָ. איצט האָט ער פאַרשלאָסן די שטאַל=טיר, געבליבן שטיין אויפן הויף, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין. ער האָט אַ וואָרף געטאָן די אויגן, געזוכט אַן אָרט, ווו זיך צו ראַטעווען. זיין בליק האָט דערכאַפּט אַן עפענונג צו אַ שטאַל=בוידעם. ווי אַ קאַץ האָט ער זיך אַ דראַפּע געטאָן אין די ניט געהיבלעוועטע ברעטער און מיטן גאַנצן כוח זיך אַהין אַרויפגעצויגן. אַ סאַפּענדיקער איז ער איין מינוט געלעגן,

נאָר אַ ניט פאַרשטענדלעכער כוח האָט אים אַ שלעפּ געטאָן צוריק, זיך ניט געלאָזט באַהאַלטן, אים געטריבן די געפאַר אַנטקעגן. איז ער אַראָפּ פון בוידעם און זיך געלאָזט מיטן באַרג־אַרויף, צום געטאָ־טויער.

אויפן בערגל זיינען געשטאַנען אַ כאָפּטע געזונטע, באַוואָפנטע ס״ד־ניקעס, ווי זיי וואָלטן געהיט אַ וואַך־פּאָזיציע. פון דאַנעט, ווו דאָס גאַנצע געטאָ איז געלעגן אָפן פאַר זייערע אויגן, האָבן זיי גענישטערט אין אַלע זייטן. אַזוי ווי חנא האָט זיך דערנענטערט האָבן זיי אים איינגעטיילט אַ פּאָרציע קלעפּ און באַפוילן לויפן צום טויער. חנא איז אַליין געלאָפן דורכן געטאָ־גאָרטן, נאָר שוין זייענדיק האַרט ביים טויער, האָט ער ערשט דערפילט די סכנה און אויסמיידנדיק די מערדער, מיטן זעלבן אימפּעט צוריק־געלאָפן אַ היים.

גוט אָנגעשראָקן דאָס געטאָ־פאָלק. און צעהרגעט ווער ס'איז געקומען אונטער זייער האַנט, זיינען די ס״ד־לייט אַוועק. די ידיעה האָט זיך שנעל צעטראָגן אַ פרייליכע איבערן געטאָ. פון אַלע מיסט־קאַסטנס, קלאָזעטן, בוידעמער און קעלערן האָבן אָנגעפאַנגען אַרויס־קריכן בלייכע, טויט־דערשראָקענע מאַנסבילן.

אַז חנא האָט געעפנט דעם קעלער, געמאָלדן אַז די געפאַר איז פאַרביי, האָבן די יידן אין קעלער זיך צעוויינט; געוויינט פון שמחה, פאַר גאָטס אָפענע ניסים... און געכאַפּט אַ ביסל פרישע לופט, אין די זיך שטיקנדיקע לונגען. מען האָט אָנגעפאַנגען קריכן פון קעלער, נאָר משה דער פישער האָט אַ בעט געטאָן מיט טרערן: יידן, לאָמיר דאָ דאַוונען ווייטער, כאָטש איין תפילה, פון דער דאָזיקער טיפעניש, ממעמקים, ווי אין יוספס גרוב. די יידן האָבן צוגעשטימט. און געהאַלטן ביי יזכור — האָט מען דאָס געזאָגט. געזאָגט יזכור נאָך די געשטאָרבענע, וואָס אַ סך זיינען געלעגן טאַקע דאָ אויפן בית־עולם, פון יענער זייט וואַנט, נאָר — אַ ביסל העכער צום אויבערפלאַך, ניט אַזוי טיף אין דער מאַמע־ערד, ווי די, וואָס האָבן דאָ איצט יזכור געזאָגט...

# א קאַמף די ניט געבוירענע

פאַרשטענדלעך, אַז די מערדער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן גענומען אַלץ, וואָס איז שוין געווען פאַר זיי אָנגעגרייט פון אַלע המן׳ס אין דער יידישער געשיכטע און מיט עכט דייטשער פאַר־שאָלטענער פינקטלעכקייט, בעסטיאַלישער מערדערישקייט, אַדורכ־געפירט. זיי האָבן טאַקע אויסגעטראַכט מיידאַנעק און אוישוויץ, גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, נאָר אויך די „פאַרעלטערטע", פינצטערע מעטאָדן פון אַלע זייערע פאָרגייער אין אַלע צייטן האָבן זיי ניט געלאָזט אָן אָנווענדונג.

1942 האָבן זיי באַנייט דאָס „געזעץ" פון פרעה מלך מצרים: כל הבן הילוד — וכל הבת אויך — אַלע קינדער וואָס ווערן פון איצט געבוירן מוזן געטויט ווערן. שוואַנגערע מוזן איבעררייסן זייער שוואַנגערשאַפט. די פרויען, וואָס וועלן פון איצט פאַרשוואַנגערן, מוזן צוגעשטעלט ווערן די דייטשן.

יידן האָבן, אין ווילן צום לעבן, אויך דאָס געזעץ אויסגעטייטשט צום גוטן. „די דייטשן ווילן ניט געבן עסן אַזעלכע, וואָס קענען ניט אַרבעטן. אָבער דאָס איז דאָך אַ גרעסערער באַווייז, אַז די, וואָס אַרבעטן יאָ, וועלן טאַקע בלייבן לעבן"...

נאָר דער באַפעל האָט דאָך צעטומלט די געטאָ־יידן. דער ייד וו אַ ר ו ם האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון וואַרשע, פון זיין פאָטער, אין וועלכן ער שרייבט אים: „די אָפּעראַציע בין איך גוט איבערגעקומען, נאָר איך פיל זיך זייער שוואַך." וועלכע אָפּעראַציע דאָס איז, האָט מען שוין פאַרשטאַנען. מען האָט שוין געהאַט געהערט וועגן מאַסן־קאַסטרירונגען פון יידן. דאָס געטאָ האָט געלעבט אין מורא פאַר דער דאָזיקער שרעקלעכער אָפּעראַציע. מענער האָבן זיך געשוואָרן צו נעמען דאָס לעבן, אויב די אָפּעראַציע זאָל דורכגעפירט ווערן איבער זיי.

נאָר די פּסיכאָ־אַנאַליטיקער, אויב זיי וועלן זיך פאַר־נעמען מיט דעם פּראָבלעם, וועלן קענען באַגרייפן און אונדז אויפ־קלערן דעם גייסט־צושטאַנד פון געזונטע, שטאַלצע, צום טויט שטענ־דיק גרייטע מענער, וועלכע זיינען דערשראָקן געוואָרן, פאַר דער וווּנטואַליטעט פון אַזאַ אָפּעראַציע. אויך מענער שוואַכע, קרענק־לעכע, גרייט צו הכנעה צוליב אַליין און פאַר אַלץ, זיינען גרייט געווען זייערע לעבנס איבערצושניידן מיט אייגענע הענט איידער אַריבער־טראָגן די שאַנדע פון ווערן געשלעכטלעך אימפּאָטענט. און עס וועט זיין פאַלש צו פאַרבינדן די דאָזיקע פּסיכאָלאָגיע נאָר מיטן רויען „ברוטאַלן" ווילן צו געשלעכטלעך זיך אויסלעבן. כאָטש ביי אַ גרויסן טייל געטאָ־איינוווינער איז דאָס געווען, אין אָט די פינצטערע לעבנס־באַדינגונגען, דער איינציקער לעבנס־גענוס, און אַ סך מאָל אַפילו דער בינד־פאָדעם צום לעבן. גיכער דאַרף מען עס פאַרבינדן מיט דער, אין יידישן לעבן טיף פאַרוואָרצלטער, געבונדנקייט צו משפחה, מיטן ווילן צו שמידן ווייטערדיקע דורות, צו פאַרקניפּן זיך מיט דער אומשטערבלעכקייט, מיט דער אייביקייט. יידן האָבן געהאָפט אַריבערצולעבן, ווי אַ סך גזרות אין אונדזער געשיכטע, אויך היטלערן און ווייטער פאָרזעצן דעם גאַנג פון דורות, דעם המשך פון יידישן פאָלק. טאָ דערפאַר — אין דער מעגלעכקייט צו בלייבן אַ קינדערלאָזע מאַסע איז פאַרלוירן געגאַנגען דער זין פאַר פאָלקס־געראַנגל. די ווימאַלע פאָלקס־קראַפט אויסצוהאַלטן און איבערצו־האַלטן אויך די גזרה. — ווייל וואָס פאַרא זין האָט דאָס איבער־האַלטן, ווען דאָס פאָלק וועט מער ניט האָבן קיין צוקונפט דורך אַ לעבעדיקן נאָכוווקס?

די געטאָ־דאָקטוירים, פּייסאַכאָוויטש אין לונץ, האָבן מיט פאַר־ווייטיקטע און שרעקפולע הערצער, געשניטן די עמבריאָנען פון מוטערלעכע גופים. דורות זיינען צעשניטן געוואָרן. ווען און ווער וועט פאָדערן די נקמה פאַר אָט די ניט־געבוירענע?

די דייטשן האָבן זיך ניט געטאָרט דערוויסן, אַז מען אונטער־ברעכט שוואַנגערשאַפט אין געטאָ. די דאָקטוירים האָבן עס געמוזט מאַכן. אויב ניט איז אין סכנה געשטאַנען דאָס גאַנצע געטאָ. האָבן

זיי בעסער געשטעלט אין געפֿאַר זייערע אייגענע לעבנס. צוליב הונגער און שרעק האָבן אַכציק פּראָצענט פֿרויען פֿאַרלוירן די מענסטרואַציע און יונגע פֿרויען האָבן אין צעטומלעניש געטאַפּט זייערע לייבער אין ציטערניש, אַז עפּעס זיינען זיי דיקער געוואָרן. ווי גליקלעך זיינען די יונגע פֿרויען געווען, ווען דער דאָקטאָר פֿלעגט ניט פֿעסטשטעלן קיין שוואַנגערשאַפֿט. פּונקט ווי די זעלבע פֿרויען וואָלטן גליקלעך געווען, אין נאָרמאַלע צייטן, ביים ערשטן אויפֿצאַפּל פֿון אַ נײַ-לעבן אין זייער גוף.

פֿון וועלכן וועלט-געריכט וועט מען מאָנען פֿאַר אָט דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט, פֿון נאָך ניט געבוירענע נפשות און פֿאַרן פֿאַרווערן די פֿרייד פֿון ערשטן לעבעדיקן אויפֿצאַפּל אין מאַמעשן טראַכט, ביי מאַמעס — וואָס זיינען אַליין שפּעטער אַוועק אין אוישוויץ און מיידאַנעק?

אָן מענטשלעכן שטראָף וועלן בלייבן די מערדער פֿון אונדזערע לעבעדיקע לעבנס און אַוודאי שוין פֿון די, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן.

זאָל די קללה פֿון דער געשיכטע הענגען איבער די מערדער פֿאַר די אַלע ניט-דערלעבטע און ניט-אויסגעלעבטע לעבנס!

* * *

אַ סך יידישע פֿרויען האָבן זיך פֿאַרשטעקט מיט זייער שוואַנגערשאַפֿט אויף בוידעמער און אין קעלערס, אַנטלאָפֿן פֿון דער היה'שער וועלט, כדי אין חושך אויסכאָוועוען אין זייערע לייבער די משיחים פֿון זייער פּיין. און יינגעלעך און מיידעלעך זיינען געבוירן געוואָרן, אַזעלכע ליכטיקע, קלאָר-לויטערע, ווי אויף צו להכעיס אַלע שונאים. די נײַ-געבוירענע האָט מען אין פּיין און ענגשאַפֿט געבאָדן, געוויקלט און זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אונטער ציטערדיקע מאַמעשע בליקן. זייערע יונגע גופֿים'לעך האָבן אַריינגעזויגן דעם גאַנצן צער און גלות פֿון זייער פֿאָלק. די, וועלכע מען האָט ניט געכאַפּט אין דערמאָרדעט; די שאַרבנס, וואָס זיינען ניט צעשמעטערט געוואָרן אין

די געשטאַפּאָ-אויטאָס, האָט מען אין שמאַטעס, קישנס און טשעמאָדאַנעם אַרויסגעטראָגן אויסערן געטאָ, צו קריסטן.

אַ גרויסער טייל פון זיי לעבן ביז היינט ביי זייערע רעטער. אָדער מען וויל זיי ניט אָפּגעבן, אָדער עס איז מער ניט געבליבן, ווער ס'זאָל זיי אָפּנעמען. נאָר דער צער אין זייערע שוואַרצע אויגעלעך וועט אַפילו אין יאָרן און יאָרן אַרום זיי ברענגען צו זייער פאָלק. דער אומרו, מיט וועלכן זיי זיינען אויסגעטראָגן געוואָרן, דער פּיין, וואָס האָט זיי געשטילט, די ציטערדיקע מאַמע-הענט, וואָס האָבן זיי צו זיך געדריקט, האָבן אויסגעברענט אין זייערע נשמות דעם יידישן שטעמפּל. עס איז ניט מעגלעך, אַז זיי זאָלן קענען לעבן רואיק אין דער רואיקער געזעלשאַפט פון זייערע „מאַמעס“ און „טאַטעס“. זיי וועלן גרעסער ווערן און אַ גאָנגדיקע בענקשאַפט וועט זיי ציִען, מאַגיען. דער ווייטער אָפּקלאַנג, וואָס געסטעט אין זייערע הערצעלעך, וועט זיי פירן ווי טענער פון מוזיק אין אַ פינצטער-שטילער נאַכט, ברענגענדיק זיי צו זייער שטאַם. דער לעצטער גסיסה-קרעכץ פון זייערע מאַמעס, וואָס האָבן די יידישע נעמען זייערע אַרויסגעכאָרכלט אויף די פייערן פון אוישוויץ, וועט זיך יאָרן טראָגן דורך דער לופט צו זיי, אין די ווייטע ליטווישע דערפער, און וועט זיי ברענגען צו זייער פאָלק, אין וועמענס בלוט זיי זיינען געבוירן געוואָרן און וועמענס בלוט עס פליסט אין זייערע אָדערן.

* * *

נאָר חנה די שוואַרצע האָט ניט מורא געהאַט. זי האָט קיינמאָל ניט פאַרשטעלט איר בויך, אים ניט איינגעצויגן. זי איז רואיק אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט. געקערט דאָס שטיק גאַס פאַרן געטאָ-טויער, געראַמט דעם גרויסן געטאָ-פּלאַץ, געקערט די ביוראָען פון דער געטאָ-פאַרוואַלטונג.

ביים געטאָ-טויער האָט זי געלעבט. האָט זי זיך גוט געקענט מיט אַלע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן דאָ טאָג און נאַכט געהאַלטן די שמירה. די פּאָליציאַנטן פלעגן ביי איר, אין דער ערשטער געטאָ-שטוב, זיך אַריינכאַפּן דערוואַרעמען, טרינקען אַ גלעזל בראָנפן, וועלכן זי אַליין טאַקע פלעגט באַזאָרגן פאַר דער פּאָליציי. ביינאַכט פלעגט

די פּאָליציי זי אַרויסלאָזן דורכן טויער און בײַ גויים פּלעגט זי שוין קריגן, פאַר גרויס געלט, אַלץ וואָס זי האָט געדאַרפט.

וויפל קינדער האָט חנה געהאַט?

— שווער צו זאָגן.

בײַנאַכט איז דאָס גאַנצע צימער פאַרלייגט געווען מיט העמטעלעך און פּיסעלעך, קעפּל צו קעפּל. בײַטאָג האָבן די קינדער זיך חס־ושלום ניט באַהאַלטן, ווי אין אַלע הײַזער. נאַקעטע, באָ־וועסע האָבן זיי זיך אַרומגעטריבן איבערן צימער, זיך אַרויסגעשאַרט אויף די הינטער־חלקים איבערן שוועל, צום טויער. זיך אַדורכגעקײַקלט אונטער די געטאָ־דראָטן, ווי דאָס געטאָ וואָלט זיי ענג געווען. די מאַמע פּלעגט זיי כאַפּן, שלעפּן אויף גיך, צוריק אין שטוב אַרײַן. חנה האָט קיין מאָל קיין צייט ניט געהאַט. ניט קיין טאָג, ניט קיין נאַכט. בײַטאָג ראַמען די גאַס, באַגינען די בויראָען און בײַנאַכט האַנדלען. חנה האָט געדאַרפט דערנערן אַזויפיל מײַלעכלעך און זיי זײַנען כסדר צוגעקומען.

אַז חנה איז אַרײַן אין געטאָ, האָט זי געבוירן אַ ייִנגעלע, ניין מאָנאַט שפּעטער — אַ מיידעלע. דאָס געטאָ האָט זיך געוווּנדערט: דאַכט זיך גאָר ניט קענטיק געווען אויף איר. אין אירע מענע־דישע שטיוול איז זי ביזן לעצטן טאָג אַרומגעגאַנגען, און קיינער האָט גאָר ניט געמערקט, ניט געזען ווי זי שוואַנגערט. אַ קליינע, אַ ברייטלעכע — האָט זיך דאָס שוואַנגערן ניט אָנגעזען אויף איר פיגור, וועלכן ס'האָט אומהילט אַ שווערער ברייטער מאַנסבילשער מאַנטל. און אויף איר פּנים? — ווער האָט דען געקוקט אויף איר שוואַרצן פאַר־האָרעוועטן פּנים?! אַ פּאָר טעג שפּעטער איז חנה שוין ווידער געווען בײַ דער אַרבעט ווי קיין מאָל גאָרניט. די עלטסטע טאָכטער, די צען יאָריקע, איז געווען אַ מאַמע צו די קלענסטע. פיר מאָנאַט שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז חנה די שוואַרצע שוואַנגערט שוין ווידער. האָט מען איר אויסגערעדט: סטײַטש, ווי שטעלט איר דאָס גאַנצע געטאָ אין סכנה?

— אָן קינדער, זאָלן לעבן מײַנע שונאים, אָן קינדער איז מיר לעבן גאָר ניט ווערט — איז געווען איר ענטפער.

...אַז די מערדער זיינען געקומען און איר געכאַפּט אין קעלער מיט די קינדער, האָבן זיי איר צוליב געטון: איר געלאָזט אַריינקריכן אין אויטאָ צוזאַמען מיט די קינדערלעך. שפּעטער האָבן זיי זי ״אָד· אַוועקגעריסן פון זיי.

* * *

...אַ יאָר נאָך דער באַפרייאונג האָט זי אין שאַוול געבוירן אַ מיידעלע און אַ נאָמען געגעבן נאָך דער עלטסטער טעכטערל אירער.

# בלומען

סוף זומערדיקע זון האָט זיך באַוויזן פון אַהינטערן בית־עולם קראַנק און בלאַס, ווי די קראַנקע, וואָס זיינען געלעגן אין שפּיטאָל אויפן בית־עלמין־הויף.

פון אַלע עקן און ווינקלען געטאָ האָבן אַרבעטער, מיט גליוועך אין די ביינער און נאָך פאַרשלאָפענע אויגן געיאָגט אָן אָטעם צום אַרויסגאַנגס־טויער. דאָס שאַרפע באַגינען־פרעסטל האָט אַדורכ־געגומען די פון זעק געמאַכטע קליידער, און זיך געביסן אין די מאָגערע גופים.

— צו פינף!... צו פינף!... — האָבן געשריען חיים זשעלינסקי און אפרים גען, די אַרבעטס־איינזאַץ־לייטער, און אַלע אָרדנונגס־דינסטלער האָבן מיטגעהאָלפן; אַריינגרייזנדיק צו די יידן אויף גיך: אַרבעט ראַטעוועט אונדזער לעבן, — נאָר אַ דאַנק אונדזער אַרבעט האַלטן אונדז די דייטשן.

— איר ווילט מען זאָל אייך דערשיסן? — האָבן זשעלינסקיס קרומע אויגן זיך געביסן אין אַ בלייכן פרויען־פּנים. — איר האָט ניט קיין רחמנות אויף אייער קינד? — איר ווילט דאָך ניט מען זאָל אייך אַרויספירן פון געטאָ, — איז שוין געגאַנגען צו דער אַרבעט!

וואַקלענדיקע פיס און אַ שטילער קרעכץ האָבן זיך אַרויס־געקייקלט דורכן געטאָ־טויער.

ביים געטאָ אויף דער אַרישער זייט זיינען שוין גרייט געשטאַנען די באַגלייטער, באַוואָפנטע דייטשן און ליטווינער, וואָס האָבן צו־געהאָלפן די יידישע אָרדנונגס־דינסטלער פאָרמירן די קאָלאָנעס.

— צו פינף!

— צו פינף!

— אָפּמאַרש!

* * *

אויפן פלעצל, ביים טויער, האָבן, זיך האַלטנדיק פאַר די הענט אַרומגעקרייזט שלום און פרידא. דער מיידלס פייכטע אויגן, באַציִיגן

מיט פרעסטלדיקן טוי, האָבן שימערירט מיט פרישקייט. איר צאַפּלדיקער גוף האָט אונטערגעטאַנצט, ווי זי וואָלט געוואָלט דערשפּריגנען צו שלומס הייך. פרידא האָט אַלע ווײַלע אָפּגעדרייט דעם קאָפּ, כדי זיך ניט באַגעגענען מיט די אויגן פון די צו דער אַרבעט גייענדיקע חברטאָרנס, וואָס האָבן מיט קנאה איר נאָכגעקוקט; ניט פאַרגונען, וואָס פרידא אַרבעט אין געטאָ גופא, אין דער בערשט־פאַבריק.

— האַ. פאו. עם. אַנטרעטן!

די קאָמאַנדאָ האָט זיך צעטראָגן איבערן פּלאַץ. אַכציק מאַן האָבן זיך גענומען שטופּן צום אַדורכגיין די טויער־שפּערע. און אַז די צאָל איז שוין פאַרפולט געווען, האָבן נאָך אַלץ אייניקע ניט אויפגעהערט זיך רייסן צום אַרויסגיין. געוווּנקען דורכן דראָט צום דייטשן כאָלדאַט, זיך געבעטן ביי אים ער זאָל אויך זיי מיטנעמען, געוויזן אים, אַז זיי האָבן שטאַרקע מוסקולן, זיי וועלן גוט אַרבעטן. — מען האָט זיך געריסן צו האַ. פאו. עם. ווייל דאָרט האָט מען געגעבן אַ ביסל מיטאָג־זופּ און מען האָט אויך אַמאָל געכאַפּט עפּעס אין די פאַרפלעגונג־לאַגערן.

שלום איז געגאַנגען מיט דער קאָלאָנע אין ברעג פון דער לעצטער ריי, צו קענען דורכן דראָט־צוים נאָך אָנבליקן פרידאַן, וואָס האָט פון געטאָ־זייט באַגלייט די אַוועקגייענדיקע קאָלאָנע. זי איז נאָכגעגאַנגען און געוווּנקען מיט איר ווייס הענטל, ביז דער געטאָ־צוים האָט איר אָפּגעשניטן דעם וועג. שלום האָט צוגעלייגט איצט צוויי מאָל האַנט צו האַנט און איר געשיקט אַ לופט־קוש אויף צוויי פינגער — עס איז געווען צו אירע צוויי און צוואַנציק יאָר, וואָס זי איז היינט געוואָרן.

* * *

אַז די קאָלאָנע איז אָנגעקומען אויפן אַרבעטס־פּלאַץ האָט מען אָפּגעטיילט אַלע מענער צו די וואַגאָנעס. שלום האָט געבויגן דעם רוקן, געשלעפּט אויף זיין נאָך ייִנגלדיקן גוף די צוויי צענטנערדיקע זעק מעל. האַלבן טאָג האָבן זיינע פיס זיך שוין געבויגן פון שוואַכקייט. ער האָט געציילט די טריט, פון וואַגאָן ביזן שפּייכלער — פיר און צוואַנציק טריט. וויפל קילאָמעטער איז ער היינט שוין אַזוי הודך?
— וויפל זעק מעל אַוועקגעשלעפּט? ער האָט געחשבונט, געציילט, געוואָלט פאַרשלאָגן די מחשבות „אַז דער טאָג ציט זיך היינט ווי

אַן אייביקייט, עפּעס איז ער לעגנגער ווי שטענדיק" גאָר טיף אין זיין האַרץ פּלעמלט אַ דינער פרייד־געפיל, וואָס פילט אים אָן מיט אימוין, מיט אַ שטילן ציטער: פרידאַ איז היינט געוואָרן צוויי און צוואַנציק יאָר — ער מוז איר ברענגען כאָטש עטלעכע בלומען צום געבורטסטאָג. ער ווייסט ווי ליב זי האָט בלומען. ער מוז. ער וועט ריזיקירן. געלינגט עס אים, איז ניטאָ קיין גרעסערע פרייד צו פאַרשאַפן איר.

די מחשבות צעצינדן איצט זיין בלוט, צעוואַרעמטע ליבע גלעט זיין האַרץ. טראָגט ער זיך איבער אין דער פאַרגעפּלטער צוקונפט, ווען זיך פאַרבינדן מיט פרידאַן אויף אייביק. ווערט לייכטער דערוויל דאָס זעקל מעל אויף דער פּלייצע, הויבן זיך גיכער די פיס, ווי זיי וואָלטן זיך געאיילט צו די טעג וואָס אויף אייביק...

דער אָוונט איז צוגעפאַלן אַ קאַלטער, אַ כמורנער, אַ דינער רעגן האָט זיך געשפּיזלט אין די נאַקעטע פנימער. די ליטווינער אַרבעטער זיינען שוין לאַנג אַוועק אַ היים. נאָר אָט טרייבט מען שוין אויך די יידן צום זאַמל־אָרט. מאַט־מידע גופים שלעפּן זיך לאַנגן וועג צום געטאָ. נאָר די הערצער שלאָגן אין אַנגסטן: ווער ס'טראָגט אַ שטיקל פעט, געכאַפּט אין די מאַגאַזינען, ווער אַ זעקל, צו מאַכן אַ בגד, און ווער עס באַהאַלט אויס אין די אונטערוועש אַ קילאָ מעל. פרויען פּוצן זיך, קעמען אַרויף זייערע פריזורן; האָבן זיי פאַרלייגט אונטער די האָר אַ שטיקל פּוטער, קעז אָדער גאָר אַ קאָנפעקט פאַר אַ קינד. ווער עס ציט אונטער אַ פוס אין גאַנג, ווייל דאָס ביסל מעל האָט זיך אים צוזאַמענגעשאָטן אין איין זייט קאַלאָש. היינט טראָגט איעדער עפּעס אַ היים, פאַר ווייב און קינד, פאַר מאַן און מאַמען. דאָס היינטיקע וועטער איז געווען ווי אַ גאַראַנטיע, אַז די דייטשן אויפן אַרבעטס־פּלאַץ, און אפשר אויך דער ליטווינער ביים געטאָ־טויער, וועלן ניט קאָנטראָלירן. אין אַזעלכע שלעכטע וועטערן פלעגן זיי זיך פוילן אַרויסגיין פון זייערע וואַרעמע וואַך־בודעס. כאָטש ס'האָט שוין גאָרניט זעלטן פּאַסירט, אַז אויך זיי האָבן אויסגערעכנט אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון די יידן, און דווקא אין אַזעלכע נעכט געמאַכט די שאַרפסטע קאָנטראָלן.

שלום איז געגאַנגען אומרואיקער פון אַלע אַנדערע. יעדע טאָר טריט בייט ער זיין אָרט אין ריי, אָט רעכטס, אָט לינקס; ער זוכט

אַ פּאַסיקע געלעגנהייט צו קענען זיך אָפּטיילן פון דער קאָלאָנע, בלײַבן שטיין אין אַ טויער, אין אַ גאַס־ווינקל, כּדי אַוועקגיין אין אַ באַקאַנטער גערטנערײַ, קריגן בלומען.

אַ שווערע לאַסט־פור איז אָנגעפאָרן אַנטקעגן, ווען די קאָלאָנע האָט געהאַלטן אין אײַנשנײַדן שוין די גאַס צום געטאָ. די גייענדיקע ייִדן האָבן זיך צוגערוקט נענטער צום טראָטואַר און די פור איז אויף איין ווײַלע געווען אַ מחיצה צווישן די ייִדן און די פּאָסטנס. שלום האָט זיך אַ זעץ געטון אויפן ראַנד פון טראָטואַר, בײַם טעלעפאָן־סלופּ, זיך אײַנגעצויגן, צונויפגעדרייט אין דרײַען און פאַרהאַלטן דעם אָטעם אין שרעק. אַז ער האָט צוריק אויפגעהויבן די אויגן איז די קאָלאָנע שוין ניט געווען, נאָר טעמפּע קלעפּ האָבן זיך געטראָגן פון די ווײַטע ברוק־שטיינער אין דעם נאַכטיקן טונקל.

* * *

פאָרזיכטיק, ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש, האָט שלום אײַנגעפּאַקט די בלומען אין בוזעם, אײַנגעצויגן די ברוסט, כּדי זיי זאָלן ניט צעדריקט ווערן און פאַרקנעפּלט דאָס רעקל ביז אַרויף. נאָכן אָפּגיין אַ פּאָר טריט האָט ער איבערגעטראַכט: און אַז דער פּאָליציסט בײַם טויער וועט אונטערזוכן? — ניין, עס טויג ניט אין בוזעם. דאָ קען מען עס לײַכט געפינען. בעסער די בלומען פאַרפּאַקן אין די הויזן. עס רעגנט, וועט הײַנט דער פּאָליציסט אַזוי טיף זיך ניט בייגן צום בודק זײַן. נאָר באַלד האָט ער דערפילט, אַז די בלומען ווערן צעריבן. — ער וועט עס אַרײַנלייגן אין היטל! אין היטל דאַרף זײַן ניט שלעכט: ער וועט קומען צום טויער, אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַרן פּאָליציסט און אַזוי אַרײַנגיין מיטן היטל אין האַנט...

אַ קאָלאָנע איז אונטערגעקומען. פון אַ הינטער די גייענדיקע האָט שלום זיך צוגעשטעלט.

— אָ, געווען אין שטאָט? — האָבן די ייִדן זיך געווענדעט צו שלומען — שטייט בעסער ניט לעבן מיר, איך בין אַליין „טריף“. שלום האָט זיך געשטופּט פון איין ריי צו דער אַנדערער, נאָר יעדער איינער איז ניט־כּשר געווען, און אים געבעטן אַוועקגיין.

די קאָלאָנע איז דערגאַנגען צום געטאָ. שלום האָט זיך נאָך אַלץ געיִשובֿט ווו צו פאַרשטעקן די בלומען. אפשר אין רעקל־קעשענע?

— איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — ער וועט פונאַנדערשפּיליען דאָס רעקל צום קאָנטראָל. דער פּאָליציסט וועט זיכער אַרונטער רוקן די הענט אונטערן רעקל, און ניט באַמערקן, אַז גאָר אין קעשענע אויבן ליגט די „גנבה". — שלומן איז איצט זיין גאַנצער גוף קליין געווען, ניט געפונען קיין אָרט אַרום זיך אויסצובאַהאַלטן דאָס קליינע בינטל בלעטלעך.

דער פּאָליציסט איז געווען אַ כלב. געהייסן אָנצינדן די טויער־לאָמפּן, געטאַפּט יעדן איינציקן, געשאָקלט, געגישטערט, צוגענומען. שלום איז געווען דער לעצטער.

— נו, וואָס האָסטו?

— בלומען — האָט שלום אים אונטערגערוקט דאָס בינטל.

— בלומען איז אויך פאַרבאָטן, פאַרשאָלטענער דו! — אַלץ ווילן זיי, די פאַרשאָלטענע, אַפילו בלומען!

דער פּאָליציסט האָט געוואָרצעט, שטופנדיק די גרויסע לאַפּעס אין די קעשענעס אַריין. אַז ער האָט גאָרניט געפונען, האָט ער אַ וואָרף געטון אַ ביטול־בליק צו שלומען: טראָג זיך שוין מיט דיינע בלומען...

ביים טויער האָט פרידא אים שוין אָפּגעוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און פאַרטרערטע אויגן.

— וואָס האָט ער דיך אַזוי לאַנג געהאַלטן? האָסט דען עפּעס?

— אַ כאַם, כ'האָב גאָרניט.

זיי האָבן געשפּרייזט דעם בערגל אַרונטער, צום מיטן געטאָ, צו איר היים. אין שטוב האָט שלום זי אַרומגענומען, איר אויסגעקושט די נאָך פאַרטרערטע אויגן און אונטערגעטראָגן דאָס נאַסע בינטל בלומען.

דאָס צימער האָט אַ שיין געטון. אין פרידאס דינע שטימע האָט זיך צעקלינגען מיט ליכטיקער פרייד: — בלומען... ב ל ו מ ע ן...

# פֿאַרבייטן דעם טויט

ווען דער גרויסער קאַסטן איז פֿאַרטיק=געוואָרן, די לעכלעך אין אויבערשטן דעק אַדורכגעבויערט, האָט משה דער סטאָליאַר אַהין פֿאַרפּאַקט זיין זון. אַרויפֿגעלייגט די געלעכערטע דעק האָט מען אַריינגעשטעלט דעם קאַסטן אין אַרציקס פֿאָדוואַלע, (אַ לאַגער וואָגן), אַרומגעלייגט מיט געהילץ און אויבן קונציק באַדעקט מיט בעטגעוואַנט; אַזוי האָט מען אַריינגעגנבעט משה דעם סטאָליאַרס זון אין געטאָ.

שוין פֿינף און דרייסיק יאָר ווי משה שימשער האָדעוועט זיין איינציקן זון. גאָט האָט משהן געשטראָפֿט — אַ סך קינדער האָט ער געהאַט און אַלע זיינען אויסגעשטאָרבן, זיך ניט געהאַלטן ביי אים קיין קינדער, און דער איינציקער, וואָס איז לעבן געבליבן, איז פֿון געבורט פֿאַרשאָלטן מיט אַ ניט מענטשלעך אויסזען, אַ שטיק קנוילקע מאַסע פֿלייש מיט צוויי בלישטשענדיקע טרויעריקע אויגן, ווי אַלע טויטן, פֿון די פֿריערדיקע קינדער, וואָלטן אין זיי שטעקן געבליבן. דער קאָפּ רונד און אויבן פּלאַטשיק. קורץ — אַ פֿאַרזעעניש. ער רעשט ניט, ער איז שטיל, ווי דער טויט וואָלט אין אים פֿאַרגליווערט געוואָרן. אָבער ער לעבט, ער אָטעמט, עסט, שלאָפֿט, גייט אויף מענטשלעכע באַדערפֿענישן. ווען=ניט=ווען לאָזט ער אַרויס אַ ברום, זאָט=געהאַקטע קולות. פּראָפֿעסאָרן האָבן ניט געקענט צערעכטמאַכן דאָס, וואָס די נאַטור האָט משהס קינד ניט דערגעבן.

פֿינף און דרייסיק יאָר איז ער אָפּגעלעגן אין אַ באַזונדער צימערל. געלעגן ווי אַ טויטער. ווי אַ היה'לע. איצט האָט מען אים אַריינגעשמוגלט אין געטאָ אַריין.

אַ פּאָר צענדליק בעלי=מלאכות האָבן געאַרבעט אין געטאָ, באַרן געטאָ און פֿאַר די דייטשן, עקסטראַ אַרבעטן. זיינען געווען סלייגע ווערק=שטובן אין געטאָ: אַ סטאָלעריי, שלאָסעריי, שוסטעריי, שניידעריי אאַז"וו. משה איז געווען דער פֿאָר=אַרבעטער פֿון די סטאָ=

לערס, האָט דער עלטסטגראַט דערלויבט צושרייבן זיין זון אַלס אַרבעטער ביי אים.

יאָרן זיינען אין געטאָ געלאָפן, דורך אַקציעס, סעלעקציעס און אַרויספירונגען, נאָר משהס פינצטער צימערל האָבן די הענקער קיינמאָל ניט אַנטדעקט. אפשר איז דאָס אַליין אויך געווען די איראָניע פון גורל: דאָן ווען געזונטע, קרעפטיקע און לעבנס־ווילנדיקע מענטשן זיינען אַוועקגעשלעפט געוואָרן צום טויט, — איז משהס זון, די שטיק באַוועגונגסלאָזע מאַסע, רואיק געלעגן, פון קיינעם ניט געשטערט. אפילו דעם פינפטן נאָוועמבער 1943, בשעת דער גרויזאַמער קינדער־אַקציע, ווען אַלע געטאָ־הייזלעך זיינען דורכגעאַקערט געוואָרן ביז די פונדאַמענטן, דורך ברוין־שוואַרצע באַרבאַרן־האָרדעס, ווען צוויי קינדערלעך זיינען אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער זעלבער שטוב, ווו משה דער סטאָליאַר האָט געלעבט, — אויך דאַן איז דער האַלבטויטער זון משהס ניט דערטאַפט געוואָרן.

איז דאָס די איראָניע פון אונדזער גורל, אָדער איז משהס זון באַשאַפן געוואָרן ספּעציעל פאַר אַ העכערן צוועק, צו זיין דירעקטער קרבן־פאַרבייטער?

איז עס טאַקע אַזוי, אַז ס'ווערט ניט אָפּגעשלאָגן אַ פינגער אָן אַ פינגער אונטן אָן דער באַשטימונג פון אויבן? — טאָ פאַרוואָס זיינען אַזויפיל צאַרטע ריינע גלידערלעך יענעם טאָג, דעם פינפטן נאָוועמבער, צעשמעטערט געוואָרן, אדרבא פאַרוואָס?!

נאָר איצט, ווי דאַן, וועלן מיר אויף דעם קיין ענטפער ניט קריגן. — משהס זון איז לעבנגעבליבן אויך יענעם טאָג.

* * *

דער לאָקאָמאָטיוו איז סאָפּנדיק, פאַרמאַטערט, דורכמאַכנדיק 800 קילאָמעטער, אָנגעלאָפן צען קילאָמעטער הינטער שאַוול און שטייט געבליבן אָן כוחות, קרעכצנדיק און הוסטנדיק, ווי די מענטשן וואָס ער האָט געפירט אין זיינע פיר און צוואַנציק וואַגאָנען.

ווו אַהין דער לאָקאָמאָטיוו וועט פאַרקערעווען האָט דער לאָקפירער נאָך ניט געוווּסט, פונקט ווי עס האָבן ניט געוווּסט די פּאַסאַזשירן, ווו אַהין מען פירט זיי. ניט געוווּסט האָט דער ליטווישער לאָקאָמאָטיוויסט, וועלכער איז אַרויסגעפאָרן פון קלאָגא, (עסטלאַנד),

אַז אים איז עס באַשערט די „בכבודיקע" מיסיע צו פֿאָרן אַזש אין דער אַזוי באַרימט־מיסטעריעזער אוישוויץ. ער האָט נאָר געוווּסט, אַז ער פֿירט 24 וואַגאָן קראַנקע, צעבראָכענע, אָפּגעאַרבעטע ייִדן פֿון קלאָגאַ, ווײַוואַרע, פּיפּיקאַן, אַוואַרע, קאַואַזע און אַנדערע לאַגערן אין עסטאָניע און אַז ער געפֿינט זיך איצט אויף דער סטאַנציע מעשקוויץ.

די נאַכט איז געווען אַ פֿינצטערע, אַ טויט־שוואַרצע; שטערנלאָז. כמורנע האָט דער הימל באַצויגן די בלוטיק זינדיקע ערד, אײַנגעהילט די וועלט אין שווײַגן און געהאָלפֿן פֿאַרבאָרגן די פֿאַרברעכנס, וואָס ווערן אונטן באַגאַנגען, קעגן דעם אויסדערוויילטסטן פֿאָלק פֿון זײַן האַר אויבן.

יצחקס לונגען, נאָך ניט רעכט אויסגעהיילט, האָבן געטריקנט אין מויל איז אים ביטער־זויערלעך געווען. — „אַ טרונק", אײן ביסל קאַלט וואַסער, גאָס דאָס איז איצט געווען זײַן אײנציקער פֿאַרלאַנג, איין מינוט שפּעטער מעג פֿאַסירן מיט זײַנע 18 יאָר וואָס עס וויל, אָבער איצט וויל ער אַ טרונק, ניט מער. און גאָט האָט זיך דערבאַרעמט אויף אים, אין געשטאַלט פֿון אַ דײַטשן וועכטער. ער האָט אים אַרויסגעלאָזט נעמען נאָר אַ טרונק וואַסער. ווי אַנטוישט איז אָבער יצחק געווען, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט און מער ניט געפֿונען דעם צוג. אַליין אין דער פֿינצטערער נאַכט, אַ פֿרעמדער אין דער געגנט, האָט דאָס ווילנער ייִנגל זיך איבערגעגעבן אין די הענט פֿון דער באַן־פּאָליציי.

די פּאָליציי האָט געקלונגען צו דער צווייטער סטאַנציע, געמאָלדן, אַז אײנער איז דאָ צופֿעליק געבליבן. מען זאָל מעלדן דעם צוג־פֿירער. נאָר דער צוג האָט קיין צייט ניט, ער מוז אָנקומען אין דער באַשטימטער, נאָך פֿינצטערער שעה, קיין אוישוויץ.

— קלאַפּן מיר טאַקע ניט אָפּ אַ פֿינגער אָן אַ פֿינגער אונטן אויב אויבן ווערט עס פֿריער ניט באַשטימט?

— יצחק איז איבערגעגעבן געוואָרן אין שאַוולער געטאָ. נאָר פֿאַרוואָס זײַנען אַלע ייִדן פֿון עשאַלאָן אַוועק, נאָך אין דער זעלבער נאַכט, אין אוישוויצער פֿײַער?

אויף דעם דערוואַרטן מיר הײַנט, ווי דאַן, ניט קיין ענטפֿער.

* * *

יצחק ווילנער איז אין געטאָ-קראַנקנהויז געזונט געוואָרן; זיינע לונגען האָבּן זיך אויסגעהיילט, זיין פּנים איז ראָזער געוואָרן, נאָר אָפּגעשוואַכט איז געווען זיין גוף, איז ער געבּליבּן אַ וועכטער בּיים שפּיטאָל-טויער.

...אָבּער דייטשן זיינען פּינקטלעך, אָרדנונגספול. דער צוג-בּיריר האָט גענומען פופצן הונדערט מענטשן, דאַרף ער פונקט אַזוי פיל צושטעלן אין אושוויץ, צום „אויוון אָבּער-בּראַנד-מייסטער". אויסגעציילט דעם טראַנספּאָרט: איינער פעלט. זיינען געלאָפן פּראָטאַקאָלן, זוכענישן, בּיז דער פאַרוואָרפענער מעשקוצער-סטאַנציע, אין פון דאָרט קיין שאַוול און — אין אַ העלן טאָג זוכט דער געבּיטס-קאָמיסאַר אָט דעם יעניקן. וואָס איז אַריינגעשיקט געוואָרן מיט 2 הדשים צוריק אין געטאָ. אושוויץ דאַרף אויך אים, אושוויצער אייוונס זיינען ניט זאַט, זיי פעלט דער קרבּן, וואָס איז פאַר זיי בּאַשטימט געווען, די פלאַמען פאָדערן: דאָס 18 יעריקע יינגל, „מילך" וועט זיך ניט בּאַרואיקן בּיז ער וועט ניט קריגן די פולע צאָל, איינער פעלט אים נאָך.

* * *

אין קליינעם צימער פון געטאָ עלטסטנראַט איז נאָך ליכטיק, אין אָט דער שפּעטער נאַכט-שעה. די פאַרזאַמלטע זיצן שווייגנדיקע.

דאָקטאָר וואָלף פּייסאַכאָוויטש איז ספּעציעל אַרויסגערופן געוואָרן אַהער. האָט ער דאָך דאָס קראַנקע יינגל געראַטעוועט, זאָל ער אויך איצט געפינען אַן עצה, ווי אָפּצוראַטעווען אים, ניט פון קראַנקייט, נאָר פון אושוויצער אויוון.

די עצה איז פאַראַן, אַלע ווייסן איר, נאָר קיינער דרייסט זיך ניט אַרויסצוזאָגן און וועמען?. ווער זאָל זיין דער פאַרבּייטער?

אויפן טיש ליגט די רשימה פון די אַלטע, פון די שוואַכע, פון די קראַנקע, פון די קריפּלס. ווייניקע זיינען זיי שוין געבּליבּן אין געטאָ, געציילטע און אויך זיי אַלע אַרבּעטן. — איינעמס בּליק איז שטיין געבּליבּן בּיים נאָמען שימשער. אויגן האָבּן זיך שטום איבּערגעקוקט, מען האָט אונטערגעטראָגן דאָס צעטל דעם דאָקטאָר, אָנגעוויזן אויפן נאָמען. אַלעמענס פּנימער זיינען געווען איין פראַגעצייכן.

— האָ, וואָס מיינט איר דאָקטאָר?

דעם דאָקטאָרס גרויסע אויגן זיינען פאַרצויגן געוואָרן מיט ווײַטאָג. ער ווייסט, אַז ער מוז איצט באַשליסן וועמענס לעבן עס איז ביליקער, צי דאָס לעבן פון יונגן פול־לעבעדיקן יצחק ווילנער, אָדער פון משה דעם סטאָליארס זון, וואָס ליגט שוין שוואַך און האַלט יעדן טאָג ביים אויסהויכן זיין מאָדנעם נשמה־פייערל, וואָס האָט אים פינף און דרייסיק יאָרן געהאַלטן צווישן לעבן און טויט? — ביידע קענען ניט לעבן, איינער פון זיי מוז נאָך היינטיקע נאַכט שטאַרבן, כדי אָפּצוגעבן אַ טויטן יצחק ווילנערן פאַר די דייטשן.

— — —

אויף מאָרגן, אַז צוויי דייטשן האָבן אויפגעשטעלט דעם פּראָטאָקאָל אין געטאָ־קראַנקהויז, וועגן יצחקס טויט, האָט יצחק זיי דירגעלאָזן דורכן טויער.

ווען די לעצטע לאָפּעטע ערד איז געפאַלן אויפן פרישן קבר האָט זיך דערהערט יצחק׳ס שטימע: יתגדל ויתקדש. יצחק האָט אַ טאָפּ געטאָן אין קעשענע דעם געלן געטאָ־שיין מיטן נאָמען שימשער און זיך ביטער צעוויינט. דער איינציקער וואָס האָט געוויינט נאָכן דאָזיקן טויטן.

* * *

נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר געטראָפן יצחק ווילנער. מען האָט אים געפרעגט:

איר הייסט דאָך? . . .

— שימשער!, האָט ער געענטפערט

דורות וועלן געבוירן ווערן אונטערן נאָמען שימשער און יצחק ווילנער וועט אויסלעבן דאָס לעבן פון איינעם, וואָס איז ווייזט אוים געבוירן געוואָרן פאַרן לעבן פון אַ צווייטן.

# אזוי פסקנט דער רמב״ם

צום געביטס-קאָמיסאַר, געוועקע, איז איינגעלאָפן אַ באַפעל. אייגנטלעך מער פאָרוואורף ווי באַפעל. געוועקע, וואָס האָט שוין זיך געהאַט אָנגערויבט און זיך געלאָזט שענקען פעלצן, טייערע שטיינער, פון פאַרשיידענע קאַראַטן, האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז „זיך ווייטער לאָזן באַשטעכן פון די שמוציקע יידן, ניט אויספירן איצט עפעס אַזוינס, וואָס זאָל באַפרידיקן דעם אָבער-אַסט אין ריגע, קען שמעקן מיט אַראָפזעצן פון אַזאַ וואַרעמע שטעלע, אַלס געביטס-קאָמיסאַר, און אַפילו מיטן פאַרשיקן צום פראָנט“. שטייט דאָך אין בריוו, וואָס איז אונטערצייכנט פון לאָזאַ אַליין, אַז אין אַלע געטאָס זיינען שוין פאָרגעקומען עפנטלעכע הינריכטונגען, בלוט-אָפּפערס, אויסער שאַוול — דער רמז איז דאָך קלאָר, קלאָרער ווי אַ באַפעל.

פינף פאַרנאַכט, ווען די קאָלאָנעס יידן האָבן אָנגעפאַנגען אַריינמאַרשירן פון זייערע אַרבעטס-פלעצער, צוריק אין געטאָ, האָט די גאַנצע כאָפטע, אָנפאַנגענדיק פון ס״ס, ס״ד, געביטס-קאָמיסאַר-אָנגעשטעלטע, ביז אויף ליטווישע פאָליציי, זיך אַ לאָז געטון, ווער אויף אויטאָס, ווער מיט דראָזשקעס, צום געטאָ-טויער.

שוין אין מיטן שטאָט זיינען איבערגענומען געוואָרן די גייענדיקע קאָלאָנעס. אַנדערע שוין ביים פאַרלאָזן די אַרבעטס-פלעצער. מענער ווי פרויען זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן ביזן העמד, אויפן מיטן פון גאָטס וועלט-גאַסן. גראָבע כאַמישע לאַפעס זיינען פאַרקראָכן הינטער פרויען-ליפן, מיט באַרבאַרישער גרייציקייט, מיט חיה׳שער שאַנדלאָזיקייט. פרויען-צעפ זיינען צעפלאָכטן געוואָרן. אפשר, אפשר איז דאָרטן אין די דינע, זיידענע שוואַרצע כלה-צעפ פאַרפלאָכטן געוואָרן די קאָנספּיראַציע קעגן דייטשן רייך. און — זיי האָבן געפונען. פון דריי טויזנט אַדורכקאָנטראָלירטע יידן האָט מען געקענט

אַרויפֿלייגן אויף איין קליינע דראָזשקע די געפֿונענע מעל, שטיקלעך פּוטער, פֿערדישע קנאָכנס, קאַרטאָפֿל, פֿאַרפֿוילטע בוראַקעס אד"גל.

*

די מילדע זומערדיקע פֿאַרנאַכט־לופֿט האָט גלעטנד זיך אַדורכגעגנבעט צווישן די געטאָ־דראָטן. די גרינגע גרעזעלעך בײַם געטאָ־טויער, אויף וועלכע עס זײַנען געשטאַנען קניענדיק די געכאַפּטע ייִדן, האָבן זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט אין ווייטאָג. די בייגעדיקע קני, וואָס האָבן אין זיי זיך אַרײַנגעשפּאַרט, האָבן אַוועקגערויבט דאָס ווינטל פֿון זייערע גרינגע גופֿים.

קינדער זײַנען געשטאַנען בײַ די דראָטן און געבליבעט אויף זייערע טאַטע־מאַמעס, וואָס דאַרפֿן אויף די קני גיין צום טויט, צוליב זיי. ווײַל צוליב וועמען האָבן די טאַטע־מאַמעס ריזיקירט אויב נישט צוליב זייערע קינדער. די אָרדנונגס־היטער פֿון געטאָ האָבן געלאָזן די קינדער בײַם דראָט, אפֿשר וועלן זיי ווייכער מאַכן דעם אורטייל, וואָס וועט דאָ, שוין, אויפֿן מיטן גאַס, לויטן קאַפּריז פֿון איינעם אָדער צוויי, אַרויסגעגעבן ווערן. די אָרדנונגס־דינסטלער האָבן אָבער זיך באַלד געכאַפּט, אַז די קינדער קענען נאָך שווערער מאַכן די לאַגע. הענגט דאָך שוין פֿון לאַנג, די דורך קיינעם ניט אַרויסגערעדטע מורא, איבער די לעבנס פֿון די געטאָ־קינדער.

אַן אויטאָ איז אָנגעפֿאָרן. פֿרויען האָבן אָנגעפֿאַנגען אַ גאַרש אויף די קני, ווי די הייליקע קיין מעקא, געגאַנגען, זיך געבוקט און געפּלאַסטערט דעם ברוק מיט זודיקע טרערן. און הייסע ריטשקעלעך בלוט, דורך די דינע זײַדענע זאָקן, האָט זיך געגאָסן פֿון די קני. איינע איז עס אַפֿילו געלונגען, זי האָט אַזש דערכאַפּט, מיט אירע הייסע ליפּן, די שפּיצן־שטיוול פֿון הענקער. דער מערדער האָט אָבער אַ ריס געטון דעם שטיוול אויף צוריק, ניט געוואָלט זיך לאָזן קושן!

— — — בריקן האָט ער געוואָלט! און — דינע ווייסע אַלעבאַסטער־ציין האָבן זיך שטיל צעקלונגען איבערן ברוק.

...דער געביטס־קאָמיסאַר האָט אַרויסגערופֿן דעם געטאָ־עלטסטן, אים עפּעס געזאָגט און אַוועק.

— — —

מאַמעס האָבן געקושט זייערע קינדער, קינדער האָבן געלעקט די בלוטיקע קני פֿון די מאַמעס. אַ דינע פֿרייד, ווי די דינע אָוונט־לופֿט,

האָט זיך געטראָגן איבערן געטאָ: „אַ דאַנק גאָט, אָפּגעקומען גאָר מיט שרעק"... נאָך די לבנה אויבן האָט אַריינגעשמייכלט שעלמיש אין די פענצטער פון די פינצטערע געטאָ־הייזקעס. און די נאָכן־עלטסטע זיינען געגאַנגען, אין דער שפּעטער נאַכט־שעה, גערופן אוי'ף אַן אַסיפה.

*

זיבן און צוואַנציק יידן, פּונקט אַזויפיל האָט מען גערופן, אַזויפיל זיינען דאָ איצט געזעסן, מיט אויגן אָנגעפילטע פון פאַר־ווירונגס־פּיין.

— זאָל מען נעמען פופציק אַלטע, קראַנקע, די שוואַכסטע.

— אייער טאַטע איז דאָך אַלט, קראַנק, זייט איר מסכים אים אָפּצוגעבן?

דער ערשטער האָט געשוויגן. אַלע האָבן געשוויגן.

אהרון זאַגאַרניק האָט אַרויסגענומען דעם לעצטן פּאַפּיראָס, געוואָלט פאַררויכערן. אַ חבר האָט אויסגעשטרעקט די האַנט:

— איר האָט נאָך איינעם?

עס האָט זיך געוואָלט פאַררויכערן די צרות, זיך פאַרשיכור'ן מיט ניקאָטין.

— נאַט, רויכערט, האָט זאַגאַרניק אים אָפּגעגעבן דעם פּאַ־פּיראָס, איך בין ניט קיין דווקא־רויכערער. אַז דער חבר האָט גע־האַלטן ביים ענדיקן, פאַרציען דעם לעצטן רעשט פון פּאַפּיראָס, האָט זאַגאַרניק אויסגעשטרעקט די האַנט: איר האָט נאָך אַ פּאָר ציי'?...

אַריינגעצויגן דעם לעצטן צי מיט גיריקייט האָט זאַגאַרניק זיך אויפגעשטעלט:

— דער רמב"ם פּסקנט:

אויב די גויים זאָגן: גיט אונדז אַרויס איינעם פון אייך, און אויב ניט וועלן מיר אייך אַלעמען דערהרגענען — דאַרפן אַלע זיך לאָזן אומברענגען און ניט איבערגעבן צום טויט אַן אומשולדיק יידיש נפש. דאָס איז דער פּסק הלכה. דאָס איז די באַשטימונג פון אונדזער קאָדעקס.*) און אַזוי מוזן מיר זיך פירן. זאָלן זיי נעמען וועם עס געפעלט זיי, מיר גיבן ניט! מיר גיבן ניט אַרויס קיין יידן צום מולך.

*) יסודי התורה פ"ה, ה"ה.

זאָלן זיי נעמען, די רשעים, אַלעמען, אַלעמען וועמען זיי ווילן נאָר, מיר אַלע זיינען גרייט צו ווערן קרבן.

אין קליינעם צימערל פון עלטסטנראַט איז שטיל געווען. די נאַכט האָט זיך געראַנגלט אין אירע לעצטע מינוטן, שטערן האָבן זיך בגניבה אָפּגעטראָגן פון געטאָ-הימל, פאַרדעקט די פּנימער מיט דינע וואָלקן-טיילן.

דאָקטאָר דירעקטאָראָוויטש, דער געוועזענער פּאָלקיסט, האָט אַראָפּגעשלונגען די לעצטע טרער, זי אַרונטערגעשטיקט אין ביינער-דיקן גאָרגל, גענומען אַ פעדער און אויפגעשריבן אין דייטש:

מיר, די אונטערגעשריבענע, שטייען גרייט, אויב עס מיז
אַזוי זיין, און אויב גאָט פאַרלאַנגט עס, נאָכצוגעבן די
פאָדערונג פון בלוט-אָפּפער.

ער האָט אויסליניִרט אַ רובריק, אַריינגעשריבן זיבן-און צוואַנציק נומערן און אונטערגעחתמעט דער ערשטער: דאָקטאָר מאיר דירעק-טאָראָוויטש.

דער אַלטער העלער האָט עס מער ניט אויסגעהאַלטן — זיין פּנים איז ווייס געוואָרן, ווי די ווייסע האָר אויף זיין קאָפּ — ער האָט געחלשט.

— — —

באַגינען, אַז די אַרבעטס-קאָלאָנעס האָבן פאַרלאָזן דאָס געטאָ, האָט זיך ביים טויער געשטעלט אַ נייע קאָלאָנע — זיבן-און צוואַנציק מאַן. יידן האָבן שטיל זיך איבערגעשושקעט: עס מוז זיין אַ גוטער אַרבעטס-פּלאַץ; — זעט נאָר ווער עס גייט דאָ אַרבעטן.

מענדל לייבאָוויטש איז געשטאַנען דער ערשטער, מיטן פּאַפּיר אין האַנט. דער אַרבעטס-איינזאַץ-לייטער האָט אויסגערופן די נעמען, ווי צו יעדער אַרבעטס-קאָלאָנע. אַלץ האָט געשטימט, אַלע זיינען גרייט געווען. פּונקט ווי אין געביטס-קאָמיסאַריאַט זיינען אויס-געאיילט און גרייט געווען די מאַשין-געווער, אויף פּונקט צוועלף בייטאָג.

* * *

מענדל לייבאָוויטש און אהרן כץ, אין באַגלייטונג פון דייטשן אַרבעטס-אַמט-לייטער ד"ר גינטער זיינען אויפגענומען געוואָרן פון

געביטס-קאָמיסאַר. די יידישע פאָרשטייער האָבן אים איבערגעגעבן דעם באַשלוס. און אַזוי ווי דאָס איז געווען קעגן דער טאַקטיק פון די דייטשן — צו מאָרדן די פירער פון געטאָ — האָט דער געביטס-קאָמיסאַר פאַרביטן דעם אורטייל, אויף צוואַנציק טויזנט מאַרק געלט-שטראָף. —

אַ גאַנץ הויכער פּרייז, פאַר די ביליקע יידישע לעבנס.

# שמוכלער

ווער ס'האָט געוואָלט אין געטאָ לעבן — האָט געמוזט ריזיקירן מיטן לעבן. אויסער די געציילטע, וועלכע האָבן ביים אַריינגיין אין געטאָ אויסבאַהאַלטן אַ סך געלט, גאָלד און בריליאַנטן — די האָבן געקענט לעבן פון יענעמס ריזיקע. פאַר גרויסע געלטער האָט מען אין געטאָ אַלץ געקענט קריגן. אַפילו אין די סאַמע הונגער־צייט, ווען די ליטווינער־פּאָליציי און ס"כ פלעגן זיך פאַרלייגן און היטן דורך טאָג און נאַכט, פון הינטער אַלע באַהעלטענישן אַרום געטאָ. יידן האָבן זיי דאָך איבערגעקליגט, זיך אַן עצה געגעבן, און דער עיקר — מיט גאָלד און בריליאַנטן איבערגעקויפט די וועכטער.

אָט די „הענדלער" האָבן איינגעשטעלט, געקראָכן צו דער חיה אין מויל אַריין, און טאַקע אַ סך מאָל ניט אַרויסגעצויגן מער דעם נאַקעטן לעבן.

פאַרוואָס האָבן זיי עס געטאָן?

איז דאָס געווען ניט מער ווי דער פּרימיטיווער דראַנג צו רייכקייט. זיך נאָר צו אָנפּאַרדינען גאָלד, אַפילו דאָ, אויפן שוועל פון טויט? אָדער דאַרפן מיר גאָר זען אין דעם אַ געוויסע פאָרם פון ווידערשטאַנד, אַ געוואַגטע אַנטשלאָסנקייט, צו דערהאַלטן דעם אייגענעם לעבן און העלפן אויך אַנדערע ניט פאַרהונגערט ווערן.

על־כּל־פּנים האָבן די „הענדלער" באַזאָרגט און אויסגעהאַלטן דאָס געטאָ. און ריזיקירנדיק זייער לעבן אונטער די גרעסטע געפאַרן פלעגן זיי דאָך אויסטיילן פאַר די אומבאַמיטלטע געטאָ־איינוווינער קאַרטאָפל, ברויט, אַמאָל אויך אַ שטיקל פלייש — גאָר אומזיסט.

איז דאָס געווען נאָר כדי צו שטילן די הונגעריק־צערייצטע געמיטער, זיך באַוואָרענען פון מסרים? — שווער צו דערגרינטעווען דעם געדאַנקן־גאַנג פון יענע הענדלער־ריזיקאַנטן און הונגער־רעטער וואָס פלעגן זיך אַרומדרייען איבערן געטאָ מיט פאַרפרעסטע ליפּן, אינזיכיקע, מיט פאַרשטייפטע פּנימער, אויף וועלכע עס איז געלעגן צוזאַמענגעקנוילט עקשנות און מורא.

זעענדיק אָפּט ווי אַ מייל פֿון זיי פּלעגן זיך איינשטעלן פֿאַרן ייִדישן כּבֿוד און מענטשלעכער גערעכטיקייט, שווייַגנדיק שפּעטער אין די קאַצעטן, ווילט זיך גלויבן. אַז נאָר אַ טיפֿע נאַציאָנאַלע קאַמפֿס־אַנטשלאָסנקייט האָט עס געוועקט זיי אין מיטן פֿון פֿינצטערע נעכט, געשטופּט זיי דורך די געטאָ־דראָטן, זיי געטריבן אָן מגן דוד־צייכנס איבער האָס־פּולע דערפֿער, כּדי ניט לאָזן פֿאַרהונגערן דעם געטאָ.

בײַ אַ טייל איז דאָס אויך געווען אַ האַזאַרד־שפּיל. שטאַרקע רווישיקע בלוטן, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט איינצאַמען הינטער ענגע דראָטן, אַזוי לאַנג ווי ס'איז נאָך געווען דאָס קלענסטע שפּעלטל דורך וועלכן זיך צו פֿאַרמיטצטן. און וואָס ענגער דאָס שפּעלטל איז געוואָרן — אַלץ מער האָט דאָס שפּיל געצויגן. דער נצחון, פֿון דאָך אַרייַנברענגען, איז שטאַרקער געווען ווי די שרעק.

געציילטע האָבן עס געטאָן נאָר צוליב רייך ווערן, אויסנוצן די קאָניונקטור. אָבער נאָר געציילטע.

* * *

עס איז דער ערשטער ווינטער אין געטאָ. די שטאָטישע גאַסן זיינען נאָך פֿליכיק, זעען אויס ווי גלאַטע האָרלאָזע קעפּ, וואָס נאָר בײַ די ראַנדן וואַקסן נאָך שוואַרץ־גרויע האָר. אָט אַזוי ליגט דער שניי אין די רינשטאָקן. מוטנער שוואַרצער שניי. אַלע פֿאָרן נאָך מיט וועגענער, נאָר ארציק קרופּניק פֿאָרט שוין מיט אַ שליטן. און כאָטש אַרציק שפּאַרט אונטער מיט זיין מויערדיקער פּלייצע מיט אַ דאָפּלטן כּוח ווי זיין פֿערדל, באַגיסט זיך דאָך דאָס פֿערדל מיט שווייס, ניט קענענדיק דערציען איבערן נאָך שטיינערנעם ברוק. אַרציק האָט זיין חשבון אין שליטן, גענוי אויך ווי אין זיין וואָגן, איז פֿאַראַן אַ דאָפּלטער דעק. נאָר ווייל דער שליטן איז נידעריקער, וועט די פּאָליציי בײַם געטאָ־טויער זיך ניט לייגן אויף דער ערד און קוקן אונטן; דאָס וואָס בײַם וואָגן איז עס לייכטער צו טאָן.

אַרציק, ווי די אַנדערע צוויי פֿורמאַנעס אין געטאָ, וועמענס פֿערד מען האָט געלאָזן, כּדי צו ברענגען דאָס פּראָוויאַנט פֿאַרן געטאָ־קאָאָפּעראַטיוו, זשאַלעווען ניט זייערע סוסים. „וועסט ניט פּגרן, מאַקס, ווען דו וועסט שלעפּן נאָך אַ צענטנער קאַרטאָפֿל אין שליטן, אין באַהעלטעניש. און נאָך איינעם צווישן דעם האַלץ אויבן. די יידן

זיינען הונגעריק, איך האָב זיי צוגעזאָגט היינט ברענגען קאַרטאָפל..." אַזוי רעדט זיך אַרציק שטיל אַדורך מיט זיין פערדל. און דאָס פערדל שלעפּט די קאַרטאָפל. דאָס מעל, דאָס פלייש — אַלץ וואָס מען פּאַקט אַרויף אויף זיינע מאָגערע ביינער. און אַרציק העלפט צו מיט די לעצטע כּוחות שטופּן דעם שליטן.

מיט ווערטער און מיט דער בייטש גיט אַרציק צו פאַרשטיין דעם פערדל, אַז מען מוז זיך איילן, לויפן צום געטאָ־טויער. איינמאַרקירנדיק ווען עס שטייט נאָך זיין באַקאַנטער פּאָליציסט, אָדער דאַן ווען די קאָלאָנעס מאַרשירן צוריק אין געטאָ אַריין. אַרציק שפּרינגט דאַן אַריין מיט זיין פור צווישן די יידן וואָס שטייען ביים טויער צום קאָנטראָל; ווערט אַ טומל, יידן כאַפּן זיך דערווייל צוריק אַריין אין געטאָ אָן קאָנטראָל. אַרציק רייסט פון זיך דעם מאַנטל, איז גרייט פונאַנדערצוּוואַרפן מיט געמאַכטן קוראַזש די פור האָלץ אָדער מעל, וואָס ער פירט בלומרשט פאַר דער געטאָ־בעקעריי — נאָר דער פּאָליציסט גלויבט שוין, גלויבט אַז אַרציק האָט טאַקע ניט מער ווי דאָס וואָס עס ליגט זיך אין פור...

נאָר ס'טרעפט אויך אַ פּאָליציסט אַ כאַס, וואָס ווערט ניט נתפּעל פאַר אַרציקס קוראַזש און הייסט טאַקע אויסליידיקן די פור פאַר זיינע אויגן. דאַן — איז טויזנט מאַרק ניט קיין סך, און אַז יענער שפּאַרט זיך גאָר שטאַרק איין, ווערט אין געטאָ אַ גאָלדענער זייגער אויך. אַבי אַרויסראַטעווען אַרציקן פון טויט.

אַז די פור איז שוין אַריין אין געטאָ, ווערט אַ געלויף פון ווייבער און קינדער אין דעם טונקעלן הויף, ווו אַרציק פאַרפאָרט. מען לויפט צו אַרציקן, מען טענהט אַריין אין אים, מען בעט, מען שרייט, מען רייסט אים פאַר די פּאָלעס. נאָר אַרציק ווישט זיך רואיק דעם שווייס פון שטערן און פאַנגט אָן די חלוקה: — פאַר יענטלען און חייגעס אַ גאַנצן צענטנער קאַרטאָפל אומזיסט. ער האָט זיי צוגעזאָגט, ביידנס קינדער ליגן קראַנק. נאָר דעם אַדוואָקאַט מילס פרוי צאָלט צוואַנציק מאַרק פאַרן האַלבן צענטנער. דאָס באַצאָלט זי שוין אויך פאַר די וואָס האָבן ניט. אַזוי טיילט אַרציק איין די פולע פור קאַרטאָפל, וואָס איז נאָר פאַרמאַסקירט געווען מיט עטלעכע שטיקלעך האָלץ פון אויבן. אַרציק ציט אַרויס די האַלבע קו־פלייש פון שליטנס בויך

און טיילט, פאַרקויפט שמיקערווייז. מען ווענט ניט. מען שניידט ווי עס לאָזט זיך.

* * *

נאַטעס און יאַכעס לעבן אין איין הויז, האָבן איין שטאַל און איין געשעפט: קצבות.

ביינאַכט, ווען דאָס געטאָ שלאָפט איר טיפן שלאָף, זיינען זיי אויף. זיי האָבן איין אָפּמאַך מיט דער נאַכט: זי דינט זיי גוט. וואָס מער שטערנלאָז, וואָס פינצטערער — אַלץ בעסער.

זייער הויז שטייט אין געטאָ ביים דראָט-צוים; דאַרפן זיי נאָר איין מאָל אויסלעשן און צוריק אָנצינדן די עלעקטרע אין שטוב, און שוין וויים דער פויער, וואָס וואַרט מיט דער קו פון יענער זייט דראָט, אַז דער וועג איז פריי. דער פּאָליציסט איז אָפּגעקויפט אָדער ער שלאָפט. פון אַהינטערן באַרג לאָזט זיך דער פויער מיט דער בהמה צום געטאָ. איז די קו אַ שוואַרצע, איז גוט; אויב ניט — הילט מען איר איין אין אַ מאַנטל. דער פויער ברענגט איר נאָר ביזן דראָט. יאַנקע-מענדע, דער אויסהעלפער ביי די קצבים, עפנט דעם דראָט. ער האָט שוין זיין אָרט, וווּ ער האָט אַדורכגעשניטן דעם צאָם ווי אַ טויער. באַפרייט ער נאָר די צוזאַמענגעהאָפטענע ברעגעס, און שוין איז דער טויער אָפן. מען פאַרמאַכט דער קו דאָס מויל מיט די אייגענע הענט, און אין שטאַל וואַרט שוין דער שוחט. די קוישע מוזן ווערן פאַרשאַרט; אין שניי טוט מען איר אָן טיכער אויף די פיס. באַגינען איז דאָס פלייש שוין פאַרטיילט אין יעדערנס קעריבל, וואָס מען האָט פאַרנאַכט געלאָזן קומט אַיעדערער, באַצאָלט די דרייסיק מאַרק פאַרן קילאָ און נעמט אָפּ זיין חלק.

דער יידישער פּאָליציי געפעלט ניט נאַטעס-יאַכעסעס האַנדלען. עס איז צו ריזיקאַליש — יעדן טאָג אַ קו, און אַזוי „אָפן“! קאָנפיסקירן זיי דאָס פלייש. נאָר יאַכעס נעמט פרייזן אויף איינפאַל, פירט ער מאָרגן אַ צווייטע קו און היט זיך שוין אויך פאַר דער יידישער פּאָליציי.

אַ האַלב יאָר האָט אַזוי דאָס געטאָ געהאַט כשר-פלייש, אין יאַכעס האָט געטענהט: פאַר אַ קילאָ פלייש אַרעסטירט מען, פאַר אַ גאַנצע קו — קיין מאָל ניט. וועט איר שטעלן שוטרים ביי די דראָטן, וועל איך מיט פאַראַשוטן לאָזן די קו אין געטאָ אַריין...

ביז ס״ד האָט אויפגעדעקט דעם פלייש=האַנדל אין געטאָ. באַטש זיי האָבן קיינעם ניט געכאַפּט ביי דער האַנט, האָבן זיי געצוואונגען דעם עלטסטנראַט אַרויסצוגעבן די הענדלער. יאַכעס און נאַטעס זיינען אַוועק אין טורמע. דעם הענדלער גליטשענשטיין האָט מען נאָך פריער געמוזט (!) איבערגעבן צום טויט. די וועלכע האָבן געאַרבעט מער פאַרן יוויל פון געטאָ, צו שטילן דעם הונגער — האָט מען אויסבאַהאַלטן.

* * *

אין אַ חרוב הייזל ביים בית=עולם=וואַנט, וואָס גייט אַריין אין געטאָ, האָבן זיך באַזעצט זיבן בחורים. זיי רופן זיך דער רעוויזיאָניסטישער קיבוץ. דאָס איז אַ שארית פון אַ רעוויזיאָניסטישן קיבוץ אין לוצק, פוילן, חברים פון שלמה בן יוסף. זיי זיינען אַנטלאָפן אין ליטע און דאָ אַריינגעפאַלן אין געטאָ. זיי לעבן צוזאַמען, טיילן זיך מיטן ביסן זיי האָבן געפועלט ביים יידישן לייטער פון אַרבעטס=איינזאַץ, ער זאָל איינעם פון זיי, דעם יינגסטן, לאָזן פאַר אַ באַלעבאָסטע אין שטוב וואַשט ער עס זייער אַלעמענס וועש, קאָכט, רוימט אויף דאָס צימערל, די אַנדערע זעקס אַרבעטן אין די קאָמאַנדעס. איין בליק אויף די זיבן יידן, און עס דוכט זיך, אַז איין מאַמע האָט זיי געבוירן: געזונטע, מיט ברייטע פלייצעס און שווייגעדיקע אויגן, אַהינטער וועלכע עס באַהאַלט זיך אויס אַן אייביקע פאַרשווערונג, אַ סוד.

שיקט מען צוויי פון זיי אויף טאָרף אָדער אַנדערע שווערע אַרבעט אויסערן געטאָ -- פאַרבייטן זיי איינע די אַנדערע. אַזוי טיילן זיי איין די שווערקייט און די לייכטקייט פאַר דער גאַנצער משפחה צו ביסלעך.

דער צווייטער ווינטער אין געטאָ, די לאַגע איז שווער, מען הונגערט. האָבן די דאָזיקע חברים באַשלאָסן אויסצונוצן זייערע געזונטע גופים, זייער דרייסטקייט צוויי חברים וואָס האָבן געאַרבעט אויפן באַן, פלעגן ביים צוריקגיין פון דער אַרבעט זיך אָפּטיילן פון זייער קאָלאָנע, ערגעץ פאַרשטעקן, ביז ס'פלעגט גוט פינצטער ווערן. דאַן פלעגן זיי ווי איינכאַפּן פופציק און מער לעבלעך ברויט, פאַרפּאַקן אין זעק און עס טראָגן צום געטאָ. אין אַ הויף ביי יענער זייט

בית־עולם־פּאַרקאַן פּלעגן זיי זיך אָפּשטעלן און וואַרטן אויף אַ צייכן פון אינעווייניק. די אַנדערע חברים פּלעגן אויסשפּאַנירן אויף די וואַך איז פּאַרזאַמלט ביים טויער אָדער זיי פּאַטראָלירן אַרום געטאָ. אין אַ גינסטיקן מאָמענט פּלעגן זיי מעלדן דעם סיגנאַליזירער, וואָס פּלעגט זיצן מיט אַ באַטאַרייקע־לעמפּל אין האַנט אויף זייער שטיבל־דאַך, וועלכעס איז געשטאַנען האַרט ביי דער וואַנט פון בית־עולם. דערזען דעם צייכן, פּלעגן די חברים פון יענער זייט זיך לאָזן כהרף עין מיטן ברויט צום בית־עולם־וואַנט. די אינעווייניקסטע פּלעגן איבערלויפן דעם בית־עולם און איבערנעמען דאָס ברויט מיט זייערע חברים.

אַ ווינטער לאַנג האָבן זיי געאַרבעט. ביז אין אַ נאַכט האָבן זיך אָנגעפאַנגען שיסן קוילן איבער זייערע קעפּ. הלל קאַטשובאַ, דער עלטסטער און געזונטסטער, האָט מיט זיינע שטאַרקע הענט אַריבערגעוואָרפן זיין חבר און דאָס ברויט איבערן פּאַרקאַן. אַליין — איז ער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי.

אין אייניקע טעג אַרום האָט דער ס"ד־פעלדפעבעל, קעליער, געזאָגט די יידישע פאַרשטייער: אַזאַ יידן האָב איך נאָך ניט געזען. ביזן טויט געשלאָגן האָב איך אים, און ער האָט ניט אַרויסגעזאָגט, ווו ער האָט גענומען דאָס ברויט און ווער זיינע מיטהעלפער זיינען געווען.

דריי מאָנאַט שפּעטער האָבן די דייטשן געדאַרפט יידן אויף טאָרף־אַרבעט, און ס'איז געלונגען אַרויסצונעמען פון טורמע די אַלע נאָך לעבעדיקע יידן. ביי זיבעציק אין צאָל. קאַטשובאַ איז געווען צווישן זיי. אויף טאָרף איז געפאָרן פאַר אים זיין חבר, וועמען ער האָט געראַטעוועט.

לאַנגע חדשים שפּעטער איז נאָך געווען צו זען די רויטע שטיקער אָפּגעריסן פלייש אויף קאַטשובאַס גוף. און די חברים האָבן זיך דאַן אויסגעזוכט אַ בעסערע באַשעפטיקונג — העלפן פּלאַנען די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ. אַ טייל איז אַוועק אין וואַלד. *)

* * *

*) אַ וואָך נאָך דער באַפרייאונג פון דאַכאַו, מאַי 1945, איז איינער פון די זיבן, יהודה טוריסקי, אַוועק מיט אַ לעבל ברויט

בײלקע האָט שױן ניט אײנמאָל געזען דעם טױט פֿאַר די אױגן. ניט אײנמאָל האָבן איר, בײם איבערשפּרינגען דעם דראָט, נאָכגעיאָגט קױלן. נאָר זינט זי האָט געקראָגן די אַרבעט פֿון פֿירן די צואה אין שטאָט איז איר ריזיקע קלענער געװאָרן.

אײנגנטלעך האָט מען די אַרבעט געגעבן איר מאַן. נאָר זי איז מער בריה, מער געװאַגט, נעמט זי אַלײן די לײצעס אין אירע גראָבע ידים און טרײבט אָז דאָס פֿערדל. דאָס װעגל מיט די צואה, אױף צװײ גרױסע רעדער, הױדערט זיך דורך אַלע אָפּגעלעגענע שטאָטגאַסן, פֿאַרפֿאָרט װו די שטאָט־פֿאַרװאַלטונג האָט אָנגעװיזן, אַז מען דאַרף דאָרטן רײניקן די אַבאָרטן רײניקט אױס און פֿירט עס אױסער דער שטאָט. אַזױ איז בײלקע איצט פֿול אומעטום, בײ אַלע אירע באַקאַנטע גױעס, אין די אַרימיקע דערפֿער; פֿאַרקױפֿט אַלץ װאָס מען גיט איר פֿון געטאָ און קױפֿט אײן פּראָדוקטן. איר באַהעלטעניש איז זיכער: אין גוט פֿאַרמאַכטן בלעך־קאַסטן, אין דעם פֿור פֿון טינוף.

צװײ מאָל אין טאָג, אױף מיטאָג און אין אָװנט, פֿאָרט זי אַרײן אין געטאָ, נעמט אַרױס פֿון באַהאַלטער דאָס קעסטל און פֿון אים -- ברױט, פּוטער, שמאַלץ, פֿלײש.

אַלע װײסן װו בײלקע פֿירט די פּראָדוקטן, נאָר קײנער ברױקירט ניט, פֿאַרקערט, מען קומט זיך בעטן בײ איר, זי זאָל מיטגעמען עפּעס צום פֿאַרקױפֿן, צום אױסבײטן. בײ איר איז מען זיכער, אַז ס'װעט ניט פֿאַרלױרן גײן. אַז מען װעט בײ איר ניט כאַפּן, זי האָט דאָך אַזאַ גוט באַהעלטעניש.

* * *

אײדלמאַן איז געבױרן געװאָרן צו זײן אַ דיכטער, נאָר דער האַרטער לעבנס־קאַמף האָט אים געצװוּנגען צו װערן אַ פֿישער. פֿאָרט ער אַרױס איבער טײכן, אָזיערעס, כאַפּט פֿיש און פֿאַרקױפֿט. יעדע ײדענע װאָס קױפֿט בײ אים, איז ער מכבד מיט אַ פּאָר געגראַמטע װערטער, און די װעלכע קױפֿן ניט בײ אים זינגט ער נאָך קופּלעטן

---

אונטערן אָרעם, אין די מלבושים פֿון קאַצעט, איבער אַלע גרענעצן קײן ארץ־ישראל. אַ צװײטער, בוזיק, האָט אָנגעפֿירט מיט יציאת־אײראָפּא. קאַטשובאַ און אליהו זײנען אין ארץ־ישראל. איציק איז געפֿאַלן אין קאַמף מיט די דײטשן.

און... זיי קויפן שוין. די אַנאָנסן וועלכע ער גיט פאַר זיין פּיש-געשעפט זיינען געגראַמטע. נאָר איידלמאַן האָט נאָך אַלץ, צו זיינע פערציקער יאָרן, דעם ווילן צו זיין אַ דיכטער. פון צייט-צו-צייט דרוקט אַ צייטונג זיינס אַ לידל. אַ לייכטס, אַ שלאָגעדיקס, און איידלמאַן פאַרלויכט דערמיט זיין אומצופרידנקייט פון פאַרקויפן פיש. כאָטש פון דעם עצם געפינען זיך אָפט אויף די ברייטע וואַסערן, ליכטיקע טייכן, אונטער אָפענע הימלען, איז איידלמאַן דווקא צופרידן.

אין געטאָ זיינען קיין טייכן ניט געווען. אַ חוץ טייכן בלוט און טרערן. האָט איידלמאַן באַשריבן, באַזונגען אַלע געטאָ-געשעענישן און געצווייגן צו זיך פאַרערער. וואָס האָבן געהערט און געוויינט, געהערט און געלאַכט — ווי וואָס פאַרא פאַסירונג איידלמאַן האָט באַשריבן און פאַרגעלייענט.

אין געטאָ קען מען אָבער אַוודאי ניט לעבן פון פּאָעזיע, האַנדלט איידלמאַן אויך דאָ מיט פיש. ער שמוכלט זיי אַריין פון באַקאַנטע גויאישע פישערס, און יידן זיינען זיך מחיה מיט אַ שטיקל שבתדיקן פיש, צו להכעיס אַלע שונאים!

איידלמאַנס געשעפט איז טאַקע פיש, נאָר עס קען אויך ניט שאַטן אונטערכאַפּן אַ מאָל אַ האַנדל מיט פלייש...

שטייט ביים געטאָ-טויער אַ גוטער פּאָליציסט, אַ באַקאַנטער, מאַכט איידלמאַן מיט אים אַ געשעפט. ער כאַפּט זיך נאָר אַרויס אויף אייניקע מינוט און באַלד פאָרט ער אָן מיט אַ פולן שליטן פלייש, גלייך — אין די הענט אַריין פון דער פּאָליציי — זיין באַקאַנטער פּאָליציסט האָט אים פאַראַטן.

דערוויסט זיך די קריסטין אַדאַמאָוויטש, ביי וועמען איידלמאַן האָט דאָס פלייש געקויפט אַז ער זיצט אין טורמע, לויפט זי צו דער ליטווישער פּאָליציי. זי ווייס, אַז ניט נאָר ער, נאָר אויך זי איז אין סכנה. אַדאַמאָוויטש שיצט אַ סך יידן אין געטאָ שוין די גאַנצע צייט. וועמען, פון באַקאַנטע, זי גיט אומזיסט, און מיט וועמען זי פירט גרויסע געשעפטן: זי קויפט אויף יידישע זאַכן און צאָלט מיט לעבנס-מיטל, פּראָדוקטן. אויב איידלמאַן זאָל זיין געצוווּנגען אויסצוזאָגן איר נאָמען, וועט די פּאָליציי געפינען ביי איר אַ ריזיקן יידישן פאַרמעגן, וואָס ווערט אין די נעכט צו איר אַריבערגעשמוכלט. אַדאַ-

מאָוויטש קומט ענדלעך זײַרך מיט דער ליטווישער פּאָליציי: אַז מען שטעלט אויף מאָרגן אײַדלמאַנען צו אין ס״ד איז נאָר פֿאַראַן פֿון די 4 זעק פֿלייש איין איינציקער און דער — מיט ביינער.

די ייִדן וואַרטן אָפּ אײַדלמאַנען אין געטאָ, ווילן וויסן ווי שטאַרק ס׳איז געווען די קלעפּ, ווי אַזוי ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון טויט, נאָר אײַדלמאַן לויפֿט מיט אונטערגעהאַקטע זײַטן צו זײַן פּעדער. „שפּעטער, שפּעטער וועל איך אײַך דערציילן.“ אין זײַן קאָפּ ליגט פּאַרטיק די באַשרײַבונג, אויסגעגראַמט, אויסגעדיכטעט.

אין אָוונט שליסט ער זיך אויף פֿון זײַן אַליין זײַן, ער פֿיבערט פֿון די צעקלאַפּטע אברים און פֿון שאַפֿונגס־אימפּעט. אײַדלמאַן לייענט, און געטאָ־ייִדן קאַטשענען זיך אין געלעכטער פֿון דער געלונגענער פּאַראָדיע. נישט וועגן קלעפּ דערציילט זיך דאָרטן, נאָר פֿון אליהו הנביא, וואָס האָט אויפֿגעמאַכט די זעק, אָפּגעשונדן דאָס פֿלייש און געלאָזן נאָר ביינער. דאָרט ווערט דערציילט פֿון דײַטשער טעמפּקייט, פֿון ליטווישער כאַמישקייט. און —

„פֿון אונדזערע שונאים אַזויפֿיל ציינער —
וויפֿל פֿלייש ס׳איז געווען,
ניט קיין ביינער..“

# אומגליקלעכער עם־הספר

ביי אַ פרומען איז קיין קשיות נישטאָ, פאַר אַן אַפּיקורוס זיינען קיין תירוצים ניטאָ.

פאַר פרידמאַן דעם שלאָסער זיינען קיין קשיות נישטאָ.

מען האָט אויסגעמאָרדעט טויזנטער יידן?

ה׳ נתן וה׳ לקח. גאָט האָט געגעבן דאָס לעבן און גאָט נעמט עס צוריק, ווען ער וויל.

פרידמאַן איז געבוירן געוואָרן מיט אַ גלויבן־דורשטיקע נשמה, אויף אַלע צרות וועט ער געפינען צדק־הדין. מעג דער רשע טרייבן, יאָגן צו אַרבעט פון פריען באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַלץ וועט פרידמאַן געהאָרכזאַם דורכפירן. עס איז גאָטס שטראָף; זיי, די רשעים, זיינען נאָר זיינע אויספירער.

פאַרוואָס וויל אַזוי גאָט?

דאָס טראַכט ניט פרידמאַן, ער וויל עס ניט טראַכטן, זיין שכל קען עס סיי ווי ניט משיג זיין. די תורה איז ניט נאָר פון שכליות, און ניט אַלץ קענען מיר פאַרשטיין. אָבער וואָס ערגער עס ווערט, וואָס מער אַקציעס, סעלעקציעס, טויט, בלוט, שגעון און פאַרניכטונג אַלץ בעסער דאַרפן מיר ווערן, אַלץ געלייטערטער, פרימער. ווייל נאָר דאָס איז דאָך גאָטס רצון: מיר זאָלן בעסער ווערן, פרימער, הייליקער, גיין אויף מסירת־נפש פאַר יידישקייט, פאַר גאָט און זיין תורה, אַזוי טענהט פרידמאַן אַריין אין יעדן געטאָ־יידן.

שבת אַרבעט פרידמאַן ניט. מעג זיין משפּחה ליידן דערפון, מעג ער געטריבן ווערן דורך יידישע אָרדנונגס־דינסטלער, מעג ער אַפּליגן פאַרבאַהאַלטן אין טויט־שרעק גאַנצע שבתים, אויף בוידעמער און אין קעלערס, אין מורא פאַר די כאַפּערס, וועלכע רייסן זיך אָפּט אַריין אין געטאָ כאַפּן אויף אַרבעט, — פרידמאַן וועט ניט מחלל זיין דעם טאָג, וואָס גאָט רוט אין אים.

10*

און פרידמאַן האָט טייערע הענט, ער איז אַן אַבסאָלווענט פון דער מלאָכה־שול „אָרט“ אַרויס פון דאָרט מיט אַן אויסצייכענונג, ער איז אַ גוטער שלאָסער. ווו ער קומט אַרבעטן באַהאַנדלען אים אַפילו די דייטשן בעסער ווי אַנדערע יידן, ווייל פרידמאַן רירט זיך נאָר צו צו אַ צעבראָכענע מאַשין, ווערט עס געמאַכט אַזוי שנעל און אַזוי גוט, אַז די דייטשע אויפפּאַסער און מייסטערס האָבן דרד־אר׳ן פאַר זיינע קענטעניש. אָפט וואַרפן זיי אים צו אַ שטיקל ברויט, אַ טעלער זופּ (וואָס ער עסט ניט, צוליב טריפה). נאָר וואָס העלפט דאָס אַלץ, אַז פרידמאַן אַרבעט נאָר זעקס טעג, אויפן זיבעטן איז שבת. קומט דער מייסטער שבת אין געטאָ זוכן פרידמאַנען, זיי דאַרפן אים האָבן, דער בוי־לייטער שיקט ספּעציעל נאָך אים. נאָר פרידמאַן ליגט באַהאַלטן. אויף מאָרגן מוז מען זאָרגן פאַר פרידמאַנען אַן אַנדער אַרבעט־פּלאַץ. אויף דעם זעלבן טאָר ער זיך מער נישט באַווייזן, די דייטשן וועלן אים דערהרגענען, אָפּגעבן ס״ס פאַר סאַבאָטאַזש. פרידמאַן איז באַשטימט אַלס מייסטער פון אַ גרויסער פאַבריק, די מאַשינען קענען ניט אַוועק אָן אים און ער ליגט רואיק מיט אַ ספר אין האַנט, ווי ניט אים וואָלט מען איצט געזוכט. ביי אים איז שבת. ער גייט אויסגעפּוצט אין שבת׳דיקן אָנצוג, מיט אַ הוט אויפן קאָפּ און לערנט אַ בלאַט גמרא.

פרידמאַן אַליין האָט ניט מורא. ער איז אין גאָטס האַנט. אַנומלט איז ער אַריינגעפאַלן אין טורמע צוליב זעקס פאַרפוילטע קאַרטאָפל. אָפּגעזעסן דריי מאָנאַטן און אַרויס אַ געשוואָלענער פון הונגער, האָט ער אויך געהאַט מיט וואָס צו פאַרענטפערן גאָט: — עס איז געווען פרייטיק, שוין גאָר קורץ פאַר ליכט־בענטשן און ער האָט נאָך געטראָגן די פאַרפוילטע קאַרטאָפל, זיך פאַרזאַמט וועגן זיי לענגער אין שטאָט, האָט גאָט אים געשטראָפט דערפאַר, ווייל ער האָט קיין בטחון ניט געהאַט אין אים, ניט אָנגעטרויט, אַז ער וועט שוין צושיקן אויף שבת... פרידמאַן וויל עס פאַרשטיין אַלס צייכן. גאָט רעדט צו אים מיט רמזים און פרידמאַן שטרענגט זיך אָן צו פאַרשטיין די דרכי־השם. און טאַקע דאָס אַליין, וואָס ער איז דאָך אַרויס פון טורמע, איז דען ניט דער בעסטער באַווייז, אַז ער איז אין גאָטס האַנט? אײַ פאַרוואָס זיינען אַנדערע, וועלכע זיינען געזעסן מיט אים צוזאַמען,

טאָקע געשטאָרבן דאָרטן פון הונגער און קלעפּ? אויף דעם האָט פרידמאַן איין ענטפער:

— אַזוי, ווייזט אויס, איז דער ווילן פון גאָט.

און וואָס האָט פרידמאַן פאַרלאַנגט פון זיין היים, אין טורמע זיצנדיק? — ניט קיין ברויט, ניין! — זיין טלית און תפילין און אַ ספר אין וואָס אַריינצוקוקן. אויך אין טורמע האָט פרידמאַן געהאַט מיט וואָס אויסצופילן זיין טאָג: מען דאַרף זען, אַז אַלע יידן אין אַלע צימערן זאָלן קריגן די תפילין, אַמאָל לאָזט זיך אויסמאַרקירן אַ מנין אויך. מען לערנט אַפילו אין טורמע אַמאָל בחברותא און — גאָט וועט שוין רחמנות האָבן.

חנוכה תש״ב:

שטרייגגע, דער שיכור, אַ קעניגסבערגער דייטש, וואָס האָט אין געטאָ באַקאַנטע יידן פערד-הענדלער איז איצט דער ממונה פאַר די יידן אין אַרבעטס-אַמט. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז ער געווען אין געטאָ און אויסגעמאָסטן די גאַסן, האָט מען דערפון געדרונגען, אַז עס גרייט זיך עפּעס אַן איבערגרופּירונג. און אויף חנוכה, אַ יום-טוב דאָך, איז עס געקומען: אַלע בעלי-מלאכות דאַרפן אַריבערגיין אין איין זייט געטאָ און די שוואַרצאַרבעטער אין אַ צווייטער זייט.

פאַרוואָס אַזאַ געזעץ?

היינט ווייסן מיר עס: אַזאַ רויבער-טאַקטיק האָבן זיי געפירט אומעטום כדי צו קענען אַרויספירן, וועלכן טייל מען וועט דאַרפן, ליקווידירן אָן באַזונדערע שוועריקייטן. דאַן האָט מען עס ניט באַגריפן.

די נאַכט פאַר דער אומזידלונג איז געווען אַ ליל-שימורים אין געטאָ-פאַרשטייערשאַפט. מען האָט געמאַכט ליסטעס, צוגעגרייט, אויפן פּאַפּיר, ווער מיט וועמען עס בייטן זיך ווינונגען. די זאַלקו-לאַציע איז געווען אַ שווערע. ביי יעדע אומזידלונג פלעגן די דירות קלענער ווערן: אַז דער עולם איז שוין געזעסן, ווער-מיט-וועמען איינ-קוואַטירט, איז מען שוין געלעגן „איינגעאָרדנט" אין דע ענגע דלד-אמות'דיקע קברים, אַז מען האָט אָבער געדאַרפט איינשטעלן יעדערן אין אַ נייע ווינונג, איינטיילן אויפסניי די צוויי מעטער פאַר אַ מענטשן, פלעגן די ווינונגען שטענדיק קלענער ווערן. מען האָט ניט

געקענט אַזוי לײַכט צונויפפאָרן די אײַנוווינער; די טראַגעדיע פון וווינונגען און דירה-מאַנגעל פלעגט, נאָך אַן אומזידלונג, ווידער אויסוואַקסן מיטן גאַנצן גרויל.

די קללה פון „שבע נשים בתנור אחד" איז אין נאָרמאַלן טאָגטעגלעכן געטאָ-לעבן געווען איינע פון די גרעסטע קללות. און ווייזט אויס, אַז צו קאָכן „חלה-בוזשע", (אַזוי האָט מען גערופן די מאָגערע זופן), מוז מען האָבן מער אָרט ווי אויף גוטע געריכטן. די נערוון זיינען צערייצט געווען, און פאַרמאַטערטע פרויען, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, פלעגן זיך צוכאַפּן צו די איינציקע קיך אין הויז, אַמאָל פאַר זעקס און אַכט משפחות, האָט קיין צרות, האָר-רייסעניש, קללות, צער און פיין שוין ניט געפעלט.

דער אונטערשייד פון שטאַנד און קלאַס האָט אויך אין געטאָ ווייניק נאָכגעלאָזן. ביי אַ טייל איז עס אַפילו שטאַרקער געוואָרן. מענטשן וועלכע האָבן אין לעבן אַלץ פאַרלאָרן האָבן זיך שטאַרק געקלאַמערט אַרום דעם „וואָס מען קען דאָך ניט פאַרלירן" — שטאַנד, קלאַס, אַנשויאונג, געוווינטער לעבנס-שטייגער. האָט מען געמוזט, כדי צו פאַרמיידן בייז-בלוט, שטענדיק מדקדק זיין ביים צוזאַמענפּאַסן די משפחות. אַזוי צ"ב פלעגן זיך שלעכטער פון אַלעמען פאַרטראָגן געוועזענע גרויסע גבירטעס מיט קלענערע. ניט זעלטן האָט אַ קיך-סקאַנדאַל געהאַט זיין פינאַל אין געטאָ-געריכט. פלעגט מען דערפאַר מוזן לייגן אַכט ניט נאָר אויף דער גרויס פון אַ וווינונג, ווי, נאָך מער, אויף אַלע פסיכאָלאָגישע מאָמענטן און מענטשלעכע געוווינהייטן, ביים צוזאַמענפּאַסן די שכנים. אָבער אויך די רוימען פלעגן עפּעס קלענער ווערן. די ברכה פון בית-המקדש, פון עומדים צפופים און משתחוים רווחים האָט אין געטאָ ניט גערוט. פון איעדער קנייטש און בויג, וואָס מען פלעגט געבן דאָס געטאָ, איז אַלץ ענגער געוואָרן. די צוגעטיילטע מעטערס האָבן קיינמאָל ניט אויסגעהאַלטן דעם חשבון ביים דעטאַליזירן זיי. (זע „טאַמאַרע"). פלעגן טאַקע מענטשן נאָך יעדער אומגרופירונג זיך וואַלגערן וואָכן-לאַנג מיט זייער ביסל אָרעמקייט אויף די געטאָ-גאַסן.

אין יענעם באַגינען ווען מען האָט דערזען, אַז נאָך אַלע צונויפפאָרענישן אויפן פּאַפּיר איז דאָך אוממעגלעך אַלעמען צו געבן אַ

דאַך איבערן קאָפּ, איז מען געפאַלן אויף אַ המצאה: אָנשטאָט אומצובייטן די מענטשן אין די דירות האָט מען אומגעביטן זייערע נעמען אין די ביכער... דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס געפאַר.

וואָכן שפּעטער האָבן די דייטשן אַליין פאַרגעסן דעם גאַנצן ענין, פון צוויי באַזונדערע ראַיאָנען, ווייל די גאַנצע זאַך איז דאָך געטאָן געוואָרן כדי ניט געבן קיין רו דאָס געטאָ-פאָלק און, ווי דער שיכור שטריינגע האָט אַליין שפּעטער געזאָגט, כדי צו צעטאַשן די יידן ווי קאָרטן, זיי זאָלן אַליין ניט וויסן ווו זיי געפינען זיך.

די אומזידלונג איז אָבער אויך געווען אַ טאַקטיק קעגן געטאָ. די דייטשן האָבן דאַן מורא געקראָגן, אַז יידן בויען בונקערס, אינטערערדישע אַרויסגענג, צו אַנטלויפן אין פּאַרטיזאַנקע, באַהאַלטן איים געווער א.אז.וו., דורכן אַלע ווילע אַריבערוואַרפן די יידן, פון איין וווינונג אין אַ צווייטער, האָבן זיי געוואָלט צעשטערן אַלע אַזעלכע מעגלעכקייטן. און, וואָס אַן אמת, איז עס זיי אויך געלונגען.

אין יענעם חנוכה-טאָג, באַגינען, אַז די רשימות פון אַריבערהייבן די איינוווינער איז פאַרטיק געוואָרן, זיינען שוין ביים געטאָטויער געשטאַנען זעכציק באַוואָפנטע ס"ד-באַנדיטן, גרייט צו „העלפן" מאַכן די אומזידלונג. די ס"ד-ניקעס האָבן זיך אַ לאָז געטון איבערן געטאָ מיט שטעקנס און ברעטער אין די הענט, ווי אין גייעג אויף ווילדע הינט. ניט געווען איין ייד וואָס איז דעם טאָג ניט געשלאָגן געוואָרן.

ביי טאָג, אַז די זון האָט צעוואַרעמט דעם ליימיקן געטאָ-באָדן, אונטער די טויזנטער אויף אים אַרומטראַמפּלענדיקע פיס, און דאָס געטאָ איז געוואָרן אַ שיטערער זומפּ, האָבן די ס"ד-לייט זיך איינגעאָרדענט אַ ספּעקטאַקל: געטונקט בעזעמער אין דער בלאָטע און געפּאָכעט אין די יידישע פּנימער, אַראָפּגעריסן די היטלען און עס געפירט מיט די בעזעמער אין בלאָטע און די יידן האָבן געמוזט נאָכלויפן. דאָס דאָזיקע איזדעקעווען זיך פון די מערדער האָט יענעם טאָג צעמאַטערט און פאַרווונדיקט אַלעמענס הערצער.

אַז איינער פון דער דאָזיקער ס"ד-באַנדע איז געקומען צו פרידמאַנס הויז און דערזען ווי ער פּאַקט ספרים אין אַ קאַסטן, האָט ער אַ בריק געגעבן דעם קאַסטן, די ספרים האָבן זיך אַ וואַלגער געטאָן

אין דער לייזער בלאָטע. פרידמאַן האָט זיך איינגעבויגן און אָנגעפאַנגען אַרויסנעמען די ספרים, זיי אָפּגעווישט און אַ קוש געטאָן. דער ס״ד־ניק איז ווילד געוואָרן, אָנגעפאַנגען טראַמפּלען די ספרים מיט די פיס מיט אַזאַ סאַדיסטישער רציחה, ווי די דאָזיקע ספרים וואָלטן געווען זיינע טויט־פיינט. אַרויס פון בלאָטע האָט ער אויסגעשטעלט זיינע שטיוול, געהייסן פרידמאַנען אָפּפּוצן. פרידמאַן האָט אויסגעטון דאָס רעקל, געפּוצט די שטיוול. און אַז די שטיוול זיינען שוין זויבער געווען האָט ער מיט דעם זעלבן רעקל אָנגעפאַנגען פּוצן די ספרים.

— פאַרשאָלטענער ביבל־פאָלק — האָט דער ס״ד־כאַם אַ בורטשע געטאָן און אַוועק.

*

פאַר אַ קאָנטריבוציע, אַז די געטאָ־שוסטעריי וועט זיי באַקליידן מיט שטיוול, האָבן די ס״ד־ניקעס, מיטאָג־צייט, פאַרלאָזן דאָס געטאָ, דריי טעג שפּעטער איז זייער גאַנצע קאָמפּאַניע אָפּגעשיקט געוואָרן צום פראָנט, כדי צו קריגן דעם פאַרדינטן טויט. די שטיוול האָבן זיי קיינמאָל ניט אָפּגענומען.

*

נאָך דער באַפרייאונג האָט מען געטראָפן פרידמאַנען אין דייטשלאַנד, אין לאַגער פערנוואַלד, ביי מינכען, אין קלויזנבורגער רבס ישיבה. אַן אָפּגעריסענער, אַ הונגעריקער איז פרידמאַן געזעסן יומם־ולילה על התורה. אַז מען האָט אים געפרעגט ווי עס גייט, איז געווען זיין ענטפער: אַדאַנק גאָט, אַז מען קען נאָך אַריינקוקן אין אַ ספר...

# דאָס מעשענע שטיסל

1

דער „איינצל־שיין" האָט בערלען געגעבן די מעגלעכקייט צו גיין אָן אַ פּאָסטן־באַגלייטער צו און פֿון דער אַרבעט. האָט ער דעם זכות אויסגענוצט צו זיין וואָס ווייניקער אין געטאָ. איין ייד אין דער „צאָלמייסטעריי", אַ באַדינער אין הויז פֿון אַרמיי־באַשפּייזונג־אָפּיצערן, האָט ער זיך שוין מער־ווייניקער איינגעלעבט מיט זיי. בערל ווייס שוין פֿאַר וועלכן אָפּיצער מען דאַרף זיך כּלל ניט ווייזן, אויסמיידן יענעמס רשעותדיקן בליק; פֿאַר אַזאַ איינעם דאַרף מען די אָפּגעפּוצטע שטיוול אַריינשטעלן אין זיין צימער ניט באַווייזנדיק דעם פּנים. עס זיינען אָבער דאָ אָפּיצערן וועלכע מען מעג זאָגן גוט מאָרגן, כאָטש זיי וועלן ניט ענטפֿערן.

ווי גאָר קיין דייטש ניט פֿירט זיך דער אונטעראָפּיצער מאַרטין דעפּע. צו די יידן וואָס אַרבעטן ביי אים אין די מאַגאַזינען, באַציט ער זיך זייער מענטשלעך. אַמאָל קומט ער אַפֿילו אַליין אין געטאָ, כלומרשט אָפּנעמען די אַרבעטער. דערווייל גייט ער דורך דאָס געטאָ, קוקט אַלץ אָן, שטיל, מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געשעמט פֿאַר עמעצן. זיינע יידישע אַרבעטער ווייסן צו דערציילן, אַז ער איז פֿאַרליבט אין אַ יידיש מיידל, טאַקע אין איינע פֿון די וואָס אַרבעטן ביי אים. ער ברענגט איר אַפֿילו ביינאַכט פּעקלעך עסן צום געטאָ־דראָט. נאָר ביי דער אַרבעט לאָזט דעפּע גאָרניט מערקן פֿון זיין פֿאַרליבטקייט. אויך דאָס מיידל האַלט יי־ווירדיק, אַרבעט פּונקט ווי אַלע אַנדערע, זוכט ניט צו זיין קיין אויסנאַם, אין זכות פֿון דעפּעס סימפּאַטיע צו איר.

מיט בערלען האַלט ייך שוין דעפּע זייער פֿריינדלעך. בשעת זיי זיינען נאָר ביידע אין הויז פֿרעגט אים דעפּע אויס, וואָס עס הערט זיך אין געטאָ, ווי די יידן לעבן און וואָס זיין מיינונג איז וועגן ענדזיג. און די דאָזיקע שמועסן קומען פֿאָר אָפֿט, ווייל דעפּע, וואָס

שיכורט ניט, ווי זײַנע אַנדערע חברים, שטייט אויף פרי, אונטערהאַלט ער זיך מיט בערלען, וואָס קומט שוין באַגינען צו דער אַרבעט.

בערל קומט גאַנץ פרי, כדי זיך קענען וואָס גיכער אַרומטאָן: פּוצן אַלעמענס שטיוול, וואַשן די טרעפּ, אָנטראָגן האָלץ, אײַנהייצן און אָנפּומפּן וואַסער אין גרויסן באַק, וואָס געפינט זיך אויפן בוידעם, ווײַל אַזוי גיך ווי ער איז פאַרטיק מיט זײַן אַרבעט, און אין הויז איז קיינער ניטאָ, פאַרקריכט בערל אויפן בוידעם, טאַקע הינטערן וואַסערבאַק, וווּ עס ליגן צעוואַלגערט הונדערטער ביכער.

אין אָט דאָס הויז, וווּ עס לעבן איצט די צאָלמייסטערס, האָט פריער געלעבט חיים שעסקין. איינער פון די רײַכסטע און געלערנטסטע יידן אין שטאָט, וועמענס זעלטענע ביבליאָטעק עס איז גוט באַקאַנט געווען. אַז די דײַטשן האָבן אויפגעראַמט דאָס הויז פון „יידישן מיסט“. געהייסן פאַרברענען די אַלע ביכער, האָט בערל עס דערכאַפּט, פאַרטראָגן אויפן בוידעם, כלומרשט צום אונטערהייצן די אייוונס.

די זעלטענע ביכער און כתב=ידן פלעגט ער בגנבה טראָגן אין געטאָ. נאָר סאָרטירנדיק די ביכער פלעגט ער זיך אָפט פאַרלייענען זיך צוכאַפּן ווי אַ דורשטיקער צו וואַסער און פאַרגעסן וווּ ער געפינט זיך. האָט טאַקע אַמאָל פּאַסירט אַז אַן אָפיצער האָט אים גערופן, געשריען „יודע, יודע“ און בערל האָט ניט געהערט, געווען אַרײַנגעטאָן אין לייענען. דער אָפיצער, וואָס האָט געדאַרפט נעמען עפּעס פון בוידעם, איז אַליין אַרויף. ערשט דאַן האָט זיך בערל אויפגעכאַפּט ווי פון הינערפּליעט; זיך פאַרענטפערט, אַז ער נעמט דאָ נאָר פּאַפּיר אויף אײַנהייצן, און כדי עס צו באַווײַזן — טאַקע גלײַך אַראָפּ אין אָפיצערס צימער, געמאַכט פײַער אין אויוון מיט אַ קליינע ענגלישע פּראַכט=אויסגאַבע פון גאַנץ שעקספּיר.

2

היינט האָט בערל, ווי אַלע טאָג, זיך אויפגעהויבן פאַר פרי אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. ביים געטאָ=טויער האָבן די אָרדנונגס=דינסטלער אים פאַרהאַלטן, געהייסן וואַרטן, באַלד וועט מען באַקאַנט געבן אַ באַפעל פון געביטס=קאָמיסאַריאַט.

שפּעט איז אָנגעקומען דער באַפעל: ברענגען אַלע קופער און מעש־חפצים אויפן געטאָ־פּלאַץ. זיינען אַלע צוריקגעגאַנגען אין די היימען, איבערגעבן די פאַראָרדענונג.

בערל האָט אָנגעפאַנגען צוזאַמענעמען די געפאָדערטע חפצים, נאָר זיין מאַמע האָט זיך איינגעשטעלט: זאָל מען בעסער באַהאַלטן, צו וואָס זיי אָפּגעבן?

— לאָז זיי מאַמע — האָט זיך בערל געבעטן — זעסט דאָך, זיי האַלטן שוין ביי גסיסה, אפשר וועלן זיי אַליין דערהרגעט ווערן מיט די קוילן, וואָס זיי וועלן מאַכן פון אונדזער קופער.

— גוט — האָט שוין בערלס מאַמע איינגעשטימט, נאָכן זיך דינגען אַ ווײַלע — „נאָר דאָס מעשענע שטייסל וועל איך זיי אויף קיין פאַל ניט געבן; דאָס איז אַן אָנדענק, וואָס גייט איבער פון דור צו דור אין אונדזער משפחה“.

בערל האָט ניט פאַרשטאַנען דער מאַמעס סענטימענט־טענה: פאַרוואָס ריזיקירן דאָס לעבן צוליב אַ נאַרישקייט, צוליב פינף קילאָ מעש? אמת, דאָס שטייסל האָט שוין יאָרן, גענוג מאָל שוין געלעגן אין דר׳ערד, באַהאַלטן פון אויגן, וואָס זוכן שטענדיק מעש אויף קוילן. דאָס שטייסל האָט שוין אויך געהאַט אַוועקגעוואַנדערט ביז וואָלגאַ־ברעג און בשלום צוריקגעקומען. נאָר ווייזט אויס — האָט בערל זיך געטראַכט — אַלץ אין דער וועלט האָט אַן ענדע, יעדע זאַך האָט זיך די צייט צו שטאַרבן.

אַלע אין שטוב זיינען אַריין אין דער אַמפּערניש וועגן שטייסל. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים, פאַר און קעגן אָפּגעבן. נאָר בערלס מאַמע האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס איריקע: אַלץ וועט זי אָפּגעבן, די פאַנען, די מאַשינקעס, אַפילו די מעשענע לייכטער — נאָר ניט דאָס שטייסל; דאָס איז אַן אָנדענק פון איר היים, וואָס איז שוין מער ניטאָ. דאָס שטיק מעש שאַפט איר די היים־דערמאָנונג. און זי האָט טאַקע אויסגעפירט: די שטוביקע זיינען אַרויס אויף שמירה, היטן, אַז אַ פרעמד אויג זאָל ניט זען, ווי בערלס מאַמע באַגראָבט דאָס שטייסל.

בערל איז איצט אַוועק צו דער אַרבעט אַן אויפגעהייטערטער: דאָס איז ניט די קאָנטריבוציע, וואָס די דייטשן האָבן גענומען פון

אַרייַנגיין אין געטאָ. איצט נעמען די דייטשן שוין קופּער און מעש, פון וואָס צו מאַכן קוילן; אַ באַווייז — האָט בערל פריער געטראַכט, אַז אין „רייך" איז גאָרניט פויגלדיק, עס פעלן שוין קוילן באַרן פראָנט...

3

ווען בערל איז היינט געקומען צו דער אַרבעט, זיינען די צאַל-מייסטערס שוין געווען אַוועק; נאָר איין פּאַול האַרטמאַן, אַ נידעריקער מיט אַ ברייט-אָפּגעגעסענעם פּנים, האָט זיך נאָך אַרומגעדרייט אין צימער, געזוכט זיינע שטיוול, וואָס ער האָט פאַרגעסן ווי ער האָט זיי אויסגעטאָן.

— האַ, — האָט ער זיך ווי דערפרייט מיט בערלען — קום, זוך נאָר אויף מיינע שטיוול; „צום דאָנער וועטער, איך בין עטוואָס באַזאָפן."

בערל האָט געפונען אין צווייטן צימער די שטיוול; געהאָלפן אים אָנטאָן זיי.

— איך בין אַן אָפיצער און לאָז זיך דאָך פון אַ יידן אָנטאָן — האָט פּאַול אַריינגערעדט אין חלל, ליגנדיק אויפן בעט מיט אַראָפּ-הענגענדיקע פיס, וואָס זיינען אין די שטיוול ניט געקראָכן — „אַלעס איז שייסע. מאַן מוס עס נור פאַרשטעהן".

וואָס מען מוז פאַרשטיין האָט בערל שוין געוווּסט, געוווּסט אַז דער דאָזיקער שיכור האָלט זיך פאַר געניאַל, אין קענען זיך האַלטן הינטערן פראָנט אַלס צאָלמייסטער, ווו ער פרעסט, זויפט און שיקט איבער פּעק סחורה זיין ווייב אין טירינגען. — „יאָ, איצט איז אונדזער זיג שוין געזיכערט, האָסט שוין געהערט פון „פוי 2"? — האָט דער שוכור אַריינגעוואָרפן אַ פראַגע, אָן אַ צוזאַמענהאַנג.

— ניין — האָט בערל אים געענטפערט — ניט געהערט. — נאָר האָט שוין דער הער אָפיצער געהערט וועגן שרעקלעכן באַפעל היינט צום געטאָ? — מיר מוזן אָפּגעבן אַלע אונדזערע קופּער און מעש; דער באַפעל איז אונטערגעשריבן פון לואזע *).

---

*) לואזע — דער שעף פון גאַנץ אסטלאַנד, מיטן זיץ-אָרט אין ריגע.

— יאַ, אונדזער אַרמיי ברויכט אַמוניציאָן! — און פּאַול האָט זיך נאַריש צעלאַכט — מאָן מוס עס נור פאַרשטעהן, כאַ, כאַ, כאַ —

בערל האָט מיט גוואַלד אַ צי געטאָן דעם שטיוול אַרויף און פּאַולס פּוס האָט נאָכגעגעבן זיך אַריינגעדריקט אינעווייניק.

— מאַך מאַל אויף דעם פענצטער — האָט פּאַול אַ קאָמאַנד־ר געטאָן — זאָל די זון אַריינקומען.

בערל האָט געעפנט דאָס פענצטער. אַ טעמפּ ראָלן פון רעדער האָט אַריינגעסקריפּעט אין צימער. ער האָט דורכגעבויגן דעם קאָפּ און דערזען אַ פולע פור מיט קופער און מעש, וואָס האָט אויסגעזען אונטער דער זון־ליכט ווי רויט פאַרגליווערט בלוט, און אַ געדאַנק איז אים דורכגעלאָפן: —

אין יאָרהונדערטער אַרום וועלן אפשר אַרכעאָלאָגן אַרויסגראָבן דאָס שטייסל, וואָס זיין מאַמע האָט באַגראָבן; זיי וועלן עס וועגן, פאָרשן און באַשרייבן — גאָר איינס וועלן זיי זיכער ניט וויסן, — אַז אַ געטאָ־מאַמע האָט עס באַגראָבן. און ריזיקירט דערביי דאָס לעבן.

# טעלזש און יידן

אין געטאָ האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין שטאָט, אין דער שטריקעריי פון פרוי וועניצלויסקע, אַ טאָכטער פון אַ באַקאַנטן אין ליטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אַדוואָקאַט, אין דער שטריקעריי, וואָס זי האָט ספּעציעל געעפנט צו באַשעפטיקן יידן זיינען היינט אָנגעקומען צוויי פרויען פון טעלזש. זיי זיינען געקומען פאַרשטעלט, ווי קריסטנס, און וועלן פאַרנאַכט, מיט דער אַרבעטס־קאָלאָנע, אַריינגיין אין געטאָ.

* * *

אין שטיבל, ווו עס זיצן איצט די געקומענע, איז פינצטער און פון זייערע מיילער שפּאַרן זיך בלוטיקע איוב־בשורות, פינצטערע גרוסן — אויסגעמאָרדעט האָט מען טעלזשער יידן, נישטאָ מער די טעלזשער ישיבה און דער לערער־סעמינאַר איז נישטאָ, און די מכינה, און די יבנה־גימנאַזיע פאַר טעכטער, און אַלע קינדערלעך, די ליכטיקע, די צאַרטע, פון בית החינוך, צוזאַמען מיט זייערע עלטערן דערמאָרדעט. אַלעמען, אַלעמען, אויפן גרויזאַמסטן אופן. ניט געהאָלפן האָט די שבועה, וואָס דער טעלזשער רב האָט אָפּגעגעבן, אויפן מיטן מאַרק־פּלאַץ, די דייטשן. אַ שבועה פאַר כל הקהל, אַז אונטער זיי זיינען ניטאָ קיין שפּיאָנען און אַז זיי וועלן זיין לאָיאַל צו דער דייטשער מאַכט.

באַלד, גלייך ווי די דייטשן זיינען אַריין אין טעלזש, האָבן זיי פאַרטריבן אַלע יידן אין ריינער וואַלד, דריי קילאָמעטער פון שטאָט און זיי דאָרטן פאַרמאַכט אין שטאַלן. אין אַ פאַרנאַכט זיינען אָנגעקומען קיין ריין הונדערטער ליטווישע פּאָליציסטן מיטן אויבער־מערדער שוואַנט. זיי האָבן אַרויסגענומען די יידן פון די שטאַלן, זיי אָפּגעשניטן די בערד, זיך געלאָזט אָפּגעבן גאָלד און אַלע ווערט־זאַכן און דאַן געצוווּנגען די יידן צו לויפן איבער גריבער־פולע פעלדער, געצוווּנגען זיך לייגן אין בלאָטע, אויפשטיין, זיך ווידער לייגן — אַזוי אַ האַלבע נאַכט. אַז מען האָט זיי אָפּגעלאָזן זיינען די

יידן אויסגעבראָכן אין אַ יללה, פון וויימיק און פּיין. נאָר איינער, יצחק בלאָך, האָט אַרויפגענומען אויף די הענט זיין מאַמע און אַוועק אַ טאַנצענדיק־זינגענדיקער: — עם ישראל חי, עם ישראל חי.

אויף מאָרגן פרי האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע מענער צו אָפענע גריבער. די ליטווינער האָבן געגעבן אַ באַפעל זיך אויסצוטון. יצחק בלאָך האָט זיך גיך אַרויסגעכאַפּט אויפן באַרג ערד און אָנגעפאַנגען ריידן צו די יידן:

— לאָמיר זיך מטהר זיין לפני אָבינו שבשמים. דער גלות פאַרניכטעט אונדז. ניט מעגלעך קיין ווידערשטאַנד קעגן אַזויפיל מערדער. נאָר זאָל אונדזער טויט זיי ניט אָנקומען לייכט. זאָל זיך ראַטעווען ווער עס קען. ניט פאַרצווייפלט יידן! עס וועלן בלייבן געגנוג יידן אויף נקמה. שטאַרקט אייך, שטאַרקט אייך יידן!

הונדערטער אויסגעאיילטע מאַשין־געווער אין די הענט פון די ליטווינער צילעוון. נאָר זייער עלטסטער, דער ליטווינער פּלאַטאַקיש, גיט ניט קיין באַפעל — האָרכן זיי, האָרכן און שווייגן. און אַט רעדט יצחק בלאָך אויך צו זיי, אַ קללה צו די מערדער:

— געדענקט! אונדזער בלוט וועט זיך נוקם זיין אָן אייך. אונדזער פאָלק האָט שוין אַ סך בלוט געגעבן — און לעבט, און וועט לעבן. אָבער אייער אונטערגאַנג האָט איר מיט אונדזער בלוט פאַר־שריבן.

געגנוג! — שרייט אויס שוואַנט, וועלכער שטייט אַ נאַקעטער אויף אַ מאַטאָציקל.

פּלאַטאַקיש באַפעלט צו דערשיסן אַלם ערשטן דעם טעלזשער רב. דער רב גייט רואיק, מיט אַ שטילע תפילה אויף די ליפּן אַרויס אין דער פאָדער ריי. נאָר יצחק, וואָס האָט נאָך ניט פאַרענדיקט זיין קללה צו די רוצחים, שפּרינגט אַרויס פאָרויס; ער פאַרשטעלט מיט זיין ברוסט דעם גוף פון זיין רבין, און פון זיין מויל פאַלן גליענדיקע ווערטער אין דער טויטער שטילקייט פון אַרום: שטאַרקט אייך, שטאַרקט אייך יידן! — עם ישראל חי! און — יצחק פאַלט.

שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד! — און דער טעלזשער רב פאַלט אויפן גוף פון זיין תלמיד.

*

ווייגען?

ניין! ווער צעשפּרונגען האַרץ, פון ווייטיקדיקן שטאָלץ, איבער קידוש־השם און קידוש־האומה, וואָס איז דאָ פאַרגעקומען בנשימה אחת.

*

און ווער האָט די פּאָגראָמען אָנגעפירט אין טעלזש, אויסער שוואַנטן? — דער באַקאַנטער „יידן פריינד״. דער שטענדיקער איינ־גייער אין רבס שטוב, דער, וואָס האָט גערעדט יידיש, ווי אַלע יידן אין שטעטל — דער מיליטער־דאָקטאָר מ י ק ו ל ס ק א ס. דער, וואָס האָט מיט זיין שיינער לאַנגער באָרד און איידל געשניצטן פּנים, זיך מיט גאָדניט אונטערשיידט פון אַלע יידישע איינוווינער, אין אַט דער ריין־יידישער שטעטל. איז ווו האָט זיך, דורך אַלע יאָרן, אויס־באַהאַלטן די טיפע שנאה און מערדערישע האַרצלאָזיקייט אין דעם ציוויליזירטן וואַמפּיר?

*

איצט איז אין טעלזש נאָך פאַראַן אַ פרויען־לאַגער, דערציילן די געקומענע. פינף הונדערט פרויען זיינען אָפּגעצאַמט אין באָד־געסל. זייער עלטסטע איז אסתר בלאָך. באַנומען פון ווייטיק און שטאָלץ, צוליבן אומקום פון איר ברודער יצחק, קעמפט זי פאַרן דער־האַלטן די פיר הונדערט פרויען־לעבנס.

אַזוי איז די נאַכט פאַרביי אין אויסהערן די פּיין און מאַרטירער־געשיכטע פון טעלזשער יידן. מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג זיינען די שליחות צוריק אַוועק, איבערגעבן אַ גרוס און אַ דערמוטיקונג אין טעלזש.

*

איצט, האָבנדיק שוין אַ גרוס, אַז אין שאוול לעבן יידן, האָבן ווייניקע פרויען פּרובירט געפינען וועגן צו קומען. זיי האָבן זיך געלאָזן דורך אַלע וועלדער און טויט־סכנות. ווייניקע האָבן געקראָגן הילף אין דער קלעבאַניע, (אַן אָרט פאַר גלחים) און ביי די „הייליקע שוועסטער און ברידער״, וואָס טעלזש איז געווען זייערס אַ גרויסער צענטער.

אין ווינטער 1941 האָבן די פרויען זיך דערוווסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ באַפעל צו ליקווידירן זייער לאַגער. ביי נאַכט האָבן די פרויען אויפגעריסן די ברעטער־פאַרצוימונג און אַנטלאָפן. ווי משו־

גענע הינט האָבן די ליטווישע פּאָליציי זיך געלאָזט איבער אַלע וועגן און שליאַכן, און דערשאָסן די פאַרפאָלגטע דאָרט ווו זיי האָבן זיך געפונען. אַנדערע האָט מען אויך געפירט דערשיסן אין גירולער הויף. אייניקע זיינען דערגאַנגען אין שאַוולער געטאָ. קיינער פון זיי האָט זיך ניט געשמדט! כאָטש אַ סך מאָל איז דאָס געווען אַ באַדינג פאַר בלייבן לעבן. נאָר איינע האָט זיך איבערגעבן צו לעבן מיט אַ קריסט.

אסתר בלאָך מיט איר מוטער און 2 שוועסטער האָבן פּאַרלאָזן אַלס לעצטע דעם לאַגער. ביי אַ קריסטלעכן דאָקטאָר האָט מען זיי אויף צומאָרגנס געכאַפּט און געפירט דערשיסן אין ריינער־וואַלד. געווען איז עס זונטיק און אין שטאָט זיינען פאַרזאַמלט געווען טויזנטער פויערים. אסתר מיט איר משפּחה זיינען אַדורך דעם מאַרקפּלאַץ, אונטער אַנטפּלויטן געווער, זינגענדיק התקוה. אסתרס שיינע, אין טעלזש באַקאַנטע שטימע, האָט פאַרקלונגען דעם גלאָקן־געקלאַנג פון טיפּלע: עוד לא אָבדה תקותינו!

וויַט, ווייט איבער אַלע פעלדער און גריבער אַריבער האָט איר שטים געקלונגען און גערופן צו דערמוטיקונג די, וואָס זיינען נאָך אין די פעלד־לעכער און גראָבנס געלעגן באַהאַלטן. שפּעטער האָבן זיי, די זיך געראַטעוועטע, עס דערציילט אין שאַוולער געטאָ.

צווישן די געראַטעוועטע האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע פרויען פון דער גרויסער טעלזשער רבנישער משפּחה. די ערשטע זיינען זיי געווען צו ריזיקירן און אַנטלויפן, ווען אויך שאַוולער געטאָ האָט מען געהאַלטן ביים ליקווידירן. אייניקע פון זיי האָבן דאַן באַצאָלט מיטן לעבן. צווישן זיי דאָס אייניקל פון טעלזשער ישיבה־משגיח, די פינף־יאָריקע שולמית, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן דורך אוקראַאינער, אין וואַלד נעבן טרישיק. איר מאַמע, חסיה, האָבן די מערדער דערשאָסן אַ יאָר שפּעטער, אין שאַוולער טורמע, ווען זי איז צום צווייטן מאָל אַנטלאָפן פון געטאָ.

* * *

טעלזש! שטאָט פון לומדים און רבנים, פון יידישקייט און השׂכּלה־איזם, אויף אייביק איז פאַרשטומט דיין קול־יעקב, פאַרשאָלטן זאָלן אויף אייביק זיין די ידי עשו.



אויף די קברים אין גירולער וואַלד (בײַ טעלזש).

# נ י י ס

דער געהער ביים געטאָ-איינוווינער איז שאַרף געווען. מען פלעגט דערשפּירן די דינסטע וויבראַציעס, וואָס ס'איז שייך געווען דעם אייגענעם קיום. אָן צייטונגען, אָן ראַדיאָ, אין אַזאַ שווער-קאָמפּליצירטער פאַרבינדונג מיט דער דרויסן-וועלט, האָט דאָך דער געטאָ-תושב גוט געוווסט אַלע פּאָליטישע און פראָנט-נייסן, געקענט אַלע אַרמייען און גענעראַלער, גענוי געוווסט ווי די קאַמפן קומען פאָר און נאָכמער — ווי זיי וועלן פאָרקומען... ווייל יידן האָבן אויך פּאָליטיקירט, געסטראַטעגעוועט, זיך ניט באַגנוגנד מיטן הערן נייס, נאָר אויך געמאַכט מלחמה-פּלענער, גרייט געווען געבן עצות אַפילו צו גענעראַל-שטאַבן...

נייס אין געטאָ פלעגן ברענגען די אַפּטייקער, וואָס האָבן געאַרבעט אין שטאָט. ניט זעלטן זיינען אויך געווען די נייס איבערברענגער מענדל לייבאָוויץ און אהרון כץ, די מיטגלידער פון עלטסטנראַט, וואָס האָבן זיך לייכטער באַוועגט אין שטאָט. נאָך מער פון זיי און אַלע טאָג, פלעגט ברענגען נייס י צ ח ק ש ע ר אין „קאַווקאַזער" געטאָ און ע ל י אַ ס אין „טראַקאָווער" געטאָ-ראַיאָן.

*

יצחק שער האָט זיכער אין נאָרמאַלע צייטן ניט געהאַט גענוג צייט און אינטערעס זיך פונאַנדער צו קלייבן אין אַלע פּרטים פון דער וועלט-פּאָליטיק. נאָר איצט, אין געטאָ, איז ער ממש אַ לעבעדיקער ראַדיאָ, ער איז טאַקע מער פון אַלעמען אינפאָרמירט געווען וועגן אַלע געשעענישן.

ביים פויער, ווו ער האָט געאַרבעט, פלעגט ער זיצן אויפן שניידער טיש אָדער ביים מאַשין און מאַכן דעם אָנשטעל ווי אים אינטערעסירט נישט די נייס וואָס דער ראַדיאָ גיט דאָ איבער. ווי ער וואָלט גאָר געווען שטאַרק פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. נאָר, אַז דער פויער, ניט פאַרשטייענדיק קיין דייטש, פלעגט „אויפדרייען" מאָס-

קווע פלעגט שערם האַריי זיך צעשלאָגן העכער ווי זיין מאַשין.

אין גענטאָ פלעגט שער נאָר אַריינטראָגן אַ קליין שטיקל צעקנייטשט פּאַפּיר. דאָ פלעגט ער האָבן פאַרצייכנט די פראָנט=ערטער, די נעמען פון די אַרמייען און אַרמיי=פירער. אַרום די נעמען האָט ער שוין אַלץ געדענקט.

ביי סעגאַלאָוון אין דער גרויסער בעקער=שטוב פלעגן זיך פאַרזאַמלען אַיעדן אָוונט די „גענטאָ=פּאָליטיקער“. אייניקע צענדליק יידן פלעגן זיצן אַרום גרויסן בעקער=אויוון מיט קלאַפּעדיקע הערצער, אין הייליקער קאָנספּיראַציע וואַרטנדיק אויף יצחק שערן. פּונקט אַבט אַזייגער פלעגט ער שוין, תיכף פון דער אַרבעט, זיך באַווייזן אין טיר און פון זיין פּנים האָט מען גלייך געקענט אַראָפּלייענען היינטיקע נייס. פלעגט שער אַריינגיין אַ שמייכלענדיקער פלעגן אַלעמענס פּנימער ווערן אויפגעהייטערט, ווי אַ קאַלטער וואַסער=שטראָם אין אַ הייסן זומער טאָג. פלעגט שערם שמייכל באַלעבן מיט מהיהדיגע גרימאַסן אַלעמענס פּנימער. נאָר טאָמער פאַרקערט, אויב שערם פּנים איז אומעטיק=ערנסט געווען, זיינען אַלעמענס געזיכטער פאַרצויגן געוואָרן, ווי אין אַ ווינטערדיק געפּלדיקער פראָסט=נאַכט.

די ערשטע צייט, ווען שער איז געוואָרן „דער לעבעדיקער ראַדיאָ“, איידער ער איז נאָך באַקאַנט געוואָרן אין גענטאָ אונטערן נאָמען „טאַש“, (טעלעגראַפן אַגענטור שער...), פלעגט ער נאָר איבערגעבן „טרוקענע“ נייס. די קאָמענטאַרן און חקירות פלעגן מאַכן די פאַרזאַמלטע. וואָס ווייטער איז אָבער שער אַלץ מער געשטיגן אין זיין פּאָליטישער אָריענטאַציע. שעהן=לאַנג פלעגט ער אַליין קאָמענטירן די ידיעות. די גרויסע וועלט=קאַרטע, וואָס איז געלעגן אויפן טיש בשעתן איבערגעבן די נייס, פלעגט ער שוין ניט אַרויסלאָזן פון די הענט, אָנצייכנענדיק מיטן פינגער די פראָנט=ליניע, וועגן וועלכע ער פלעגט דערציילן. צענדליקער מידע קעפּ פלעגן זיך בויגן נאָך שערם פינגער, וועלענדיק זען מיט די „אייגענע אויגן“, ווו דער פיינט קריגט די מפּלות. ווייל שער איז געווען אַן אָפּטימיסט, ברענגען נאָר גוטע ידיעות; אַפילו שלעכטע פלעגן אין זיין מויל ווערן גוטע, ער פלעגט עס שוין אַזוי אויסדרייען, אַז אַ מפּלה פלעגט אויסקומען ווי אַ נצחון גאָר. ער האָט שוין אויך געהאַט „זיינע“ גענעראַלן,

אויף וועלכע ער פּלעגט שטעלן, ווען ער פּלעגט שוין צושרייבן אַ מאָרגנדיקן זיג. אַזוי האָט גענעראַל זשוקאָוו שוין געמוזט יעדן טאָג עפּעס נעמען. און אויב ער האָט עס נאָך היינט ניט גענומען איז ער אָבער געשטאַנען ע ר ב... שער איז, וואָס אַ טאָג ווייטער, געוואָרן מער פּאָליטיקאַנט, ווי גיים-ברענגער. און האָבן זיינע צוהערער זיך דערלויבט צו צווייפלען אין זיינע פּאָליטיש-סטראַטעגישע פּראָגנאָזן, איז שטענדיק געווען זיין ענטפער:

— פאַרלאָזט זיך אויף מיר, מאָרגן וועט זשוקאָוו שוין האָבן גענומען...

* * *

אויפן פאַבריק, ווו ע ל י אַ ס אַרבעט, האָט ער אַ סך מעגלעכקייטן צום הערן גיים. איז ער טאַקע אין די אָוונטן דער גיים אינפאָרמאַטאָר פאַרן „טראַקאוער" געטאָ. אויך עליאַס ברענגט נאָר גוטע גיים. שלעכטע פאַרשווייגט ער. גוטע צעבלאָזט ער, דערוואַרעמט דערמיט זיך אַליין און זיינע צוהערער. פון אַ דאָרף ווערט ביי אים אַ שטאָט, אויב די אַליאירטע האָבן עס איינגענומען. עליאַס לעבט זיך אויס אין די גייסן וואָס ער ברענגט. אַ טאָג אין וועלכן עס זיינען ניטאָ קיין גייסן איז ער שלעכט געשטימט, ווי אַ סוחר וואָס האָט אַ טאָג ניט קיין פּרנסה.

אַז מען האָט עליאַסן עפּנטלעך געשמיסן, פאַרן אַריינטראָגן אַ שטיקל פּוטער אין געטאָ, איז נאָר גענוג געווען דער אָרדנונגס-דינסטלער זאָל, בשעתן ציילן די שמיץ, אים אַריינסודן: „רוים איז געפאַלן!" עליאַסעס פּנים האָט זיך צעלויכטיקט און אַ פריידיקער איז ער אויפגעשטאַנען פון שמיים-בענקל.

— נו, האָט מען אים גלייך געפרעגט — עס האָט ווי געטאָן?

— רוים איז דאָך געפאַלן! — איז געווען זיין פריידיקער ענטפער...

* * *

נאָר יידן האָבן גאָר ניט געדאַרפט הערן די גייסן אַזוי דירעקט זיי האָבן עס שוין דערפילט מיט זייער שאַרפן געהער. ווער האָט דען דערציילט אין געטאָ, אַז צווישן דער נאַצי-פּאַרטיי און דער ווערמאַכט זיינען פאַראַן רייבונגען? און פונדעסטוועגן האָט מען עס געוווּסט. און אַפילו זיך געקושט צוליב דעם, פון שמחה. אמת, מען האָט אי-

בערטריבן, צוגעשפּיצט, אַריינגעטייטשט אין מינדסטן קלאַנג דעם גאַנצן פרייהייטס=דורשט, אָבער געוווּסט האָט מען דאָך עפּעס. און דעם „עפּעס“ האָט מען געכאַפּט פון דער לופט; מען האָט מצרף געווען ווערטער, קלאַנגען. אַ וואָרט, וואָס מען האָט אונטערגעהערט פון אַ מייסטער, פון אַ פּאָסטן, אָדער דערהערט ביים פאַרבייגיין דעם פּענ=מער, פון אַרבעטס=ביוראָ אויפן אַרבעטס=פּלאַץ, דורך וועלכן עס האָט זיך געהערט ראַדיאָ. אַזעלכע אויפגעכאַפּטע נייעס איז שוין גענוג געווען מען זאָל „גענוי וויסן“, אַז דייטשלאַנד האַלט ביים צעפאַלן...

און ניט נאָר וועלט=פּאָליטיק. וועגן אַלע געהיים=געהאַלטענע אַקציעס, סעלעקציעס, איבערזידלונגען, קאַזערנירונגען האָט מען אין געטאָ געוווּסט פריער.

געוווּסט און — ניט געקענט אויסמיידן דעם גורל.

# ג ע ר י כ ט

די צוויי ריכטער, אַדוואָקאַט מיל און מענדל רובינשטיין האָבן געקוקט אין די אַקטן, זיך באַקענט מיט די פּראָצעסן וואָס וועלן היינט באַהאַנדלט ווערן ביים ריכטער טיש. געווען פאַרשיידענע אָנקלאַגעס, אַ טייל פאַרהאַנדלונגען זיינען געווען קליינע, די באַקאַנטע געטאָ=פּראָצעסן: אַ יידענע האָט אָנגעקלאָגט איר שכנה פאַרן פאַרנעמען די ערשטע די פּליטע, ניט אין איר טאָג. אַ צווייטער אַקט איז געווען אַן אָנקלאַגע אויף אייגעם, וואָס האָט זיך אָנגענומען אַריבערצוטראָגן גענגבעטע אַרבעס, כדי ער זאָל קריגן די העלפט, און צום סוף האָט ער, דער אַריבערטראָגער, צוגענומען אינגאַנצן. נאָר דער דריטער אַקט איז געווען אַ פיל ערנסטערער און טראַגישער: פאַרן ריכטער=טיש האָט געדאַרפט קומען אַלס אָנקלאָגערין אַן אַלמנה פון יתומים. איר מאַן, וואָס האָט געאַרבעט אויפן הויף פון שלאַכט=הויז, האָבן די דייטשן דערמאָרדעט ביים געפינען אַ קילאָ פלייש ביי אים. דאָס פלייש האָט ער אָבער געהאַט געקראָגן פון אַ צווייטן יידן. וואָלט דער קרבן אויסגעזאָגט פון וועמען ער האָט עס געקראָגן, ווייל ער אַליין האָט געאַרבעט נאָר אויפן הויף פון שלאַכט=הויז און נאָרניט געקענט צוקומען צו דעם פלייש, וואָלט מען אים באַפרייט. פאָדערט איצט די אַלמנה, אַז דער אָנגעקלאָגטער זאָל זי אויסהאַלטן. איר מאַן האָט דאָך אָפּגעגעבן זיין לעבן פאַר אים.

דער געריכט=זאַל איז פול מיט עדות און נייגעריקע צוהערער.

אַדוואָקאַט געץ, דער געוועזענער הויפּט=ריכטער פון שאַוולער שטאָט=געריכט, דער איצטיקער פאָרזיצער פון געטאָ=געריכט, באַווייזט זיך אין זאַל מיט אַ קליין תנ"כל אונטערן אָרעם. דער עולם שטייט אויף און די ריכטער פאַרנעמען זייערע פלעצער. רעכטס פון די ריכטער דער באַשולדיקער. לינקס — דער פאַרטיידיקער.

אַן אָרדנונגס=דינסטלער פירט אַריין דעם ערשטן אָנגעקלאָגטן.

די געריכט=סעקרעטאַרין פּראָטאָקאָלירט:

— נאָמען?
— חיים.
— פֿאַמיליע?
— וואַרייעס.
— ווען געבוירן?
— איך ווייס ניט.
— ווי אַלט ביסטו?
— דרייצן יאָר.
— ווו געבוירן?
— אין מעלזש
— עלטערן?
— אומגעבראַכט.
— קרובים?
— איך האָב קיינעם ניט.
— ווו אַרבעטסטו?
— אויפֿן אַעראָדראָם.

די ריכטער האַלטן באַגראָבן די אויגן אין די אַקטן. ריכטער גען דרייט נאָך מער איין זיין האָרבאַטן רוקן, דער ברייט צעוואַקסענער גוף קאָרטשעט זיך; ער טוט אויס די ברילן, טראַכט, טוט זיי צוריק אָן, לייענט דעם אַקט. זיין גרויסער קיילעך־קאָפּ שטרעקט זיך לאַנג־זאַם אויס:

— קום אַהער נענטער, חיימל, — ווייסט אין וואָס מען באַ־שולדיקט דיר?

חיימל שווייגט.

דער ריכטער לייענט דעם אַקט און דערקלערט חיימלען: דו האָסט געקראָגן אַ ברויט־קופּאָן, ביי דער קאַסע פֿון קאָאָפּעראַטיוו, אויף 150 גראַם ברויט, ווי מיר אַלע קריגן עס, אָבער דו ביסט געגאַנגען אַ היים און איבערגעמאַכט פֿון 150 אויף 1500.

— איז עס אמת, חיימל?

— יאָ.

— נו דערצייל, חיימל, האָט דיר דאָס ווער געהייסן מאַכן, אָדער אפֿשר האָט עס אַן אַנדערער געמאַכט?

פינף פאָר אויגן האָבן פאַרשגדיק געקוקט אויפן באַשולדיקטן. אין זאַל איז אַ געשפּאַנטע טויט־טרויעריקע שטילקייט, חיימל שווייגט און טיפע זיפצן רייסן זיך אַדורך אין זאַל. נאָר פּלוצים האָט חיימל זיך אַ רוק געטאָן צום ריכטער־טיש, זיינע הענטלעך פאַרבייגט אין פויסטן, זיין אַ ביסל צעקריפּלט פּנים, פון אַ פריאיקער דערוואַקסנקייט, האָט זיך איצט אָנגעגאָסן מיט צונטערדיק צעצונדנקייט, פון זיין מויל פאַלן ווערטער, אָפּגעהאַקטע זאַצן: „ווייל איך בין אַ יתום שיקט איר מיך צום אַראָדראָם, אַזאַ שטיקל ברויט — ווייזט ער זיין פויסטל — איך בין הונגעריק אַלע מאָל, איצט אויך. זיי האָבן געגנב ברויט אין קאָאָפּעראַטיוו. שטענדיק עסן זיי. איך וועל אַנטלויפן צו באַקאַנטע גויים, וועל איך אַנטלויפן. איך בין געלאָפן פון טעלזש אויך. איך" — חיימל פאַרהאַקט זיך און ברעכט אויס אין אַ כליפּנדיקן געוויין. דער זאַל וויינט מיט. שטילע פּראָטעסט־רייד, פאַרביטערטע וואָרטשעגישן:

— ער איז גערעכט, דער יינגל.

— אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי ער איז גערעכט.

דער ליאַרם ווערט גרעסער, דער פּראָטעסט פון עולם פאַרביטערער. אָרדנונגס־דינסטלער ווילן באַרואיקן, פּרובירן אַרויספירן פון זאַל די טומלער, נאָר אַלע טומלען שוין. גרעץ הויבט זיך אויף און דער עולם ווערט שטיל. ער רעדט צום עולם, נעמט איין די פאַרביטערטער.

— הער פּראָקוראָר. — אייער וואָרט.

דער עולם איז ווידער געשפּאַנט, וואָס וועט זאָגן דער פּראָקוראָר, וועט ער פאָדערן אַ שטראָף?

— די רייד פון אָנגעקלאָגטן איז אַ שאַרפע באַשולדיקונג קעגן אונדז אַלעמען, קעגן דער גאַנצער געטאָ־געזעלשאַפט. ער, דער אָנגעקלאָגטער, האָט איצט גוזעצט אויפן באַשולדיקונגס־באַנק אונדז. „מיר וועלן אויסהאָדעווען פאַרברעכער אויב דווקא אין אונדזער גויט און עלנט וועט ניט זיין קיין גערעכטיקייט און יושר אין אונדזער געזעלשאַפט". „וואָלטן מיר געזאָרגט חיים וואַרייעסן איינצואָרדענען ביי אַ געטאָ־משפּחה, ווו ער זאָל קריגן זיין טעלער זופּ און ער זאָל ניט דאַרפן שטיין, נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג, ביי דער געטאָ־קיך.

און עס זאָל זיך אים ניט דוכטן, אַז דווקא אים גיט מען די שיטערע און פֿאַר זיך לאָזט מען דאָרטן די געדיכטע, וואָלט חײמל אפֿשר ניט דערגאַנגען צו זײַן פֿאַרברעכן.״ „איך בעט אַ סימבאָלישע שטראָף פֿאַר דער גאַנצער געטאָ־געזעלשאַפֿט און חײמלען באַפֿרײַען פֿון אַעראָדראָם, אים שיקן אין שול לערנען.״

— הער פֿאַרטײדיקער, — אײַער וואָרט.

— איך שליס מיך אָן צו די ווערטער פֿון פּראָקוראָר.



דאָס גערי‌כט אין געטאָ! איך ווייס ניט אויב אַ סך געטאָס האָבן געהאַט אַזאַ אינסטיטוציע, און וואָס זאָל שטיין אויף אַזאַ הייך.

אַיעדן זונטיק פֿלעגן פֿאָרקומען פֿאַרהאַנדלונגען. די פּראָצעסן האָבן געטראָגן אַ ריין געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער. דאָ איז געווען דאָס אָרט, וווּ מען פֿלעגט ריידן צום פֿאָלק. הונדערטער מענטשן פֿלעגן איבערפֿולן דעם גערי‌כט־זאַל. ניט אַלעמען פֿלעגט דער זאַל קענען אַרײַננעמען.

דער עלטסטנראַט פֿלעגט שטענדיק בײַזײַן און ניט זעלטן איז אויך געקומען קריטיק אויף אים. דאָס גערי‌כט איז געווען פֿרײַ אין זײַנע האַנדלונגען. אויך דעם עלטסטנראַט האָט מען געקענט פֿאַרקלאָגן און אויך ער פֿלעגט אָנקלאָגן געטאָ־בירגער. דער פּסק פֿון גערי‌כט איז שטענדיק דערפֿילט געוואָרן. נאָר אָפֿט פֿלעגן בירגער אָנקלאָגן פּאָליציסטן (אָרדנונגס־דינסטלער), פֿאַרן זיך באַנעמען גראָב. מײסטן פֿלעגן די אורטיילן זײַן ניט האַרב. ניט די שטראָף איז געווען דער ציל פֿון גערי‌כט. מען פֿלעגט זיך באַמיען צו שטיצן אויפֿן ייִדישן קאָדעקס. אין די גרעסטע צאָל פֿאַרהאַנדלונגען זײַנען די שולד אָדער אומשולד באַווײַזן געווען קלאָרע, און די ריכטער פֿלעגן זיך ווייניק פֿאַרנעמען מיט אויספֿרעגן, לאָזנדיק ריידן דעם פּראָקוראָר און פֿאַרטײדיקער. און די פֿלעגן האַלטן גוט צוגעגרייטע לעקציעס, וועגן ייִדישער מאָראַל, וועגן ייִדישער עטיק; רופֿן די באַפֿעלקערונג אויסצוהאַלטן און ניט פֿאַרהיהט ווערן און ניט פֿאַרצווייפֿלען, ברענגענדיק בײַשפּילן פֿון ייִדישער געשיכטע, כדי ממש

צו לערנען דאָס פאָלק און דערהאַלטן אַן עכט=מענטשלעכער=יידישן גייסט אין אָט די גרויזאַמע יאָרן.

דאָס געריכט איז געווען אָנערקענט פון די ליטווינער און דייטשן. צו איין פאַרהאַנדלונג זיינען געקומען ליטווישע זשורנאַליסטן. געקומען אָנקוקן דעם „בייזן ווונדער“, ווו יידן משפטן זיך אַליין, ווי זיי פרעסן זיך אויף אין ענגן געטאָ. דער באַשולדיקער האָט דווקא געהאַלטן אין מיטן זיין רעדע, איז ער אַריבער פון יידיש אויף ליטוויש און האָט שוין געערדט אומדירעקט צו זיי. עס איז דווקא געווען אַ פראָצעס וועגן אַ געשלעג, האָט דער באַשולדיקער איצט גערעדט, ווי אַזוי דער יידישער געזעץ קוקט אויף מענטשן, וואָס הייבן אַ האַנט אויף אַ חבר, אויף בלוט=פאַרגיסער, אויף אַזעלכע וואָס זיינען גרייט צו מאָרד. די ליטווינער זיינען געזעסן מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ, פאַרשטאַנען וועמען מען מיינט דאָ. גלייך נאָך דעם זיינען זיי אַרויס. קיין איין וואָרט איז ניט געווען אין דער פרעסע פון דעם באַזוך.

די מיטגלידער פון געריכט זיינען געווען: פאָרזיצער דוד געץ (אומגעקומען אין לאַגער 10, אוטינג, ביי דאַכאו); ריכטער: — אַדוואָקאַט מיל (אומגעקומען פון קלעפּ אין לאַגער 2, קויפערינג, דאַכאו); אהרון פראַנק (אומגעקומען אין שטוטהאָף) און, יבדל לחיים מענדל רובינשטיין. דער באַשולדיקער איז געווען: אַהרון זאַגאַרניק (אומגעקומען פון הונגער אין לאַגער 10, מילדאָרף, איין טאָג פאַר דער באַפרייאונג); דער פאַרטיידיקער איז געווען דער שרייבער פון די שורות. אויף אייניקע פראָצעסן איז אויך אויפגעטראָטן אַליהו גוטמאַן (אומגעקומען פון שווערער אַרבעט און הונגער אין לאַגער 2, קויפערינג); ביזיצן פלעגט אויך דער שעף פון אָרדנונגס=דינסט דוד פיין (אומגעקומען פון הונגער אין לאַגער 2, קויפערינג). די סעקרעטאַרין איז געווען היה יודעלעוויץ (אומגעקומען ביי שטוטהאָף).

# שפּיל, פידל, שפּיל...

די רוסישע חיילות האָבן פאַרשטעלט די וועגן, פול געמאַכט די וועלדער, זיך געטראָגן אין ווילדן געלויף צוריק, צו די אַלט־אייגענע גרענעצן.

צווישן דעם פערטל מיליאָן אַנטלויפנדיקע רויט־אַרמייער זיינען מיטגעלאָפן הונדערטער יידן, וואָס האָבן אין בהלה פאַרלאָזן די ערטער, ווו זיי זיינען געבוירן און געוואַקסן; געלאָזן זיך ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן.

אויפן דריטן וואָגל־טאָג איז די מאַסע פּליטים שוין געווען הונגעריק, צעבראָכן, קראַפּטלאָז. קינדער האָבן אָפּגעריסן די אָרעמס פון די טאַטע־מאַמעס, געבעטן עסן, רו, — און ביידע זאַכן ניט געקראָגן.

צווישן די אַנטלויפנדיקע האָט זיך אויך געפונען בערל הײמאָ־וויטש. „בערל הײמאָוויטש". אַזוי איז ער געווען פאַרשריבן אין זיין פּאַס; אָסור אָבער, אויב איין ייד אין זיין שטאָט וועט זיך אָנ־שטויסן, ווער דאָס איז, ווען מ'וועט אָנרופן אָט דעם נאָמען. גערופן האָט מען אים בעבקע אָדער בעבאַ. בעבאַ דער פידלער, בעבאַ דער מוזיקאַנט, בעבאַ דער אַרטיסט, אָדער גאָר בעבקע דער משוגענער. מאַלע וויפל נעמען, נאָר ניט בערל הײמאָוויטש.

בעבאַ איז טאַקע עפּעס פון דעם אַלעמען געווען; געווען פון אַלץ צו ביסלעך. יעדער נאָמען האָט צו אים אַ שייכות געהאַט. ער איז געווען אַ שמיקל מוזיקער, אַ האַלבער אַרטיסט. נאָר ער אַליין האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאָר־גרויסן טאַלאַנט אין מוזיק און אויף דער בינע. ליב געהאַט האָט ער זיין פידל, מוזיק, טעאַטער — ליב געהאַט ביז משוגעת.

„האָסט געהערט מיין שפּילן", אַזוי פלעגט ער קענען אַ פרעג טאָן אַ ליאַהן טרעגער אין גאַס, „וואָס זאָגסטו, האַ? אָט דאָס הייסט געשפּילט!..." אָדער: „געדענקסט, מיט אַכט יאָר צוריק, אַז כ'האָב

געשטעלט „חסיה די יתומה“, דערמאָנסט זיך דעם דערפֿאָלג, וואָס ס'איז געווען? אַזוינס האָט דאָך די שטאָט נאָך ניט געזען...“

קיינער האָט זיין שפּילן ניט געדענקט, זיך גיט „דערמאָנט“ זיין דערפֿאָלג. בעבא אַליין האָט אָבער קיינמאָל גיט געקאַרגט עם צו דערמאָנען. בעבא האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ פֿאַרלוירענעם טאַלאַנט, אָדער פֿאַר אַ נאָך־ניט־אַנטדעקטן.

אַלעמאָל איז בעבא געווען הינטער די קוליסן פֿון אַיעדער יידישער טעאַטער־פֿאָרשטעלונג; זיך געדרייט אַרום אַרטיסטן, קינסטלער, שרייבער, מוזיקער, געלעבט מיט אַ חלום און — געהונגערט אויף דער וואָר. אַ לעבן־לאַנג האָט בעבא געהונגערט, געגאַנגען אָפּגעריסן, איין קאַלאָש לענגער ווי די צווייטע, און ביידע אָפּגעשלאָגן. די אויגן זיינען אים שוואַך געוואָרן פֿון נאַכטיקער אַרבעט איבער מוזיק; דער רוקן טיף געהויקערט; צו זיינע פֿערציק יאָר האָבן זיך זיינע הענט אים געבאָמבלט, ווי טרוקענע שטעקלעך פֿון אַ סטראַשידלע אין ווינט. בעבא האָט געלעבט מיט אַלעמענס דאגות. מיטגעקלאָגט יענעמס טרויער, זיך אויך מיטגעפֿרייט אויף שמחות, ווו ער פֿלעגט קומען אומגעבעטן. ער האָט זיך געעלטערט, און אין אַלעמענס מיילער געבליבן ביים יינגלישן נאָמען: בעבקע אָדער בעבא.

קיין פֿרוי האָט בעבא ניט געהאַט, נאָר אַרומגעטראָגן האָט ער זיך מיט אַ בילד פֿון אַ פֿרוי, וואָס האָט אַמאָל געזאָלט זיין זיינע און איז ערגעץ־ווו טראַגיש אומגעקומען. שעהן־לאַנג האָט בעבא געקאָנט דערציילן, אָנווייזנדיק אויפֿן בילד פֿון דער שיינער פֿרוי. וועמען האָט די פֿרוי געהערט? ווו האָט בעבא גענומען דאָס בילד? איז דאָס אויך געווען איינער פֿון זיינע חלומות, אַ ראָמאַנטיק אַזאַ? בעבא האָט אָבער געליבט נאָר די דאָזיקע פֿרוי, וואָס האָט שוין ניט געלעבט, פּונקט ווי ער האָט געליבט דעם קינסטלער אין זיך, וואָס דאַרף זיך נאָך אַנטפּלעקן...

איצט איז בעבא געגאַנגען צוזאַמען מיט די אַנטלויפֿנדיקע פֿונעם דייטש. געגאַנגען מיטן פֿידל איינגעקראַמפּט אונטערן אָרעם. זיין איינציק פּעקל. ליגט מען זיך אין וואַלד אַ ווײַלע אָפּרוען און בעבא כאַפּט אַ דרעמל פֿון מידקייט, שפּאַרט ער אָפּ דעם קאָפּ

אויפֿן פֿידל און האַלט דעם אינסטרומענט מיט ביידע הענט אַרומ־געגנומען. פּלוצלונג וואַכט ער אויף, באַטאַפּט דאָס פֿידל, און — שלאָפֿט ווידער איין.

ווי אַ סך צו אים איז אויך בעבא ניט דערלאָפֿן אַהין, ווו ס'איז רעטונג געווען. בעבא האָט זיך קוים דערשלעפּט צוריק אין שטאָט און איז אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ — בעבא צוזאַמען מיט זיין פֿידל. די איינציקע פֿידל אין געטאָ, און בעבא דער איינציקער פֿידלער.

*

אין אומעטיק־פֿינצטערע געטאָ־אָוונטן פֿלעגן יונגטלעכע זיך פֿאַרזאַמלען און איינלאַדן בעבאַן, ער זאָל שפּילן. פֿלעגט בעבא זיך ניט לאָזן בעטן. שפּילן פֿלעגט ער, „איינגענע“, זיינע קאָמפּאָזיציעס צו די געטאָ־לידער. וואָס זיינען געשאַפֿן געוואָרן פֿון אויפֿגעקומענע געטאָ־דיכטער.

און אין געטאָ האָט די לופֿט געאָטעמט מיט ליד. שפּראַך איז צו אָרעם געווען צו זאָגן אַלץ אין פּראָזע; האָבן אָנגעפֿאַנגען אויפֿקומען דיכטער, מ'האָט געשאַפֿן פֿאָלקס־לידער, גע־גראַמטע שורות. באַזינגעכצן, קינות אויף יידיש; ס'האָט זיך געוואָלט אַרויסשרייען דעם ווייטיק, אויסכליפּענען דעם צער, האָט מען עס געטאָן אין געפֿרעסטע שורות, אין לידער, צו וועלכע מען האָט גלייך פֿאַרפֿאַסט מעלאָדיעס, אומעטיקע, טרויעריקע ניגונים און זיי לייכט אַריבערגעטראָגן פֿון מויל־צו־מויל.

אין שאַווּלער געטאָ האָט געשריבן האַרציק־טרעפֿלעכע לידער הנה הייטין. זי פֿלעגט זיי שרייבן ביי איר אַרבעט אין בערשטלעך־פֿאַבריק, אַליין גלייך צופּאַסן מעלאָדיעס און תיכף איינזינגען מיט די אַרומיקע מיטאַרבעטער. אירע לידער זיינען געווען טעמעס פֿון טאָג, וועגן בלוטיקע פּאַסירונגען אין געטאָ. מער האָפֿערדיקע לידער מיט גלויבן אין אַ גוטער צוקונפֿט האָט געשריבן דער יונגער פּליט פֿון פּוילן צבי גאַרמיזע. דער פֿישער איידלמאַן האָט געשריבן וועגן קאָמיש־טראַגישע פּאַסירונגען, גרויסע ליד־פּעליעטאָנען. טיפֿע העברע־אישע פּאָעזיע האָט געשריבן דער דיכטער און פּעדאַגאָג ר' אַהרן פּראַנק.

בעבא פלעגט הערן די לידער, אַ ברום טאָן: בים־באָם, באָ, לאָ־לאָ־לאָ. אַזוי פלעגט ער כאַפּן דעם טאָן, אַליין צופּאַסן מעלאָדיעס און זיי אויסשפּילן. ער פלעגט ציען דעם בויגן, דאָס פידעלע פלעגט זיך טרייסלען אויף זיין מאָגערן אַקסל, אונטער דער אויסגעהוילטער מאָרדע. און טענער פלעגן אַנפליען וויינענדיקע, האַרץ־נעמענדיקע. פלעגן מאַמעס זיצן און לאָזן אַ טרער, זיך פאַרגיין מיט אַ שטילן כליפּ. אויפציטערן פלעגן די געטאָ־היימען; די פלעמעלעך פון די חלב־ליכט אָדער רויך־לעמפּעלעך, מיט וועלכע ס'האָט זיך באַלויכטן אַ טייל געטאָ־הייזער, פלעגן וואַרפן זייערע אומהיימלעכע שאָטנס אויף די וויס־געקאַלכטע ווענט, אויסשפּילנדיק די באַוועגונגען פון בעבאס צעבראָכענעם גוף.

און ניט נאָר פאַר געזונטע האָט איצט בעבא געשפּילט. זיין פידל איז אויך געוואָרן די פאַרבייטערין פון מעדיקאַמענטן.

דאָס געטאָ־קראַנקנהויז איז פול געווען מיט חולאים און קיין רפוּאות מיט וואָס צו היילן איז ניט געווען. איז דער שעף־אַרצט געקומען אויף אַן איינפאַל: היילן די קראַנקע מיט מוזיק...

פון בעבאס שפּילן זיינען די קראַנקע טאַקע ניט געזונט געוואָרן. שעהן־לאַנג האָט אָבער בעבאַ זיי געמאַכט פאַרגעסן זייערע ווייטיקן, זייערע נערוון האָבן זיך געגלעט אונטער די צאַרטע מעלאָדיעס. בעבא האָט געוויזן „מופתים“: ער האָט געשטילט קראַנקע, זיין פידעלע האָט באַרואיקט קרעכצנדיקע, פאַרביטן מעדיצין.

*

חנוכה 1942. דער קריזן פאַר גוף־און־גייסט־שוץ „מסדה“ האָט באַשלאָסן איינצואָרדנען אַן אָוונט.

פון פריען באַגינען האָט הירשל ראָז*) אויפגערוימט אַ גרויסע געטאָ־שטאַל, אַריינגעשלעפּט אַהין אויף זיינע געזונטע פּלייצעס לאַנגע ברעטער און זיי אויסגעלייגט פאַר בענק. אויבן־אָן אַוועקגעשטעלט אַ טישל מיט אַ פּאָר שטולן, אַריינגעצויגן עלעקטריש ליכט און דער „זאַל“ איז גרייט געווען.

---

*) געוועזענער וועגן אים — אין מסדה־בוך.

די גאַנצע געטאָ־יוגנט האָט זיך פאַרזאַמלט*). נאָכדעם ווי דוב שיינזאָן האָט געבענטשט חנוכה־ליכט, האָט גערעדט ישראל וויץ, דער לערער גרינבערג און אברהם שווייגער. איצט האָט בעבא גע־דאַרפט שפּילן. אויסגעפּוצט אין דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געהאַט אָנצוטאָן און מיט אַ בלאַס געזיכט האָט ער פייערלעך אַ נעם געטאָן דאָס פידעלע מיט ציטערדיקע הענט. זיינע רויט־אָנטצינדעטע אויגן האָבן אַ בליץ־געטאָן איבערן „זאַל“ דער זאַל איז פול געווען; קאָפּ אויף קאָפּ זיינען געשטאַנען יוגנטלעכע און עלטערע. בעבא האָט דערפילט אַ גרויסע שעה אין זיין לעבן. ער האָט באַלד פאַרגעסן, ווו ער שפּילט און ביי וועלכע באַדינגונגען. ער האָט פאַרגעסן, וואָס מ׳האָט אים אָנגעזאָגט: ער זאָל שפּילן, אַזוי ווי די רעדנער האָבן גערעדט — שטיל. קיינער פון אַרום דראָט זאָל הס־ושלום ניט הערן. בעבא האָט אַ צי געטאָן דעם סמימשיק איין מאָל, אַ צווייטן מאָל און זיך צעזונגען:

„אַך, בלוט פליסט פון די גריבער,
אַ שיידער גייט יעדן מענטשן אַריבער.
אָ, מאַמע, זאָג געשווינד
ווו ביסטו איצט אַצינד? —
אין שול
אַריינגעפירט דאָרט מענטשן פול,
ווען איך דערמאָן זיך, ווער איך דול —
אַזויפיל אומשולדיקע קרבנות! — —“

אַז בעבא האָט געענדיקט זינגען און שפּילן דאָס דאָזיקע ליד פון צבי גאַרמיזע, האָט ער געשפּילט דאָס ליד פון חנה הייטין וועגן פאַרוואָגלטן קינד:

אין אַ ליטוויש דערפל ווייט,
אין אַ שטיבל אן אַ זייט.
דורך אַ פענצטער ניט קיין גרויס
קוקן קינדערלעך אַרויס.

---

*) אין געטאָ קאַוועאַז — דעם ערשטן טאָג חנוכה, און אין „קעלער“ פון געטאָ טראַקאַ — אויף מאָרגן.

ייִנגעלעך מיט פלאַקסן=קעפּ,
מיידעלעך מיט בלאָנדע צעפּ,
און צוזאַמען דאָרט מיט זיי
קוקן שוואַרצע אויגן צוויי.

שוואַרצע אויגן פול מיט חן,
און אַ נעזעלע אַ קליין,
ליפּעלעך — צום קושן נאר,
און מיט שוואַרץ=געלאָקטע האָר.
ס'האָט די מאַמע אים דאָ געבראַכט
אין אַ שטומע שוואַרצע נאַכט,
שטאַרק געקושט אים און געקלאגט,
און שטילערהייט צו אים געזאָגט:
— דאָ מיין קינד, וועט זיין דיין אָרט,
הער זשע צו דיין מאַמעס וואָרט:
איך באַהאַלט דיר דאָ דערפאַר,
ווייל דיין לעבן דראָט געפאַר.
מיט די קינדער שפּיל זיך פיין,
שטיל, געהאָרכזאַם זאָלסטו זיין, —
קיין יידיש וואָרט, קיין יידיש ליד,
ווייל דו ביסט, מיין קינד, נישט מער קיין ייד.

נאר סבעט זיך שטאַרק דאָס קינד ביי איר:
מאַמע, כוויל נאָר זיין מיט דיר,
לאָז נישט איבער מיך אַליין —
און עס פאַרגייט זיך אין געוויין.
די מאַמע קושט אים אַן אַ סך,
נאָר סהעלפט איר נישט קיין זאַך.
דאָס קינד נאָר טענהט: גיין און גיין,
כוויל נישט בלייבן דאָ אַליין.

אין די אָרעמס נעמט זי אים,
און מיט ווייכקייט אין איר שטים

זינגט זי: יינגעלע דו מיין,
און זי וויגט אים אַזוי איין.
נאכדעם וויינט זי פריי זיך אויס
און זי טרעט פון שטוב אַרויס.
אנגעפילט מיט זאָרג און שרעק
גייט זי אין נאַכט אַוועק.

אַ פרעמדע שטוב מיט מענטשן פול.
סיינגעלע איז שטום און שטיל.
רעדט נישט, בעט נישט, וויל קיין זאַך,
זעלטן ווען ער טוט אַ לאַך.
נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט.
נישט ער שלאָפט און נישט ער וואַכט
וואסילקא — אַ נאָמען פרעמד
אויף זיין הערצל דריקט און קלעמט.

מאַמע וואגעלט ווו אַרום,
ווי איר יאָסעלע אויך שטום:
קיינער ווייסט נישט, קיינעם ארט,
און זי וואַרט און וואַרט און וואַרט.
צו יוכבד איז זי גלייך,
ווייל ווי משהס מאַמע אויפן טייך
עלנט איינזאַם ווי אויפן ווינט
פאַרלאָזט איז איר איינציק קינד.

אַז בעבא האָט געענדיקט די געטאָ־לידער און דערזען פאַר זיך דעם פאַרגאַפטן עולם, האָט ער געשפּילט קלאַסישע מוזיק; גאָלדפאַדענס „בר כוכבא“. דער עולם האָט זיך פאַרגעסן, ווו מען געפינט זיך, מ׳האָט הויך און וואַרעם אַפּלאָדירט, געבעטן אים ווידער שפּילן, און בעבא האָט געשפּילט. דאָס פידל האָט זי געכוואַליעט אונטער זיינע ביינערדיקע פינגער; אַלע זיינע גלידער האָבן שירה געזונגען, ביז אין גרויען טאָג אַריין.

# א לעבעדיקער גרום

ווילנע, דו באבעשי שטאלצע,
מוטער און שטאָט אין ישראל!
אַ צווייטע ירושלים אין גלות,
אַן אינדזל פון מזרח אין צפון־לאַנד...

ז. שניאור.

*

די יידישע אַפּטייקער האָבן, ווי „אומענטבעהרליכע יודן“, געאַרבעט אין שטאָט, אין אַפּטייק־מאַגאַזין. האָבן זיי, פּונקט ווי אַלע יידן, געפירט דעם קליינעם, אָבער ניט אומווירקזאַמסטן קריג קעגן פאַרניכטער — סאַבאָטירט, געבראָכן, פאַרביטן מעדיקאַמענטן און, פאַרשטייט זיך, אויך גענומען פאַרן געטאָ וויפל זיי האָבן געקענט.

נאָך שוין אַ פּאָר טעג ווי די אַפּטייקער ברענגען אין געטאָ פולע קעשענעס פּאַפּיר. בלעטער, פון גמראס און תחינות; בלעטער, פון יידישע און העברעאישע פּאָעזיע און פּראָזע־ווערק; כתב־ידן, יריעות, פּאַרמעט, וואָס אין דעם זיינען געוויקלט געוואָרן די פּעקלעך רפואות, וואָס זיינען אָנגעקומען פון ווילנער מעדיקאַמענטן־באַזע.

אין געטאָ גלעט מען אויס די צעקנייטשטע בלעטער. מען לייענט —

למנצח — — — — — — — —

האמנם אלם צדק תדברון, מישרים תשפטו בני אדם — — —

עס וועט זיך פרייען דער צדיק ווייל ער וועט זען נקמה, זיינע פוס־טריט וועלן זיך וואַשן אין בלוט פון רשע (תהלים נח).

ווען, אַך גאָט, ווען שוין — פרעגט איינער און עס פרעגן אַלע.

און אָט איז אַ בלאַט מיט אַ ליד. דער נאָמען פון מחבר איז דאָ איבערן ליד — חיים גראַדע. און וווּ איז דער מחבר אַליין? וווּ איז יונג־ווילנע, וווּ איז גראַדע, סוצקעווער, קאַטשערגינסקי, וואָגלער, לעווין, וואָלף; וווּ זיינען זיי אַלע, די יונג־אַלטע ווילנער?

12*

און אָט איז איין איינציק בלעטל, מיט שמאָלע שורות באַדרוקט — אַ פּאָעמע.

ווועמענס פּאָעמע?
אויפן בלעטל איז קיין נאָמען ניטאָ.
לייענט מען: —

גענוג מיך צו שרעקן.
מיך שרעקט ניט אַפילו דער טויט.
איך וועל געבן אַ זעץ איבער ביידע עקן
און פונאַנדערררייסן די קייט.

ווועמען געהערט דער פערז?

— לייוויקן — גיט איינער אַ זאָג. — ה. לייוויקס איז עס, פון דער פּאָעמע „די קייטן פון משיח".

— אַך, משיח, פאַרוואָס קומט ניט משיח?

און דערווייל רעדט מען וועגן די יידישע שרייבער אין ניו־יאָרק.

— וואָס טוען זיי דאָרט אַצינד? שרייבן זיי נאָך אַלץ? פאַר וועמען? וועגן וואָס שרייבן זיי, אַז זייער וואָרט איז אַזוי מאַכטלאָז? אפשר ווייסן זיי גאָרניט וואָס עס געשעט מיט אונדז? — ברעכט מען זיך דעם מוח, ווי צו געבן אַ ידיעה אין דער וועלט, וועגן דעם וואָס געשעט דאָ מיט אונדז?

— ווען די וועלט וואָלט ווייסן וואָס מען מאַכט דאָ מיט אונדז, ווי מען דערמאָרדעט אונדז, אַך ווען די וועלט וואָלט עס ווייסן...

און אָט איז אַ בלאַט, איין איינציקער גמרא־בלאַט. פרעסן זיך אויגן אין אותיות אַריין: „זאב אחד אינו אונס שני זאבים אונס".
איי, איי, — ברומט דער לערנער זיך אונטער, ווי ער וואָלט דערפילט אַ טיפערן רמז אין די ווערטער, אויף דעם בלעטל פון ירושלים דליטע, אַ ווונק אַ ספּעציעלן פאַר דער איצטיקער צייט. רוקן זיך אויך אַנדערע יידן צו צום פאַרגאַפּטן לערנער. ווילן ווייסן דעם סוד, וואָס זיין געזיכט דערציילט, אַז ער האָט דאָ אין די ווערטער געפונען.

נאָר דער לערנער שווייגט אַ פאַרטראַכטער.

דאָס בלאַט האָט אים אַ גרוס געבראַכט פון ווילנע, אַ גרוס — אַ סוד.

דערווייל דערזען יידן אויפן בלאַט אַ שטעמפּל. אַ שטעמפּל פון סטראַשון־ביבליאָטעק. דערציילט איינער וועגן דאָזיקן טעמפּל פאַרן יידישן גייסט, פאַרן געדרוקטן וואָרט. וועגן די לאַנגע ווי גאַסן רעגאַלן, אָנגעשטעלטע, פון דער ערד ביזן פּאַטעלאָק, מיט ספרים. דערמאָנט מען זיך אָן חייקל לונסקי, אָן דעם טייערן יידן, שרייבער, זעלטענעם ביבליאָטעקאַר. וווּ איז חייקל לונסקי? לעבט ער אָן זיין ביבליאָטעק?

און, אַז מען האַלט ביי דער סטראַשון־ביבליאָטעק כאַפּט מען זיך שוין אַריין — מיט דערציילן — אַ ביסל נידעריקער, אין דער גרויסער ווילנער שול. שפּאַצירט מען אַרום — מיט זכרונות — איבערן ווילנער שול־הויף, אין גאונס קלויז. אַ שפּרונג אין יידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, און באַלד צוריק, אין טויבע גיטקעס זאַווולק. מען שפּאַצירט במחשבה דורך ווילנע, דורך ירושלים דליטע —.

נאָר די בלעטער ליגן אויפן טיש. און ווי זיי וואָלטן געשריען: גישטאָ, גישטאָ, גישטאָ!

מיר נאָר איינציקע בלעטער פליען אַרום, פון סטראַשון־ביבליאָטעק, פון ראָמס דרוקעריי, פון ייוו"א, — מיר פליען אַרום איבער יידישע תפוצות. אותיות נאָר פורחות באויר, און מיר גיבן איבער גרוסן, פון דער דערמאָרדעטער יידיש־ווילנע.

# ווילנער יידן איז אָן עשאלאָן

א.

עס איז געווען אין די לעצטע סעפּטעמבער־טעג (26טן אָדער 27טן) 1943, 10 אַזייגער פרי. אויף דער דריטער ליניע פון שאַוולער הויפּט־וואָקזאַל איז אָנגעלאָפן אַ צוג. טויזנטער שרעק־איבערפולטע אויגן האָבן זיך אַ וואָרף־געטאָן צו די פאַרגראַטעטע פענצטערלעך אין די פראַכט־וואַגאָנען.

די שאַוולער יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים ווייטער ציען די ליניע אויף וועלכער דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן שוין דער־

קענט וואָס פאַר אַן עשאַלאָן דאָס איז. שוין גיט צום ערשטן מאָל שטעלן זיך דאָ אָפּ אַזעלכע טראַנספּאָרטן. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז דאָ, אויפן זעלבן אָרט, געשטאַנען אַן עשאַלאָן מיט יידן פון בערלין און עסטרייך.

— זאָלן עס ווידער זיין דייטשע יידן — האָט זיך אייגער געפרעגט ביים צווייטן — אַ מורא צוצוגיין צו זיי. יענעם מאָל זיינען זיי גרייט געווען צו מסרן זייערע באַגלייטער, ווען מען האָט זיי געפּרוווט איבערצייגן זיי זאָלן אַנטלויפן, ווייל מען פירט זיי זיכער צו פאַרניכטונג. זיי האָבן עס ניט געגלויבט. נאָך אין כעס געווען, וואָס די אָסט־יודן שרעקן זיי...

— יענע זיינען דאָך געווען אַזעלכע פאַרפּוצטע און געפירט האָט מען זיי אין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, כמעט פריי, אָן באַוואַכער...

— איר זעט דאָך — האָט איינער קלאָר געמאַכט די אַנדערש־קייט פון דעם טראַנספּאָרט — דער צוג גייט דאָך פון קאָוונע, ניט ווי פאָריקעם מאָל.

נאָר באַלד האָבן קליינע שטיקלעך פּאַפּיר אָנגעפאַנגען פליען פון די פאַרגראַטעוועטע פענצטערלעך. הענט האָבן געווונקען, פנימער האָבן גרימאַסירט, געוויזן אויף די צעטלעך, געבעטן מען זאָל זיי אויפהייבן.

פון די בריוולעך האָט מען זיך תיכף דערוווסט: דאָס זיינען יידן פון ווילנער געטאָ. דאָס געטאָ איז דאָרט אויפגעלייזט, צו פּאָגראָ־מירט. אין די צעטלעך האָבן זיי געבעטן ברויט, וואַסער. אַנדערע האָבן געזוכט פריינט, באַקאַנטע. אויף איין צעטלע איז געווען נאָר צוויי ווערטער: „קייטל פאַרניכטונג“. שווער געווען צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן שיפער.

איינער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מגן דוד־צייכנס און געלאָפן צום געטאָ, אָנזאָגן וועגן דעם עשאַלאָן. אפשר וועט דער עלטסטנראַט עפּעס קענען העלפן.

מיט די צעטלעך פאַרקוועטשט אין האַנט איז דער שליח פאַרביי דעם געטאָ־דראָט, אַ ווונק געטאָן אַן אָרדנונגס־דינסטלער און אים איבערגעגעבן די צעטלעך מיט דער בשורה: ווילנער יידן שטייען הונגעריקע אויפן וואָקזאַל.

די ידיעה האָט ווי אַ הוראַגאַן זיך אַ טראָג געטאָן דורך די געטאָ־היימען. אַ פּאָר פרויען זיינען אַרויס מיט זעק, עפּעס צוזאַמענ־זאַמלען פאַר די ווילנער יידן.

די אַליין הונגעריקע געטאָ־איינוווינער האָבן געגעבן קאַרטאָפל, ברויט, אַ פענעצל פּוטער, אַ ביסל טאַבאַק, אַ העמד און ווער וואָס ס'האָט געקענט. די יידישע פאָרשטייער זיינען דערמיט אַוועק צום באַן.

דאָס עסן האָט מען פון זיי צוגענומען, אָבער ריידן מיט די יידן האָבן די דייטשן ניט דערלויבט.

*

אין אָוונט, ווען די אַרבעטער האָבן זיך אומגעקערט פון דער באַן־ליניע, האָבן זיי צווישן זייערע רייען געשמוכלט אַ מיידל פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. דאָס קליידל אויף איר איז נאַס געווען, אירע אויגן האָבן געגליט, זי האָט זיך געטרייסלט פון קעלט און אַליץ שטייפער געוויקלט איר גוף אין בּרייטן מאַנטל, וואָס אַ פרוי פון דער ריי האָט אַרויפגעוואָרפן אויף אירע פּלייצעס.

ב.

שפּעטער איז דאָס מיידל געזעסן אין צימערל פון עלטסטנראַט און דערציילט, ווען די לעצטע טעג אין ירושלים דליטא, אין ווילנע.

זי הייסט פאַריזייטע און אָט ווי זי האָט זיך געראַטעוועט פון גייענדיקן צוג: מיט די לעצטע כוחות האָט זי אַ בראָך געטאָן אַן אייזערנעם סטאַקעט פון וואַגאָן־פענצטערל, וואָס זי האָט דעם גאַנצן וועג, פון ווילנע ביז אַהער, געזעגט מיט אַ מעסער. דורך דער שמאָלער עפענונג האָט זי אַדורכגעשטופּט דעם קאָפּ, אַרויסגעצויגן די הענט און זיך אָנגעקלאַמערט אָן דאַך. אַזוי האָט זי דורכגעצויגן דעם גוף און אַראָפּגעשפּרונגען פון גייענדיקן צוג. זי איז געפאַלן אין אַ זומפּ. דורך די וועלדער, זיך ריכטענדיק לויט דער באַן־ליניע, איז זי געקומען ווו דער צוג איז בייטאָג געשטאַנען. זי האָט גע־שריבן דאָס צעטעלע: קיינער פאַרניכטונג; דערמיט האָט זי געוואָלט וואָרנען די שאַוולער יידן, אַז דער פאַרניכטער אין ווילנע איז קיינער געווען, און אַז זיין קומען אין אַ געטאָ באַדייט טויט.

*

עס זיינען פאַרביי 10 חדשים און עס איז אויך געקומען די ריי פאַר דער ליקווידאַציע פון שאַוולער געטאָ. פאַריזייטע האָט ניט געוואָלט ווידער שפּרינגען פון אַ גייענדיקן צוג. זי האָט באַשלאָסן צו אַנט־לויפן פון געטאָ גופא.

נאַכט. שווערע פּאָסטן־טריט האָבן אָפּגעהילכט אַרום דראָט. פאַריזייטע האָט גענוי קאָנטראָלירט דעם אָפּהילך פון די טריט — זיי האָבן זיך אַוועקגעטראָגן רעכטס. איצט איז די צייט! זי האָט אַדורכגעשטופּט דעם קאָפּ דורכן דראָט, דורכגענומען די הענט, זיך איינגעקלאַמערט אָן טראָטואַר און אַרויסגעצויגן דעם גוף.

— שטיין בלייבן! — האָט זיך דערהערט אַ שטימע און אַ שאָס האָט דורכגעשניטן די פינצטערניש. פאַריזייטע האָט זיך אַ צי געטאָן צוריק. די קויל האָט איר פאַרכאַפּט און זי איז געבליבן ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

— — —

# צוזאמען

.1

משה רמב״ם — אַזוי האָט מען גערופן אין שטאָט משה טעקאַטשן.

מיט ווּעמענס נאָמען מען האָט אים באַערט האָט משה ניט געוווּסט. משה טעקאַטש האָט זיך שווער אויסגעקענט אין אַזעלכע נעמען. דערפאַר טאַקע האָט דער פאַבריק־פאַרוואַלטער ר׳ פייווע פּאַטרוך איינמאָל אַ זאָג געטאָן: איז דאָס אַ ר׳ משה. — „ממשה ועד משה לא קם כמשה״...*) האָבן לצנים עס אונטערגעכאַפּט, און זיין נאָמען איז שוין געבליבן — משה רמב״ם.

משהס אַלע גלידער זיינען גרויס געווען, גרויס און שטאַרק; דער קאָפּ, די הענט, די פיס, דער גאַנצער גוף איז געווען צעוואַקסן ווי אַ סוקעוואַטער בוים. זיין פּנים איז רוי און האַרט געווען, ווי די פעלן וואָס ער האָט פערציק יאָר כסדר געשטופּט אין די גרויסע קאָרע־קובלען, אין דער גאַרבעריי פון פרענקלס לעדער־פאַבריק.

משה, וואָס איז געווען פון די עלטסטע אַרבעטער ביי פרענקלען אין פאַבריק, פלעגט האלט האָבן צו דערציילן ווי דער אַלטער פרענקל איז רייך געוואָרן, ווי אַזוי פרענקל איז געקומען אין שאַוול אָן אַ גראָשן געלט, אָן אָרעם גאַרבער־ייִנגל, און זאָל דאָ האָבן געפונען אַן אוצר, אויפן פּלאַץ וווּ עס שטייט היינט זיין פּאַלאַץ.

משה פלעגט די געשיכטע דערציילן פאַרטרויט, מיט אַ שמייכעלע אין די גרויסע אויגן, ווי עפּעס אַ טייערן סוד, זיינס אַן אייגענע געהיימניש, ווי ער וואָלט אַ חלק געהאַט אין געפינען דעם מיסטישן אוצר.

פון זיינע אייגענע זעכציק יאָר האָט משה ניט געהאַט פיל צו דערציילן. איז אפשר דערפאַר טאַקע האָט ער אָנגעבונדן זיין לעבן אָן פרענקלס, אָן זיין באַלעבאָס. מיט אים אַליין האָט קיין באַזונ־

---

*) דאָס וואָס ס׳איז געזאָגט אויפן רמב״ם.

דערש ניט פּאַסירט. ער איז געקומען אַלס פּערצן יעריק יינגל אין פרענקלס קליינע גאַרבעריי. פון יאָר צו יאָר איז די גאַרבעריי גרעסער געוואָרן. אויפן זעלבן הויף האָבן זיך אָנגעפּאַנגען טורעמען ווענט, מויערן, קוימענס, וואָס האָבן געשפּאַרט דיקע קנויליקע רויך־וואָלקנס צום הימל. נאָר משה איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן אַרבעטן אין באָמנע, ביי די זעלבע קאָרע־קובלען, ביים פּאַרווייקן די פעלן. וואָס אַן אמת, משה האָט זיך געפילט אויף דער פאַבריק ווי אַן אייגענער. געהאַט אפילו זיין שטיבל אויפן פאַבריק־הויף, ניט ווייט פון פרענקלס פּאַלאַץ. נאָך דער אַרבעט פלעגט משה שפּאַצירן איבער הויף, נאָכקוקן דעם רויך פון פאַבריק־קוימענס, ווי עפּעס זיין רויך, זיינע קוימענס, זיין פאַבריק. און משה פלעגט טאַקע זאָגן: „ביי אונדז אויפן פאַבריק“...

אַז דער אַלטער פרענקל איז געשטאָרבן און דער זון, וואָס איז איצט געווען דער באַלעבאָס, פלעגט זיך געפינען אויף רייזעס אין אויסלאַנד, האָט משה זיך אויך געפילט אַלס שטיקל בעל־הבית.

— אַז ווער איז שוין משטיינסגעזאָגט געבליבן? עפּעס אַ חברה פאַרוואַלטערס, וואָס קענען נאָך צעטאַכלעווען די פאַבריק — אַזוי פלעגט משה זיך אָפּקרעכצן און אַמאָל אויך אַ סטראַשע טאָן די פאַרוואַלטערס — וואַרט נאָר, זאָל נאָר יעקוב קומען...

יעקוב, אַזוי און ניט אַנדערש, האָט משה גערופן דעם יונגען פרענקל. מעשה אייגענער, משפּחהדיק. נאָר אַז יעקיב פרענקל פלעגט צוריקקומען פון אויסלאַנד, האָט משה ניט געוואַגט אים געבן אַ שלום עליכם און פלעגט נאָר פון ווייטן ציען פאַר אים טיף דאָס היטל.

.2

באַלד ווי די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט האָבן זיי ווייטער געלאָזט אין גאַנג די פאַבריק. אויך די יידישע קוואַליפיצירטע אַר־בעטער, מייסטערס און פאַרוואַלטערס אַרבעטן אין פאַבריק. אויך די דייטשן האָבן זיי נייטיק. משהן דאַרפן זיי אָבער ניט. ער איז שוין פאַר זיי צו אַלט. שטייט משה אין די אָוונטן ביי די געטאָ־דראָטן, קוקט נאָך דעם רויך פון די פאַבריק־קוימענס און קרעכצט:

— רוצחים, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון אונדז.

„פון אונדז“ מיינט ער אויך פרענקלען. און אפשר פרענקלען מער ווי זיך.

אַזוי זעט משה דעם גאַנצן חורבן פון אַ שטאָט, פון אַ וועלט יידן — נאָר דורכן רויך פון די פאַבריק־קוימענס...

באַגינען, אַז די קאָלאָנעס גייען אַרויס פון געטאָ, וואַרפט משה קנאה־בליקן צו דער פאַבריק־קאָלאָנע: זיי אַרבעטן דאָך אויף דער פאַבריק, זאָל זיין אונטער די דייטשן. אים איינעם האָט מען נאָר פאַרטריבן.

די אַרבעטער מערקן משהס קנאה־בליקן; פאַרדריסט עס זיי אויך, וואָס פאַרן עלטסטן אַרבעטער לאָזט זיך ניט פועלן ביי די דייטשן, זיי זאָלן אים לאָזן גיין אין פאַבריק.

מער פון אַלעמען פאַרדריסט די זאַך ר' פייווע פאַטרוכן. ער פילט זיך עפּעס ווי שולדיק לגבי משהן: זיי זיינען דאָך ביידע אין איין עלטער, אַ לעבן געאַרבעט אויף דער זעלבער פאַבריק, — איצט איז משה פאַריאָגט פון פאַבריק און ווערט געטריבן אַרבעטן ווי אַ טאָג ווי אַ נאַכט. נאָר ער, פאַטרוך, קען אַוודאי גאָרנישט אויפטאָן פאַר משהן ביי די דייטשן. ער פריידט זיך, אַז מען לאָזט נאָך אים אַליין אין דער אַרבעט. כאָטש זיינע טרייסלדיקע פיס דערפירן אים שוין קוים דאָס שטיקל וועג פון געטאָ צום פאַבריק און צוריק. און אויך אין פאַבריק קען ער שוין דינען ניט מער ווי מיט אַן עצה, ווי אַ פאַכמענישער באַראַטער פאַר די דייטשע פאַרוואַלטער; זיך באַוועגן אויפן פאַבריק האָט ער ניט מער קיין כוח.

פאַטרוך בעט איצט, אין געטאָ, אָפט משהן צו זיך אין שטוב. משה אַנטזאָגט זיך ניט. זיצן זיי און דערציילן זיך פון פאַרגאַנגענע יאָרן. דערציילט משה, צום טויזנטסטן מאָל, די געשיכטע פון פרענקלס רייך ווערן. און כאָטש פאַטרוך איז פרענקלס אַ נאָענטער פריינט און קען די געשיכטע, — דאָך הערט ער זיך איין צו משהס דערציילן, ווי ער וואָלט עס איצט געהערט צום ערשטן מאָל.

פערציק אָפּגעלעבטע יאָרן שוועבן אָן פאַר זיי און צינדן אָן זייערע אויגן מיט יוגנט־פייערלעך. ציען זיי די יאָרן און געשעענישן ווי עס ציט אַ פרוי קאָרעלן פון איר געליבטן אויף אַ פאָדעם, און זיי שפּיגלען זיך אין זייער אייגענעם אָפּגעלעבטן לעבן.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, משה — פאַנגט פּלוצים פאַטרוך אָן ריידן בלשון דו — עס האָט זיך ניט געלוינט די גאַנצע מי. מיר האָבן טאַקע ניט געוווּסט ווי צו לעבן אויך. שטענדיק פאַרלאָפן,

געווען פֿאַרהאַוועט, אַלץ ווי אויף אַ יריד; וואָס האָבן מיר געהאַט אין אונדזער לעבן? וויפֿל מעשים טובים האָבן מיר געטאָן? וויפֿל עולם הבא זיך אָנגעגרייט, וויפֿל גוטסקייט צו מענטשן? אַלץ נאָר געזאָרגט אַריינכאַפּן, אַריינכאַפּן — פֿרעג פֿאַר וועמען?

דאָס האָט פּאַטרוך זיך אַראָפּגערעדט פֿון האַרצן, געמאַכט זיין אייגענעם חשבון אויפֿן קול, מצרף געווען אויך משהן צו דעם, גע־רעדט מיטן לשון „מיר“, כאָטש משה האָט צו דעם חשבון קיין שייכות ניט געהאַט.

נאָר משה, גערירט פֿון דעם וואָס פּאַטרוך נעמט אים אַריין אין איין חשבון מיט זיך, שטימט צו, אַז מען האָט טאַקע ניט געוווּסט ווי צו לעבן. —

— אַוודאי האָט אַלץ אַנדערש געקענט זיין, מיר האָבן געדאַרפֿט אַנדערש לעבן; ווער האָט זיך עס געקענט פֿאָרשטעלן, אַז דער דייטשער רוצח וועט מאַכן אַ תל פֿון אונדז; אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן — פֿרעג פֿאַר וואָס?

— וואָס וואָלט אונדז געפֿעלט, אַז אונדזערע אַלטע ביינער וואָלטן מיר אַוועקגעטראָגן אין ארץ־ישׂראל; פֿאַרנאַרט געווען אַלץ אין די געשעפֿטן, אָפּגעשטופּט, — און אָט זיך אויסגעוואָרט...

אַזוי רעדט פּאַטרוך, אַלץ וועגן זיך און משהן, צוזאַמען, ווי ער וואָלט גאָר פֿאַרגעסן, אַז צווישן זיי איז אַ תהום געווען, דער תהום פֿון געלט, אַז משה האָט גאָר קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן ענדיקן זיין לעבן אין הייליקן לאַנד, אַז משהס לעבן איז פֿאַרבונדן געווען נאָר מיט דער פֿאַבריק, פֿאַרבונדן אפֿשר מער ווי פּאַטרוכס, ווייל וועגן אַן אַנדער לעבן האָט משה זיך ניט געקענט פֿאַרגינען צו חלומען אַפֿילו.

און אַז פּאַטרוכס אויגן פֿאַרציען זיך, בשעתן ריידן, מיט אַ טרער — גיט אויך משה אַ ריב די אויגן־לעפּעלעך מיטן גראָבן פֿינגער און לאָזט אַ קרעכץ.

.3

ווי אַלע יידן אין געטאָ טרייבט מען אויך משהן יעדן טאָג אויף שווערע אַרבעט. נאָר משה איז ניט געבראָכן; געזונט איז ער, גאָט צו דאַנקען, כוח האָט ער מער ווי אַ יונגער גאָך — גייט ער אַרבעטן.

עס איז נאָר אַ צרה מיטן הונגער. משה איז געוווינט אַ סך צו עסן. ער וויל ניט קיין לעקעכלעך, קיין טאָרטן, משה האָט האָלט קאַרטאָפל, הערינג, פלייש, ברויט — אָבער דאָס צו זאַט. און אין געטאָ דאַרף מען האָבן אויף דעם אוצרות געלט — טאָ ווו זאָל עס משה נעמען? ווערט ער פון צייט=צו=צייט אַ „מלאך“, דאָס הייסט ער פאַרדינגט זיך פאַר אַ צווייטן צו אַרבעטן. אין געטאָ זיינען נאָך דאָ איינציקע וואָס קענען באַצאָלן, אַז אַן אַנדערער זאָל אַרבעטן פאַר זיי. איז בשעת מען באַשטימט זיי אויף שווערע אַרבעט, ווי זומער אין טאָרף=לאַגערן, ווייט פון שטאָט — דינגען זיי זיך „מלאכים“.

אַזוי באַלד ווי זון פאַנגט נאָר אָן צעשמעלצן דעם שניי, הייבט מען אין געטאָ אָן צו מאַכן קאַלקולאַציעס, איבערטראַכטן: ווער, פון וועלכע אַרבעט=פלעצער, עס וועט דאָס יאָר אַריינפאַלן צו די טאָרף=אַרבעטן.

משה רמב״ם שרעקט זיך ניט פאַרן טאָרף=לאַגער. שוין הדשים פריער האָט ער צוגעזאָגט פּאַטרוכס זון, אַז אויב מען וועט אים נעמען אויף טאָרף, וועט ער, משה, אים פאַרבייטן, ער וועט זיין דעם יונגען פאַטרוכס „מלאך“.

משה האָט נאָר מורא טאָמער „יאַוועט“*) מען אים אַליין איין אויף טאָרף=אַרבעט, דאַן וועט ער ניט קענען זיין קיין „מלאך“, ניט קענען פאַרדינגען די פאָר טויזנט מאַרק אַלס פאַרבייטער. נאָר זשילינסקי פון אַרבעטס=אַמט מאַרקירט, אַז משה זאָל קענען עמעצן פאַרבייטן. זשילינסקי „יאַוועט“ שוין איין די וואָס קענען זיך לייסטן צו דינגען פאַר זיך „מלאכים“, אַזוי אַז סיי די וואָס בלייבן אין געטאָ, אַ דאַנק זייער געלט, סיי די וואָס נעמען באַצאָלט און פאָרן עמעצן פאַרבייטן —ביידע זיינען צופרידן...

צוויי געטאָ=זומערן איז משה געפאָרן אויף טאָרף=אַרבעט. די אַרבעט אויפן פרייען פעלד געפעלט אים אויך. נאָך פערציק יאָר כסדר אין דער פאַרעיפושטער גאַרבעריי פילט ער זיך דאָ ווי אויף אַ דאַטשע. די פעלדער ליגן רחבותדיק צעגרינטע און די טאָרפיקע

*) יאַוועט, איינזיאַוועגען — אַ געטאָ=טערמין פאַר איינעם וואָס מען שיקט אויף שווערע אַרבעט (האָסט געקראָגן אַ יאַווקע. מען האָט דיך איינגעיאַוועט).

שוואַרץ־ערד זויגט איין די לאָפּעטע אַזוי נאָכגיביק, ווי אַ ווייכער קישן נעמט אַריין אַ מידן קאָפּ.

אין טאָרף־לאַגער איז משה דער איינציקער אַלטער מאַן, זייער באַליבט, אַלע בריגאַדעס*) רייסן זיך אים צו האָבן ביי זיך, ווייל משה וואַרפט אַרויס זיין חלק גרוב פריער פון אַלעמען און העלפט דאַן אַ חבר, אַ שוואַכערן. משה איז אויך ביי דער אַרבעט פרייליכער, מונטער, באַלעבט אַלעמען מיט זיין פרייליכן אונטערזינגען זיך ביים וואַרפן די גרויסע פירקאַנטיקע טאָרף־שטיקער אין מאַשין אַריין. די אַרבעט פאַלט אים ניט שווער און ער איז אויך שטענדיק זאַט. פון דעם געלט וואָס ער נעמט אָפּ פאַרן זיין אַ „מלאך“ קויפט ער זיך צו זאַט קאַרטאָפל, ברויט, פלייש, וואָס איז דאָ, אין דאָרף, אויך ביליקער ווי אין געטאָ.

אַז מען קומט פון דער אַרבעט אין באַראַק, לאָזט מען משהן דעם ערשטן צום איינציקן אויוועלע, אויף וועלכן יעדער קאָכט אָפּ אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַ „חלהבוזע“, צו דערשטוקעווען צום לאַגער־עסן. און אַזוי גיך ווי משה עסט זיך אָן, זעצט ער זיך ביים לאַנגען טיש אָדער אויף זיין נאַרע, זאָגן תהילים. שטעלט זיך דאַן אַרום אים דער יונגער לאַגער־עולם און הערט זיך איין זיין „זאָגן“. אָפּגעזאָגט דעם יום־תהילים בעטן אים די לאַגערניקעס ער זאָל אויפזינגען „זיין“ ניגון. עפּעס האָבן זיי אַמאָל אויפגעכאַפּט ווי משה זינגט אַן אַלט פאָלקס־ליד און עס באַלד געמאַכט פאַר אַ כמו לאַגער־הימן. משה לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן. ער צעברומט זיך תפילהדיק און שאָקלט מיטן קאָפּ צום טאַקט:

„שוין צייט צו גיין דאַוונען —<br>
כאַפּט די יוגנט אונטער:<br>
„איינס, צוויי, דריי.<br>
„וואָסזשע פּאַפּסטו? וואָסזשע שלאָפסטו?<br>
און די יוגנט כאַפּט ווידער אויף:<br>
„איינס, צוויי. דריי.<br>
„שוין צייט צו לערנען משנה — — — —.

באַגינען, אַז מען הייבט אָן וועקן צום פרימאָרגנדיקן אַרבעט־שיכט פאַנגען חברה אָן וואָרטשענען דאָס לאַגער־ווערטל, וואָס חיים דעמבעווסקי האָט אַמאָל געלאָזט פאַלן:

*) בריגאַדע — אַן אַרבעטער־אָפּטיילונג.

— יידן שטייט אויף, טאָרף האָט זיך מענטשן פאַרוועלט...

אָט דאָס דאָזיקע ווערטל האָט אין זיך דעם כוח צו מאַכן שמייכלענדיק די פאַרביטערטע, ניט־אייסגעשלאָפענע אויפשטייער. ברומען האַלב־פאַרשלאָפענע, מיט מידע פּנימער:

— אַז טאָרף האָט זיך מענטשן פאַרוועלט...

נאָר איז דאָס ווערטל נאָך ניט גענוג, אויף צו דערוואַכן די מידע גופים און קעפּ, וואָס טוליען זיך נאָך צו די האַרטע שטרוי־זעקלעך — דאַן זינגט איינער אויף

„וואָסזשע פּאָפּט איר? וואָסזשע שלאָפט איר?
שוין צייט צו גיין שטעפּן*)
און דער גאַנצער וואַכער עולם דונערט אָפּ:
— איינס, צוויי, דריי!

4

אַז משה איז דאָס יאָר געקומען פון טאָרף־אַרבעט האָט ער געטראָפן פאַטרוכן שוין גאָר אָפּגעשוואַכט. טעג לאַנג פלעגט ער שוין צוברענגען צום בעט. און אַז ער פלעגט זיך אַרויסרייסן פון בעט, האָט זיין גאַנצער גוף זיך שוין געוואַקלט ביים גיין. זיין צע־פאַלדעוועט פּנים האָט מאַט געבלינצלט, ווי די גלאַנציק־איינגעפאַל־דעוועטע כאַליאַוועס פון די שטיוול אויף זיינע זיך טרייסלענדיקע פיס. דער גוף פון שטענדיק שטראָמען פאַבריקס־פאַרוואַלטער איז שוין געווען צוזאַמענגעבראָכן און אונטערטעניק. דאָך פלעגט ער, אין די טעג ווען ער פלעגט זיין געזונטער, קומען דער ערשטער פון דער גאַנצער קאָלאָנע צום געטאָ־טויער. אָנשרייען אַפילו אויף אַן אַרבעטער, אויב יענער האָט זיך אַ ביסל פאַרזוימט. פאַטרוך האָט זיך נאָך אַלץ געפילט, צו די יידישע אַרבעטער, מעשה בעל־הבית, ווי אַ געוועזענער פאַרוואַלטער, וואָס וועט אפשר נאָך באַלד ווידער זיין...

אויך משהס עלטער האָט איצט, קומענדיק צוריק אין געטאָ, אָנגעפאַנגען מאָנען דאָס זייניקע — רו. האָט משה זיך אַמאָל באַ־קלאָגט פאַר פאַטרוכן:

---

*) „שטעפּן" — געטאָ־טערמין פאַר אַרבעטן (מען דאַרף שטעפּן, שטעפּינקען).

— מיר דוכט, ר׳ פייווע, אַז דער מלאך המוות שיקט מיר פֿאָר־וויעסטקעס... ער גיט מיר לעצטנס צו פֿילן, איך זאָל זיך ניט פֿאַר־געסן, זיך ניט פֿאַרלעבן; די פֿיס ווילן זיך באַגינען ניט הייבן פֿון בעט.

די דאָזיקע ווערטער קרעכצט משה אויס, אַזוי האַלב מיט אַ שמייכל, ווי איינער זאָגט: שפּאַרן זיך מיטן מלאך המוות איז ניט פֿאַר מיין כוח שוין...

נאָר פֿאַטרוך נעמט עס ווי אַן אָנצוהערעניש פֿון משהן, אַז מען וואָלט געדאַרפֿט נאָך אַמאָל אַ פּרוביר־טאָן אויפֿן פֿאַבריק, בעטן ביי די דייטשן, אונטערקויפֿן זיי, אַז ער זאָל דאָך קענען אַריין אין פֿאַבריק אַרבעטן; ער זאָל ניט דאַרפֿן גיין מיט די אַלטע פֿיס צענדליקער קילאָמעטערס יעדן טאָג, אויף די פֿאַרשיידענע אַרבעט־פּלעצער. גיט פֿאַטרוכן אַ שפּאַר אין האַרצן די תקיפֿות פֿון אַ לעבן־לאַנגען בעל דעה און ער גיט אַ זאָג צו משהן:

— דו וועסט אַרבעטן אויפֿן פֿאַבריק! יאָ, די וועסט אַרבעטן. אַ לעבן האָבן מיר ביידע געלאָזן אויפֿן פֿאַבריק — איך וועל עס מאָרגן זאָגן דעם דירעקטאָר — און פֿאַטרוך ווערט אויפֿגעהיצט פֿון דעם באַלעבאָס־מוט וואָס האָט איצט זיך אַ צעגלי געטאָן אין אים — „וועסט מאָרגן מיטגיין מיט מיר, צוזאַמען וועלן מיר ריידן מיטן דירעקטאָר, ער מוז דיך אָננעמען!"

משה איז אויף מאָרגן אָנגעקומען אַרבעטן אין פֿאַבריק.

5.

צוזאַמען פֿלעגן איצט ביידע אַלטע לייט גיין צו און פֿון דער אַרבעט. גיין פֿאָרויס פֿון דער גאַנצער פֿאַבריק־קאָלאָנע, ווי זיי וואָלטן דערמיט געוואָלט ווייזן זייער פֿאַבריק־יחוס, אַז זיי פֿירן די אַרבעטער. נאָר דעם פֿינפֿטן נאָוועמבער, אַ פֿאָר מאָנאַט נאָך דעם ווי משה איז צוריקגעקומען אויפֿן פֿאַבריק, האָבן די יינגערע אַר־בעטער, ביים צוריקקערן אין געטאָ, פֿאַרנומען משהס און פֿאַטרוכס אָרט אין דער פֿאַבריק־ריי. זיי ביידן האָבן די יינגערע פֿאַרשטופּט אין די מיטל־רייען, אַרומגעשטעלט זיי מיט יינגערע — ווייל ביים טויער איז געשטאַנען פּ ע ר ס ט ע ר און סאָרטירט, אַרויסגענומען פֿון די קאָלאָנעס די קינדער און אַלטע*)

---

*) זע וועגן דער קינדער־אַקציע ווייטער.

אַז די אַרבעטער האָבן זיך אַ שטעל געטאָן בײַם טויער האָבן פֿערדטערס בּיסטרע אויגן אַלעמען דורכגענומען. די צוזאַמענגעדריקטע רייען זײַנען לויז געוואָרן. צעשלאָגן געוואָרן אין פּחד. משה און ר' פּייווע זײַנען נאָך שטיין געבליבן זיך האַלטנדיק צוזאַמען, די קעפּ צו דער ערד געבויגן, ווי צוויי אַלטע אײַנגעזונקענע בײמער. פֿערדטער איז דורך די רייען און אָפּסאָרטירט לינקס די קינדער, די אַלטע — משהן און ר' פּייווע. פּאַטרוכס זון האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן: „טאַטע, טאַטע" און איז פֿאַרשטילט געבליבן. אַרבעטער האָבן אַ פֿליסטער געטאָן: „משה!" די קאָלאָנע האָט ווייטער געריטן.

משה און ר' פּייווע זײַנען געבליבן צוזאַמען שטיין לינקס און זײַנען צוזאַמען אַוועק קיין אוישוויץ.

# אַ משפּט איבער דער ייִדישער פֿרוי

די לערערין איטע קאַסין פֿלעגט יעדעס יאָר אַרויספֿאָרן מיט אירע שול־קינדער אין דער זומער־קאָלאָניע, וואָס האָט זיך געפֿונען אין באַטשונער וואַלד, אַרום די טאָרף־פֿעלדער. דאָס יאָר, זומער 1943, איז זי אַהער געקומען צוזאַמען מיט זעקס הונדערט ייִדן פֿון געטאָ אויף טאָרף־אַרבעט. האָבן אירע געוועזענע שילער, אין אַכטונג צו זייער לערערין, זי אויסגעוויילט אַלס לאַגער־עקאָנאָמקע, צו זײַן די צעטיילערין פֿון דער מאָגערער שפּײַז.

פֿון פֿריען באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט טאָפּטשעט אַרום די לערערין איטע מיט אירע שווערע האָלץ־שיך אין דער טאָרפּיקער בלאָטע פֿון לאַגער־הויף. אומעטום איז זי פֿול. זי קען יעדן לאַגערניק מיטן נאָמען. זי ווייס אויך יעדערנס מצב; ווער ס׳קען זיך עפּעס צוקויפֿן און ווער ס׳מוז לעבן נאָר פֿון דער צוגעטיילטער פּאָרציע. מיט איר אויטאָריטעט צווינגט זי, אַז די פּראָדוקטן, וואָס ווערן אַרײַנגעשמוגלט פֿון די אַרומיקע דערפֿער, זאָלן אַרײַן אין אַלגעמײַנעם לאַגער־מאַגאַזין, און זי פֿאַרקויפֿט עס צו ביליקערע פּרײַזן. זי קאָמבינירט דער מיטאָג זאָל זײַן אַפּעטיטלעכער, נאַרהאַפֿטער. אַ נצרך טיילט זי אויך צו אַ לעבל ברויט אומזיסט, אַ שטיקל פּוטער דורך דער וואָך און אפֿילו אַ גלאָז מילך. בפֿרט העלפֿט זי די יונגט־לעכע און עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין געלט עפּעס זיך צוצוקויפֿן און חוץ דעם פֿאַלט זיי נאָך די שווערע אַרבעט פֿיל שווערער, ווי די יעניקע, וועלכע זײַנען צו פֿיזישער אַרבעט געוווינט.

נאָכן שווערן אַרבעטס־טאָג, אַז מען רײַבט אָפּ פֿון זיך די טאָרף־בלאָטע אין גרינלעכן וואַסער פֿון טאָרף־גרוב, אָדער אונטערן שלויך פֿון טאָרף־מאַשין, ציטערט דער מאָגערער גוף. ווען די קאַלטע אָוונט־לופֿט שטעכט דורך ווי אַ מאַסאַזש. אַז די ריינערע בגדים פֿאַלן אָבער צו צום לײַב און די הייסע זופּ גיסט אָן דעם הונגעריקן מאָגן, באַפֿאַלט אַ לײַכטע מידקייט אין די גלידער; דער ווייטיק אין

רוקן, פון זיך בויגן און שלעפן די שטיקער נאַסע ערד געמט אָפּלאָזן; די שלאַבעריקע מוסקולן ווערן איצט שטייפער. גיסן זיך אָן מיט אָנגענעמען ווייטיק. די אַרומיקע וועלדער, וואָס זיינען אַ סך העכער פון שטעכיקן צוים־דראָט, וויגן זיך אין גערוישלאָזן אָוונט־ווינט. דער זייד־בלויער הימל צעפינקלט זיך מיט אַ שלל שטערן. די דעמע־רונג פאַרשטעלט דעם שומר מיט זיין ביקס. די לבנה קאַלכט אָפּ די שוואַרצע באַראַקן, און די נאַכט וועבט איר לעגענדע: אַלע מענטשן זיינען גליקלעך אויף דער ערד — העכער איז די וועלט, העכער און טיפער, פון געטאָס, לאַגערן, בלוט, קראַמף און טויט. אין דער נאַכטיקייט ווערט פאַרשפונען די דראָט־מחיצה, וואָס טיילט אָפּ דעם לאַגער פון דער וועלט און אַ שטילע נאָגנדיקע בענקשאַפט צעשפּילט זיך אין האַרצן פונעם לאַגערניק, אַ בענקשאַפט צו היים, צו רו, צו אַ פרוי — דאַן פאַרקלייבן זיך די מענער אין פרויען־באַראַק.

אויף די וויים־באַצויגענע נאַרע־בעטלעך, פון אַ פרויען־האַנט פאַרבעט, זיצט יונגט און פאַרציט אַ ניגון. גיסט זיך אַ שטילע ראַפּסאָדיע, ס'פלעכטן זיך שטימען, טענער שטילע, בענקענדיקע, טיף־מאָנענדיקע. די נאַכט כאַפּט אויף די ניגונים דורך די אָפענע פענצטער און טראָגט זיי אַוועק העט־ווייט, אין אַ גויאישער כאַטע, צו פאַרשלעפערן אַן אויסבאַהאַלטן יידיש קינד ערגעץ דאָרט.

אין אַ ווינקל פון באַראַק, אויף דער נאַרע פון איטע קאַסין, זיצט געדיכט צוזאַמענגעקוועטשט אַ גרופּע לאַגערניקעס. זייערע קעפּ געבויגן צוליב דער העכערער נאַרע, וואָס איבער זיי. דאָס טוקן פונעם חלב־ליכטל, וואָס איז אָנגעשמאָלצן אויף אַ קעסטל, וואַרפט אימהדיקע שאָטנס אויף דער מיט צייטונגען אויסגעקלעפּטער וואַנט, פון וועלכער ס'שיינען אַראָפּ די בילדער פון מענדעלע, שלום־עליכם און פרץ. פרוי קאַסין זיצט צווישן אַלעמען, אָנגעשפּאַרט אויף דער נאַרע; די גרוי־ווערנדיקע האָר פאַלן איר אויף די שולטערן, איר פּנים דריקט אויס מידקייט. נאָר פּלוצים:

— קינדער, ווו האָבן מיר געכטן געלאָזן?

קינדער!...

פאַרגעסן איז דער לאַגער, די מאָרף־אַרבעט, דער צווייפלפולער מאָרגן. קינדער זיצן אַרום דער לערערין... און איטע קאַסין דוכט

זיך אַוודאי, אַז זי געפינט זיך אויף היינטיקס יאָר מיט איר שול דאָ...

פאַרקניפּט מען ווייטער דעם נעכטיקן שמועס, וועגן —

וועגן וואָס רעדט מען ניט, דיסקוטירט מען ניט אין דאָזיקן ווינקעל?

— ווייסט איר וואָס, — זאָגט פרוי קאַסין, כ'וועל אייך פאָרלייענען אַ לידעלע, וואָס כ'האָב היינט אָנגעשריבן.

לייענט זי. לייענט אַ צווייטער. פייגעלע דעקלאַמירט. חיים זינגט און ווידער אַ דיסקוסיע. איינער פאַרפּלאָנטערט זיך אין צווייטן, וויל איבערצייגן אַ דריטן:

— ניין, האָסט אַ טעות, מאַרקס האָט געמיינט עפּעס אַנדערש.

— וואָס מיר מאַרקס. נעם בעסער ירמיהו.

— וועסט פון דער וועלט ניט אַנטלויפן.

— וועלט? — די וועלט איז אַנטלאָפן פון אונדז, די וועלט דיינע האַלט אונדז אין לאַגערן, אין געטאָס, די וועלט מאָרדעט קליינע קינדער.

— אַ ליגן, ניט די וועלט. אַ בייזער שגעון איז עס. אַן איבער־גאַנג. אַן אַנטי־טעזע־פּראָצעס, אַ ירידה פאַר אַן עליה...

— פאַרוואָס אָבער דווקא איבער אונדזערע קעפּ, אויף אונדזער בלוט?

— ווייל מיר זיינען שוואַכער, און ניט נאָר מיר אַליין — — — —

— אָפּגעלעבטע טעאָריעס. פאָלקס־מאָרד־פּילפּוליסטיק.

— טאָ, הויבט איינער אָן נאָך עפּעס זאָגן, נאָר פרוי קאַסין שלאָגט אים איבער:

— פאַר היינט איז גענוג. מענער גייט אין אייער באַראַק, צייט צום שלאָפן.

זי לאָזט זיך אין אַלע ווינקעלעך, פון וואַגען אַ שטילע שושקעריי דערגייט צו אירע אויערן. פון אונטער אַלע פאָרהענגלעך טרייבט זי די מענער צוריק אין זייער באַראַק.

פאַרליבטע מורמלען בייזלעך:

— די שרון המאָראַל, די מאָראַליסטין איז שוין דאָ...

נאָר עס העלפט זיי ניט, מ'פאָלגט איר, און פרוי קאַסין האַלט אויף די מאָראַלישע דיסציפּלין אין לאַגער.

אַ לעצטער קוש, אַ זיי געזונט, און גופים שלייכן זיך אַרויס, פֿאַרשווינדן אין מענגער־באַראַק.

* * *

אַלע פֿרייטיק־אָוונט, ווי נאָר די אַרבעטס־בריגאַדעס מאַרשירן אַריין אין לאַגער, אַזוי גלייך יאָגט איטע קאַסין אונטער די פֿרויען, זיי זאָלן זיך גיכער צוואָגן, פֿאַרקעמען, איבערטאָן און גיין צום עונג־שבת, וואָס קומט פֿאָר אין מענגער־באַראַק. פֿרוי קאַסין אַליין איז שוין איבערגעטאָן, אין איר טונקעלן קלייד, די האָר אין אַ קוקלע פֿאַרפלאָכטן, אין האַנט האַלט זי אַ העפֿטל, פֿון וועלכן זי וועט לייענען אָדער פֿאַרשרייבן, וואָס אַנדערע וועלן לייענען און זאָגן.

היינטיקן פֿרייטיק־צו־נאַכט איז פֿרוי קאַסין מער ווי אַלע מאָל אויפֿגעלייגט און אַפֿילו נערוועאיש־געערגט. איר פּנים, אַ ביסל פֿאַר־פֿלאַמט, שיינט מיט יוגנט־קראַפֿט. אירע פֿערציק יאָר זעען זיך היינט ניט אָן אויף איר; ניטאָ קיין סימן פֿון איר שטענדיקן טרויער וועגן איר מאַן, וועגן אירע קינדער. אַלע אירע גלידער צאַפּלען, ווי ביי אַ פּרימאַדאָנע צו איר ערשטן אויפֿטריט. האָבן דאָך שוין פּלאַ־קאַטן אַ גאַנצע וואָך געמאָלדן, סיי אין געטאָ, סיי אין לאַגער, וועגן היינטיקן עונג־שבת, אויף וועלכן ס'וועט פֿאָרקומען אַ משפּט איבער דער יידישער פֿרוי אין געטאָ.

אַלע אָוונטן, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען ביז היינט אין לאַגער — וועגן מענדעלע מוכר־ספֿרים, ביאַליק, פּרץ, אחד־העם, הערצל מסדה, תל־חי און די אייגענע ליטעראַרישע פֿאָרלעזונגען — האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג. דער לאַגער־עולם וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף די פֿרייטיק־צו־נאַכטן און אַפֿילו פֿון געטאָ קומט מען, ווי מעגלעך, צום עונג־שבת אין לאַגער. נאָר פֿרוי קאַסין וויל, אַז היינטיקס מאָל זאָל עס זיין מיט אַ נאָך גרעסערן דערפֿאָלג.

וואָכן האָט זי זיך געגרייט צו אָט דעם משפּט. ס'איז שווער געווען צוזאַמענזאַמלען מאַטעריאַל, צוצוגרייטן די עדות. זי איז אָבער ניט מיד געוואָרן, ווייל „אַלץ, וואָס מיר טוען, איז ניט מער ווי פֿאַר דער געשיכטע", טענהט שטענדיק פֿרוי קאַסין. „מיר ווייסן ניט, אויב מיר וועלן לעבן בלייבן, אָבער די געשיכטע וועט וועלן וויסן, ווי מיר האָבן געלעבט; דאָס פֿאָלק וועט ניט אונטערגיין און דער געשיכטע־שרייבער וועט וועלן וויסן, ווי ס'האָט זיך געפֿירט די

יידישע פרוי אין צייט פון פאָלקס־אומקום. אָט דערפאַר מוזן מיר שוין היינט פּראָטאָקאָלירן אונדזערע מיינונגען און לאָזן אונדזער אורטייל פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער.״

* * *

אויף אַלע נארעס און אַרום לאַנגן טיש זיצן מענטשן קאָפּ אויף קאָפּ. פרוי קאַסין באַווייזט זיך אין באַראַק. זי עפנט דעם משפּט און בעט אָנרופן נעמען צום ריכטער־קאָלעגיום. די ריכטער פאַר־נעמען די ערטער ביי אַ טיש. פרוי קאַסין וועט זיין די פאַרטיידי־קערין, אַ מאַן — דער באַשולדיקער.

יאַנקע־מענדעס פּישיקע אויגן קוקן אַראָפּ פון דער נארע איבערן ריכטער־טישל; זיין פלאַציקע נאָז קאָרטשעט זיך צום לאַכן, אָט באַלד וועט ער אַ זעץ טאָן מיט זיין בערישער שטימע: א... אין אייער... ווען ווילט איר משפּטן, וואָס איז זי, נעבעך, שולדיק... נאָר יאַנקע־מענדע זעט די ערנסטע פּנימער פון די זעקס הונדערט פאַרזאַמלטע, ווערט ער מיטגעריסן מיט אַלעמענס געשפּאַנטקייט.

פאַרן ריכטער־טיש שטייט די באַשולדיקטע. אירע בלאָנדע האָר זיינען קאָקעטיש צעלאָזן איבערן נאַקן, איר איבערטריבן־געפּודערט געזיכט שמייכלט חוצפּהדיק, די ליפּן און נעגל דיק געפאַרבן.

דער ריכטער לייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט:

— איר, יידישע געטאָ־פרוי, ווערט באַשולדיקט אין זיך הנדלען צו די מערדער, קאָקעטירן צום שונא, אין פאַרלאָזן די יידישע צניעות און אַז איר האָט אַפילו פאַרגעסן דעם אומקום פון אייער מאַן און קינדער. אַלס פאַקטן ווערן צוו״אנד אָנגעגעבן: איר זייט געכאַפּט געוואָרן ביינאַכט זיך קושנדיק מיט אַ וועכטער דורכן געטאָ־צוים, איר האָט אויפן אַרבעטס־פּלאַץ זיך געלאָזט פּראָטעזשירן פון אַ מייסטער און אַוועק זיך וואַרעמען, ווען אַנדערע האָבן געדאַרפט טאָן די אַרבעט פאַר אייך; איר באַנוצט פּודער און שמינק, כדי צו געפעלן די מערדער.

— זייט איר זיך מודה אין דעם?

— ניין!

ס'ווערן אַרויסגערופן די עדות פון באַשולדיקונג און פאַר־טיידיקונג.

דער פּראָקוראָר שילדערט אַלע פרויען־געשטאַלטן אין דער יידי־שער געשיכטע, פון מרים הנביאה ביז שרה אַראָנסאָן — פרויען, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַרן יידישן כבוד. ער האַלט אונטער די באַשולדיקונג, אויפן סמך פון די עדות, און בעט אַ שטראָף פאַר דער געטאָ־פרוי.

די פאַרטיידיקערין, פרוי קאַסין, שטעלט פעסט, אַז מ'קען ניט ריידן וועגן דער געטאָ־פרוי, נאָר וועגן ווייניקע יידישע פרויען אין געטאָ.

די ריכטער גייען אַוועק אויף אַ באַראַטונג. אין באַראַק טראָגט זיך אַ העפטיקע דיסקוסיע ביז טיף אין דער נאַכט אַריין. דעם קומענדיקן פרייטיק־צו־נאַכט איז געמאָלדן געוואָרן דער אורטייל:

„די געטאָ־פרוי איז פריי־געשפּראָכן. אַ טייל פרויען קריגן אָבער אַ תנאי־שטראָף; אויב זיי וועלן זיך ניט פאַרבעסערן, וועלן זיי איבערגעגעבן ווערן דעם געשיכטלעכן געריכט."

* * *

ווי האַרב האָט דאָס „געשיכטלעכע געריכט" באַשטראָפט די געטאָ־פרוי... אַזוי גרויזאַם־האַרב, ווי אויף אונדזער וועלט וואָלט געווען לית דין ולית דיין — — — —

---

אימע קאַסין איז, אין אַ לאַגער ביי שטוטהאָף, אומגעקומען פון הונגער.

# א ת ל י ה

.1

איבער די שטאָטישע גאַסן ליגט די שטילקייט. דער מאַיקער זונטיק פאַרנאַכט האַלט פאַריום־טובט די שטאָט אין שווייגן. אין געטאָ איז אָבער נאָך אַלץ אומרואיק, פון דאָס הײַנט איבערלעבטע.

ווידער איז הײַנט געווען אַ גרויסע אונטערזוכונג בײַם געטאָ־טויער. די ליטווינער פּאָליציי צוזאַמען מיט די דײַטשן לויפן הײַנט אַ גאַנצן טאָג איבערן שטאָט. „דער שוואַרץ יאָר ווייסט זיי וואָס זיי זוכן.“

און אַ ידיעה איז אַרײַנגעפאַלן אין געטאָ: ס'ד האָט געכאַפּט אַ יידן, אים אַרײַנגעפּאַקט אין הינטערשטן קאַסטן פון אַ קליינעם אויטאָ. דעם קאַסטן־רעק האָבן זיי פאַרמאַכט און ערגעץ פאַרשוווּנדן.

ווער איז דער ייד?

בצלאל מאַזאָוועצקי.

— ער וועט ניט אויסהאַלטן. אַזאַ הויכער מענטש אין אַ קליין קעסטל, זיי האָבן זיכער אים צעבראָכן אויף העלפט, — אַזוי האָט מען אין געטאָ זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער, אין מורא פון שוואַרצע פאָרגעפילן.

יידן וואָס האָבן געאַרבעט אין געביטס־קאָמיסאַריאַט האָבן אויך מאָרגן אַרויסגעקראָגן צוליב וועלכן חטא מען האָט מאַזאָוועצקין אַרעסטירט: מ'האָט געפונען בײַ אים עטלעכע פּאַפּיראָסן. די שטימונג אין געטאָ איז לײַכטער געוואָרן: „צוליב אַ פּאָר פּאַפּיראָסן וועט מען אים ניט מער ווי צעשלאָגן און זיכער אָפּלאָזן.“

אַ טאָג איז פאַרבײַ. איצט איז שוין מאַזאָוועצקי אין דער רויטער טורמע. די וועכטער, בײַ וועמען ס'איז געלונגען זיך נאָכצופרעגן, וווּנדערן זיך, ווי ער האָט אויסגעהאַלטן די קלעפּ. זײַן גאַנצער גוף איין שטיק בלוטנדע־וווּנד.

דאָקטאָר גינטער, דער שעף פֿון דײַטשן אַרבעטס=אַמט, װעלכער האָט, זינט זײַן נאָענטערע באַקאַנטשאַפֿט מיט ייִדן, געקראָגן אַביסל פֿאַרשטענדעניש צו ייִדישע לײַדן, האָט בסוד הײַנט פֿאַרטרױט דעם עלטסטנראַט, אַז געכטן איז געװען אַ הוליאַנקע בײַם געביטס=קאָמיסאַר און װען אַלע זײַנען געװען טױט=שיכּור האָט בובּ, דער פּאָליטישער לײַטער פֿון קאָמיסאַריאַט, אײַנגעלאַדן די געסט צו נעמען אָנטײל בײַם אױפֿהענגען מאַזאָװעצקין. דער געביטס=קאָמיסאַר האָט שיכּורדיק געלאַכט און צוגעשטימט: „צײַט שױן צו הענגען אַ ייִד.“

אַ שװאַרצער שאָטן האָט זיך אַ שפּרײט געטאָן איבער אַלעמענס פּנימער. מען גײט אַרום װי אבֿלים. מען באַהאַלט צו װײַזן דאָס געזיכט אײנער פֿאַרן צװײטן; אין געטאָ רעדט מען עפּעס שטילער, מענטשן האָבן אױפֿגעהערט אַרײַנטראָגן דאָס נײַטיקסטע פֿאַר זיך. מען װיל ניט ריזיקירן, ניט אַזױ דאָס אײגענע לעבן, װי דאָס לעבן פֿון מאַזאָװעצקין. װײַל אָנגעזאָגט האָבן די געטאָ=פֿאָרשטײער, אַז נאָר דאַן װען ייִדן װעלן ביז דער תּליה ניט געכאַפּט װערן בײַ קײנע „פֿאַרברעכנס“ װעט אפֿשר געלינגען אָפּשרײַען דעם אורטײל.

מענדל לײַבאָװיטש האָט שױן שטאַרק געװאַגט, ער האָט אַ פֿרעג געטאָן דעם געביטס=קאָמיסאַר פֿאַרװאָס מאַזאָװעצקיס באַלעבאָס, דער ליטװינער, װעלכער איז געכאַפּט געװאָרן בײַ ספּעקולאַציע מיט אַכציק צענטנער מעל, האָט נאָר געקראָגן 3 מאָנאַט טורמע, און דאָ, פֿאַר עטלעכע פּאַפּיראָסן, אַזאַ האַרבע שטראָף? דער ענטפֿער איז געקומען נאָר מיט אַ פֿינגער=אָנװײַז אױף לײַבאָװיטשעס געלן מגן=דוד. עס מײנט: פֿאַרגעס ניט, אַז מאַזאָװעצקי איז אַ ייִד.

אהרן כּץ איז דערװײַל געקומען צו די חבֿרים פֿון „מסדה“ בעטן, איבערצײַגן זײ, אַז מען טאָר אױך איצט ניט אױפֿגעבן די האָפֿענונג אױף רעטונג פֿאַרן גאַנצן כּלל. „מיר האָבן שױן אַ סך טײַערע קרבּנות געגעבן, פֿאַרפֿאַלן, מיר קענען אױך איצט זיך ניט שטעלן אַנטקעגן. אַנדערש װאָלט געמײנט באַגײן אַ כּלל=מאָרד“. די חבֿרים פֿון „מסדה“ זײַנען זיך אױך ניט אײניק; געװען צװײ מײנונגען. און װער האָט מיט זיכערקײט געװאָלט נעמען אױף זיך דאָס לעבן פֿון פֿיר טױזנט אַכט הונדערט ייִדן, אין דער צײַט װען ס'איז אַפֿילו

ניטאָ קיין מעגלעכקייט אייף אַ דערפאָלגפולן ווידערשטאַנד? וואָס קען מען אויפטאָן מיט עטלעכע רעוואָלווערן? איין טייל האָט גאַרגעשלאָגן אונטערציגדן דאָס געטאָ.

— איז דאָס כדאי צוליב אַ געשיכטלעכן זשעסט, צוליבן ראַטעווען דעם כבוד פון דעם "אָזיקן צעטראָטענעם הייפל? — האָט איין טייל געפרעגט.

די וואָס האָבן עס פאָרגעשלאָגן האָבן געגלויבט אַז יאָ.

דערווייל האָבן דער אַרבעטס=איינזאַץ=לייטער, טשערנאַווסקי, און זיינע אַרומיקע אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז מען וועט מאַזאָוועצקן נאָר אָנטאָן די שטריק אויפן האַלדז, כדי אָנשרעקן דאָס געטאָ=פאָלק. אין לעצטן אויגנבליק אָבער וועט דער געביטס=קאָמיסאַר אַליין אים באַגנעדיקן...

און יידן האָבן געגלויבט. געגלויבט אין דעם, וואָס עס האָט זיך געוואָלט.

.2

אין געטאָ איז אַ גרויסער סאָד פאַראַן, ווו עס וואַקסן עפל, פלוימען און באַרן. אין די פאַרנאַכטן שפּאַצירן דאָ פאַרליבטע געטאָ=יונגטלעכע. זיי באַזעצן די צעוואָרפענע שטיינער, וואָס הויפן זיך איבערן סאָד. ביינאַכט זעט מען ניט דעם שטעכיקן דראָט אַרום געטאָ און דעם הימל מיט זיינע שטערן האָט מען דאָך ניט געקענט פאַרצוימען... טרוימען דאָ פאַרשפּאַרטע געטאָ=קינדער, פון גליק, וועגן פרייהייט, פון צוקונפט.

איצט שטייט דער סאָד אין יום=טובדיקער גרינס. קליינע פעכיקע קנאָספּן האָבן זיך צעגאָלדיקט אויף די גאָרטנדיקע ראַנדבוימער; די עטלעכע מאַי=בוימלעך פינקלען מיט בלוי=ווייסער אומשולדיקייט. גאָרניט האָט זיך דאָ געענדערט. די זון פאַרגייט אין רויט=גלוטיקער שקיעה, אויף יענער זייט בית=עולם=וואַנט, ווי שטענדיק, און זעט ניט און מערקט גאָר ניט די צוויי אַריינגעשלאָגענע גרויסע שטאַנגען אין מיטן פונעם סאָד, וואָס איבער זיי פאַרקוועריט אַ דריטער שטאַנג — די תליה!

זונטיק באַגינען האָבן יידן אָנגעפאַנגען אַנטלויפן צו דער אַרבעט, לויפן ווו די אויגן טראָגן. אַבי ניט זיין דערביי, אַבי אויסמיידן צו

זען מיט די אייגענע אויגן, ווי אַזוי אַ ברודער ווערט געפירט צו דער תליה. ס'איז אָבער זונטיק — אויפֿן גרעסטן טייל אַרבעטס־פּלעצער אַרבעט מען ניט. ווערן די טויזנטער יידן געיאָגט פון די שטיבער, געטריבן זען, אפשר זייער אייגענעם מאָרגנדיקן גורל.

מאַזאָווועצקי איז אָנגעקומען מיט שווערע קייטן אויף די פיס, זיין פּנים איז געווען שוואַרץ פאַרקוילט, נאָר די שוואַרצע גרויסע אויגן, פון אויסגעבייגערטן פּנים, האָבן שמייכלענדיק געבלישטשעט. טשערנאַוסקי, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער, האָט אים צוגעוואָרפן ביים פאַרבייגיין: „מען וועט ניט הענגען, מען וועט באַגנעדיקן" מאַזאָווועצקי האָט אַ ביטולדיקן קוק געטאָן. ער איז אַריין אין סאָד, צווישן די צענדליקער פּאָליציסטן אַרום אים און בוב צווישן זיי. מאַזאָווועצקים בליקן האָבן אַלעמען דערלייכטערט. אַזאַ שמייכלענ־דיקע מילדקייט, אַזאַ נשמהדיקע רואיקייט!

ווו האָט דער ראָזיקער ייד עס אויסגעשמידט אין זיך אַזאַ טויט־גרייטקייט, אַזאַ קרבן־דערהויבונג!

טויזנטער יידישע אויגן האָבן זיך אָנגעהאָפטן אָן אים, זיך אַריינגעגעבן אין אַלע זיינע באַוועגונגען און ער שמייכלט צו אַלעמען, געזעגנט זיך אַזאַ גליקלעכער.

און דאָס ליטווינער פאָלק, וואָס האָבן ווי שוואַרצע וואָראָנעס זיך פריידיק פאַרזאַמלט אויף די צוימען, בוימער און דעכער אַרום געטאָ, אין לעכצונג צו זען טויט, תליה, קראַמף און יידישן אומגליק — זיינען געבליבן פאַרשטילט און מיטן יובל: געהאָפט צו זען ווי דער „זשיד" וועט זיך וואַרפן, שרייען, וויינען — און אָט גאָר, ווי שטאָלץ דער זיי גוט־באַקאַנטער יונגער בעקער איז אַליין אַרויפ־געשפּרונגען צו דער תליה, ווי נאָר זיינע פיס זיינען באַפרייט געוואָרן פון די קייטן.

די צוויי יידן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן אָנצוטאָן די תליה, פאַרוואַרפן די שטריק איבערן שטאַנג. די שטריק פאַרפּלאָנטערט זיך און מאַזאָווועצקי רעדט דערווייל צו זיי. ער רעדט שטיל, רואיק און קאַלט: „מיין מאַנטל איז אַ געליענער. גיט אים אַוועק וועמען ער געהערט. גריסט מיין פרוי און קינד. זאָל מען אויפפּאַסן מיין מאַמען. די הענט פון די תלינים טרייסלען זיך און מאַזאָווועצקי רעדט אַרויס

זיינע לעצטע ווערטער: „האָט ניט מורא, טוט רואיק אייער אַרבעט“.

אָט פאַלט די גאַנצע משפחה אויף די קני פאַר די מערדער, בעט זיך, אין דער לעצטער מינוט. נאָר מאַזאָוועצקי שטופּט שוין אַליין זיין ביינערדיקן האַלדז דורך דער תליה־שטריק אַדורך. זיין שטאָלצער גוף גיט זיך אַ צי אַרויף, העכער, העכער און העכער, איבער אַלע מערדער. אַ ווילדער ראַוועגדיקער געשריי פון טויזנטער מיילער רייסט דורך די לופט. די מערדער בלייבן פאַר־שטאַרט קוקן אויף די אויגן, וואָס זיינען געבליבן שמייכלענדיק אין אויפגעלאָפענעם פּנים, פון מאַזאָוועצקים דערוואָרגענעם גוף.

איין בליק אויף אים און די צוזאַמענגעטריבענע מאַסע ווערט ווילד, משוגע, היסטעריש; אַלע לויפן, ס'טראָגן זיך אין געפלאָנטער איבערן געטאָ ווילד צערייצטע טירוף־פולע אויגן, אַ געשריי טראָגט זיך אין דער לופט און פילט אָן דאָס געטאָ מיט שגעון. נאָר מאַזאָ־וועצקי וויגט זיך מיט אַ פאַרקראַמפטן שמייכל אַן איינזאַמער אויף דער תליה.

* * *

בּוּבּ האָט אויף מאָרגן געזאָגט לייבאָוויטשן: „ווען איר וועט מיר העגגען ווינטש איך זיך אַזויפיל מוט צו קענען באַגעגענען דעם טויט, ווי מאַזאָוועצקי האָט עס געהאַט. דאָס איז ניט געווען קיין מאָרד, נאָר זעלבסטמאָרד“. אַזוי האָט דער מערדער געוואָלט פאַר־קלענערן זיין פאַרברעכן.

* * *

אין שווערע מינוטן פלעגן געטאָ־יידן קומען צו זיין קבר, אָן אים אָנשפּאַרן די הענט און דערזעו זיינע לאַכנדיקע אויגן, אַנטקעגן טויט און רשעים, און מוט שעפּן פאַר שווערע טעג.

— ווער וועט יוען אויפהעגנגען זיין בילד אין דער גאַלעריע פון אונדזערע העלדן, שטאָלצע אַנטקעגן־טויט־גייער ?

שטעט. שווים-באסיין

צוים פון שטאכלדראט

געלגודא גאס

קאווקאזער גאס

עזשערא גאס

## פלאן פון געטא קאוונא (סקיצע)

1 פארשטייערשאפט
2 די שול
3 ליטווישע געטא פאליציי
4 געטא אמבולאטאריע
5 ביידל פאר ייד. געטא פאליציי
6 ביידל פאר ליטוו. געטא פאליציי
7 טארטאק
8 געטא קראנקן הויז
9 קראנקן הויז פאר אנשטע
10 צוגעבויטע טהרה-שט
11 אהל פון שאוולער רב
12 סטאלערײ

## פלאן פון געטא שאוול (טראקו) סקיצע

1 וואך שטובע
2 ווארשטאטן
3 פארשטייערשאפט
4 אמבולאטאריע און אפטייק
5 שניידעריי
6 שומאכעריי
7 כעמישע ווארשטאטן (קעלער)
8 קראנקן הויז
9 וועשעריי
10 בוי אפטיילונג
11 טויערן








אַ עלטערן יום־טוב בײַם אַריבערגײן פֿון דער גימנאַזיע אין אַן
אײגענעם בנין — 1930.



דער זיבעטער גימנאַזיע־קלאַס, מיטן מאַטעמאַטיק־לערער
א פ ר י ם  ק אַ פּ לאַ ן (אומגעקומען).



דער זעקסטער גימנאַזיע=קלאַס, מיטן לערער ד״ר י ר ו ש ל מ י.
דער גרעסטער צאָל פון די שילער זיינען אומגעקומען.



שילער פון דער שטאָטישער תלמוד=תורה, מיטן לערער הרב
ה אָ פ נ ב ע ר ג, וואָס איז נפטר געוואָרן אין ערשטן געטאָ=טאָג.



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון ספּאָרט־קלוב „מ כ ב י״.



שאַוולער „מכבי״־יוגנט אויף אַ זומער־מחנה.

(ביידע בילדער זיינען מער ווי אַ יאָר
באַהאַלטן געווען אין דר׳ערד אין געטאָ.
זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן נאָך דער
באַפרייאונג).

# דאָס „מסדה“־בוך

— ! מסדה
די נייע, ווי אַלטע,
געהאַמערט פֿון אײַזן און שטאָל.
מיר ליבן האַרציק דאָס לעבן —
צום טויט דאָך גרייט ווי אַמאָל.
(דער ערשטער פערז פֿון אַ מסדה=ליד.
געשריבן אין געטאָ: ל. ש.)

ס ע פּ ט ע מ ב ע ר, 1942. מיט צוויי חדשים צוריק זײַנען זיי נאָך דרײַ טרוימער געווען. דרײַ, וואָס האָבן אין פֿינצטערע אָוונטן, אַרומגייענדיק איבערן שמאָלן בית=עולם=אַספֿאַלט, אויסגעטראָגן די אידיי: אָרגאַניזירן די געטאָ=יוגנט, פֿאַר קולטור=אַרבעט און זעלבסטשוץ.

מיט צוויי חדשים צוריק, אַז אברהם שווייגער האָט אַרויסגערופֿן ישראל וויץ פֿון שטוב, האָבן זיי צוויי שעה שפּאַצירט און כמעט שווייגנדיקע זיך פֿאַרשטאַנען. אויך דאָס צוציען יוסף לייבאָוויטש איז גיך און מיט ווייניקע ווערטער פֿאָרגעקומען.

אָט די דרײַ האָבן הײַנט אַ שווערע באַראַטונג: אין גאַנצן זײַנען צוויי מאָנאַטן אַוועק, פֿון דאַן, ווען זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל געטראָפֿן, און שוין איז דער קרײַז פֿון „מסדה“ אויסגעוואַקסן און אַריבערגעשטיגן אַלע זייערע דערוואַרטונגען. הונדערט חברים שטייען שוין הײַנט גרייט צו טאַט. גרייט צו אַרבעט. הונדערט מאַן, וואָס קענען נישט די דאָזיקע דרײַ. נאָר פֿינף מאַן קענען די חברים פֿון „שטאַב“. אָבער זיי, די דרײַ, קענען די הונדערט. ווייסן ווער עס זיצט אין יעדער פֿינפֿער=גרופּע, ווייסן גענוי ווער עס קומט צו די פֿאַרזאַמלונגען. זיי, די דרײַ, דרוקן צײַטונגען, פֿאַרזאָרגן מיט קאָנספּיראַטיווע לאָקאַלן אויף צוזאַמען=

צוקומען; זיי שלייכן אַמאָל אַריין צו די גרופּן, ריידן פֿאַר זיי, ווי זיי וואָלטן כלומרשט געשיקט געווען פֿון אַ העכערער אָפּטייל, ווען אויך זיי קענען נישט. אַלץ אַנטוויקלט זיך זייער גוט און וואָלט געקענט פֿירן צום נויטיקן ציל — אַוועק אין וואַלד אָדער זיך באַוואָפֿנען אין געטאָ און שטעלן אַ ווידערשטאַנד אין נויטיקן פֿאַל — נאָר די צוויי זאַכן פֿעלן: *נישטאָ קיין געווער און קיין פּאַרטיזאַנער אין די אַרומיקע וועלדער.*

די דריי גיבן זיך איצט אָפּ אַ חשבון, פֿאַרשטייען אין וועלכער שווערער לאַגע זיי זיינען פֿאַרזעצט געוואָרן: די הונדערט פֿאָדערן געווער, רייסן זיך צו טאַט, דער דורך זיי אַליין אָנגעצונדענער קאַמפֿס־גייסט איז זיך איצט „נוקם" אָן זיי. די הונדערט פֿאָדערן פֿון זייערע ניט באַקאַנטע אָרגאַניזאַטאָרן מען זאָל זיי לערנען זיך באַגיין מיט געווער, ווי מען האָט עס זיי צוגעזאָגט, מען זאָל זיי אַרויסשיקן אין וואַלד. די געטאָ יוגנט פֿיבערט. זי וויל זיך נישט צופֿרידן שטעלן מיט לעקציעס, מיט קולטור רעפֿעראַטן. עס העלפֿן נישט די געדאַנקען וועגן גביאיסטיק און סודות׳דיקן מיסטיציזם אין וועלכע שוויגער וויל איינהילן די באַוועגונג. מיר לעבן אין אַ רעאַל ניכטערע תקופֿה. די מיטגלידער, געקומענע פֿון פֿאַרשיידענע באַוועגונגען, לעבן אין גייסט פֿון זייער ניכטערער דערציאונג. (*אפשר שוין צו רעאַל אין אַזאַ ביטערע צייט*). עס איז אויך נישטאָ קיין קיצור שולחן ערוך, ווי אַריינצוקוקן און וויסן, ווי אַזוי צו האַנדלען, אין דעם אָדער אַנדער פֿאַל. *עס איז נישטאָ קיין געשיכטלעכער פֿאַרגלייך צו דער* דאָזיקער יידישער לאַגע, פֿון וועלכער מען זאָל קענען לערנען. „מסדה" פֿון אַמאָל איז נאָר אַ סימבאָל, פֿאַר הקרבה־גרייטקייט, אָבער נישט קיין פֿאַרגלייך. אוודאי איז דאָס געווען דער מיין פֿון שוויגערן, ביים אַ נאָמען־געבן דעם קרייז „מסדה", ער האָט געוואָלט, גע־גלויבט אויפֿצושטעלן אַ באַוועגונג פֿון טויט־גרייטע, פֿון קידוש־השם־גייער. אָבער נישט אַלע זיינען מסכים מיט אים, אפֿילו נישט זיינע צוויי נאָענטסטע חברים. זיי ווילן לעבן, קעמפֿן, און אויב נויטיק — זיינען זיי ערשט דאַן גרייט צו שטאַרבן. נישט קיין זשעסט־

פולן טויט פאַרן געשיכטלעכן לעבן פון פאָלק. נאָר קאַמף לשם לעבן!

די יידישיסטישע לערערקע, פ ר וי ק א ס י ן, איז מסכים מיט שווייגערן, איר פאָרשלאַג: אונטערצינדן דאָס געטאָ, ווער־וווּ עס קען מעג זיך ראַטעווען. קיין פּלאַנמעסיקע רעטונג איז נישט מעגלעך, לויט איר מיינונג. די רעאַליסטן רופן עס וואַנזין, פאַרצווייפלונג, זעלבסטמאָרד.

דערוויילן מערקן זיך שוין דאָ און דאָרטן שפּאַלטונגס־טענ־דענצן. די פון „החלוץ" האָבן אָנגעפאַנגען אַן אייגענע אַרבעט. אַ מיידל, אַ פאַנאַטיקערין פון איר פאַרטיי, וואָס איז די אָנפירערין פון קבוץ „החלוץ" אין געטאָ, האָט אַ טענה, אַז זי וויל נישט אויפלייזן זיך אין אַ נייע באַוועגונג, זי וויל נישט „פאַרראַטן" די „החלוץ"־באַוועגונג זאָגט זי, אַפילו אויפן ראַנד פון טויט. אין דער וועלט אַרבעט זיכער דער „החלוץ" ווי געוועזן... עס איז פאַראַן קלאַסן אונטערשיידן, לויט איר מיינונג, אפילו אין געטאָ, זי קען נישט זיין אין איין באַוועגונג מיט „בורזשויען", אפילו איצט, אפילו אין אָנבליק פון טויט און ביי אָפענע גריבער.

די רעוויזיאָניסטן בונטעווען זיך אויך. זייער קבוץ, שטאַרקע געזונטע, ענערגישע בחורים (פונקט פאַרקערט פון „החלוץ", ווע־מענס גאַנצער קיבוץ באַשטייט נאָר פון פרויען) רייסן זיך צו אַקטי־וויזם. „מסדה" האָט איצט צופלאַקערט אין זיי זייער אייביקן חלום פון געווער און קאַמף. אויב „מסדה" וועט זיי נישט געבן קיין גע־ווער, וועלן זיי האַנדלען אויף אייגענער האַנט, אַזוי סטראַשען זיי. לעצטנס האָבן זיי געקראָגן אַ בריוול פון יוסף גלאַזמאַן, פון ווילנער געטאָ, (מיט־גרינדער פון דער דאָרטיקער פאַראייניקטער פאַרטיזאַ־נער אָרגאַניזאַציע), ער רופט זיי אין וואַלד.

עס איז קלאָר פאַר די דריי, איצט אויפן בית־עולם זיך באַ־ראַטנדיקע, אַז אויב זיי וועלן נישט קענען נאָכקומען די פאָדערונגען פון געווער, וועט די יוגנט אין געטאָ זיך איצט צעשפּליטערן און זיך באַקעמפן, אפשר מער ווי אין נאָרמאַלע צייטן. די איבערשמעל־צונג, פאַרטייען־צעשמעלצונג, וואָס „מסדה" האָט געהאָפט צו

דערצילעז, וועט נישט געלינגען נאָר מיט רעפעראַטן און קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען אַליין. געווער קען אפשר אַלעמען פאַראייניקן.

* * *

היינט, נאָך מער ווי אַ יאָר געטאָ, ווייזן די ליטווינער שוין אַרויס אַ סך האַס צו די דייטשן. זייער אינטעליגענץ, וועלכע זיינען געווען די הויפּט־מערדער און אָנפירער פון די שחיטות איבער יידן, גלויבנדיק דאָן, אַז פאַר דעם וועלן זיי קריגן זייער אומאָפּהענגיקייט, זעען זיך איצט אַנטוישט. אייניקע זוכן אפילו צו פאַרגעסן און ווילן מאַכן־פאַרגעסן די יידן זייערע מערדערייען. אַ טייל פון די געוועזענע „פּאַרטיזאַנער" זיינען שוין אַפילו אַוועק אין וואַלד, אויס מורא פאַר די דייטשן, מען זאָל זיי נישט פאַרשיקן אין אַרבעטס־לאַגערן. אָט די דאָזיקע ליטווינער האָבן אָנגעפאַנגען פירן, ווי בשעת די רוסן־צייט, אַ קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט, פאַר אַן אומאָפּהענגיקע ליטע. פאַר זיי אַליין איז נאָך נישט גענוג קלאָר וואָס זיי ווילן. פון איין זייט פאַרשטייען זיי, אַז זיי זיינען צו טיף פאַרזונקען אין יידיש בלוט, וואָס דאָס פאַרבינדט זיי מיט די דייטשן. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי אויך די רוסן. זיי האָפן, אַז ענגלאַנד און אַמעריקע וועט סוף־סוף אָנפאַנגען אַ קריג קעגן רוסלאַנד, דאָס איז זייער פּאָליטישע קאַלקולאַציע, און צו דעם, אַזוי גלויבן זיי, דאַרף מען לעבן גוט מיט יידן...

פאַרשטענדלעך, אַזוי טראַכטן נאָר זייערע ווייניקע אינטעליגענטן, און אויך זיי זאָגן דאָס נישט הויך. די בריטע מאַסע קוקט אויס נאָך מאָרד און רויב אויף יידישע לעבנס און גוטס, ווי געווען.

עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז מיט די דאָזיקע ווייניקע „אינטעליגענטע" ליטווינער, כאָטש נעכטיקע יידן־מערדער, וואָס זוכן אָבער היינט די יידישע פריינדשאַפט, וואָלט מען זיך געדאַרפט פאַרשטענדיקן.

אויף דער ערשטער געהיימער באַגעגעניש צווישן די מיטגלידער פון עלטסטנראַט און די חברים פון מסדה, (פון עלטסטנראַט: מענדל לייבאָוויטש און אהרון כ"ץ. פון מסדה: אהרון פּראַנק,

יוסף לייבאוויטש און אברהם שווייגער), האָט מענדל לייבאָ־
וויטש דערציילט, אַז אויך פאַר זיי איז געשטאַנען די זעלבע
פראַגע, אויב זיי זאָלן אָננעמען אַ גרעסערע סומע געלט, וואָס די
דאָזיקע ליטווינער האָבן געוואָלט צונויפקלייבן פאַרן געטאָ און —
זיי האָבן עס אָפּגעוואָרפן. „מיר ווילן זיי נישט געבן די מעגלעכקייט
צו גלויבן, אַז זיי האָבן רייניגגעוואַשן זייער בלוטיקן געוויסן, מיר
ווילן נישט נעמען קיין נדבות פון דעם פאַרמעגן,
וואָס זיי האָבן ביי אונדז גערויבט".

אוודאי איז מענדל לייבאָוויטש גערעכט. אָבער קיין סאָוועטי־
שע פאַרטיזאַנער זיינען אין די וועלדער נישט פאַראַן, די דייטשן
זיינען אין שטאַרקסטן אָנגריף אויף אַלע פראָנטן און קיין געווער איז
נישטאָ ווו צו קריגן. „מסדה" וועט זיך צעפאַלן. און אין יענעם טאָג,
ווען די מעגלעכקייט פאַר אַקטיווויטעט וועט קומען, ווען געווער וועט
זיין — און אין אַזאַ טאָג ווער האָט דען נישט געגלויבט? — וועט
נישט זיין די באַוועגונג אין געטאָ, וועלכע זאָל עס קענען באַנוצן.

* * *

די דריי חברים האָבן איצט באַשלאָסן: פאַר יעדער פּרייז,
אונטער דער גרעסטער ריזיקע, קריגן אייניקע רעוואָלווערן, כאָטש
אויף לערנען, פאַר די, וואָס קענען זיך נאָך נישט באַגיין מיט קיין
געווער און, צווייטנס, אָנפאַנגען פּראָדוצירן באָמבעס אין
געטאָ גופא.

ווי אַזוי די חברים יהושע ווערבאַלינסקי, אַ סטודענט פון
קאָוונער אוניווערזיטעט און ז. שאַפּירא האָבן געקראָגן דעם ערשטן פאַ־
ראַסטן נאַגאַן? — דאָס איז ביז היינט געבליבן זייער סוד. דער
ערשטער האָט עס מיטגענומען אין קבר, דער צווייטער האָט דעם
סוד שוין אַוועקגעפירט אין ארץ־ישראל.

לעווין דער שלאָסער, וואָס איז געווען, אין פאָריקן קריג, אַן
אָנפירער פון אַ גרופּע יידישע זעלבסטשוצלער, האָט דעם פאַראָסטן
נאַגאַן צורעכטגעמאַכט אין געטאָ־שלאָסעריי. און אַ שטילע בשורה
איז אַדורך אַלע פינפער־גרופּן, ווען זייער טאָג און שעה וועט זיין
זיך צו באַקענען מיט רעוואָלווער־סיסטעם.

דער נאַגאַן איז געגאַנגען פון גרופּע צו גרופּע, פון האַנט צו האַנט, דערפרייט און דערוואַרעמט, דערמוטיקט און געשטאַרקט, צו גרייטקייט און צו קאַמף קעגן שונא פון פאָלק — א י י ן א י י נ ־ צ י ק ע ר נ אַ ג אַ ן...



ישעיה
ווערבאלינסקי —

דער אַריינברענגער
פון ערשטן רעוואָלווער
אין געטאָ.

באַלד האָט זיך איינגעפונען אַ צווייטער רעוואָלווער, אַ קליי־ניקער, אַ דאַמען רעוואָלווער. פלעגן חברה זיך וויצלען: די פּאָר..., דער „ער" און די „זי". „זי" איז געווען צעבראָכן; נאָר לעווינס געניטע הענט האָבן אויך דעם רעוואָלווער פאַריכט.

יעדן טאָג האָבן חברים געשלעפּט קוילן פון יעדער קאַליבער און פירמע, גע'גנב'עט אויף די אַרבעטס־פּלעצער, ביי די רשעים אַליין. אַ סך מאָל אונטער טויט־סכנה. די מייסטן קוילן האָבן נישט געפּאַסט צו די רעוואָלווערן. נאָר מען האָט זיי געהאַלטן מאַגאַזי־נירט, אפשר וועלן קומען נאָך רעוואָלווערן. און אָט האָט יהודה טוריסקי אַראָפּגענומען אַ רעוואָלווער פון אַ דייטשן אָפיצער, אַ צאָל־באַאַמטן, דירעקט אונטערן אָפיצערס נאָז, ווען יענער האָט אים אויפגעהאָנגען אויפן וואַנט, אונטערן בילד פון „פירער".

שפּעטער האָט מען געקראָגן צו קויפן אַ טייל רעוואָלווערן ביי די דייטשע באַן־אַרבעטער, צאָלנדיק צו 350 מאַרק פאַר איינעם.

## גייסט־שוץ



יהודה טוריסקי — אין קאַצעט בגד. צוויי וואָכן נאָך דער באַפרייאונג. (זע אויך „שמוכלער")

וואָס לענגער מען איז געזעסן אין געטאָ — אַלץ גרעסער איז געוואָרן די דעמאָראַליזאַציע. געלט, ווייב און וויין זיינען געוואָרן פאַר אַ קאַנטיקן טייל געטאָ־איינוווינער די האַלט־פּעדים, וואָס האָבן זיי נאָך געבונדן צום לעבן. אָבער, גלייכצייטיק, האָבן זיך געמערט די עקשנים פאַרן יידיש־גייסטיקן קיום. לערער, קולטור־טוער האָבן אָנגעפאַנגען זאָרגן פאַרן גייסטיקן־שוץ, פון די קינדער און יוגנטלעכע אין געטאָ. די גרעסטע אַרבעט אויף דעם געביט האָט דערפילט „מסדה".

אַלע אָוונט זיינען זיך צונויפגעקומען מערערע פינפער־גרופּן. אויף בוידימער און אין קעלערס, אין די ביוראָען פון עלטסטנ־ראַט און אין די ווערקשטובן, אין די פאַנטאַסטישע לעבער און פאַרבאָרגענישן פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען און ממש לערנען. מען איז אַדורכגעגאַנגען יצחק למדנס פּאָעמע: „מסדה"; טיילן יידי־שע געשיכטע; תנ"ך און פרייע לעקציעס.

איינער, מערסטנטייל אהרן פראנק, פלעגט לייענען אַ שיעור אין די אויבן דערמאָנטע קעגנשטאַנדן פאַר די גרופּן־עלטסטע. און זיי פלעגן עס שפּעטער אַדורכלערנען מיט זייערע גרופּן. (דער זעלבער סדר איז אויך געווען ביים לערנען געווער־סיסטעם). נישט אַלע גרופּן־עלטסטע זיינען געווען צוגעפּאַסט פאַר ביידעס, פאַר די גייס־טיקע און קערפּערלעכע שול־פראַגן. געווען ספּעציאַליסטן פאַר געווער־סיסטעם, וואָס האָבן גייסטיק נישט געקענט לייסטן אין זייערע גרופּן. פלעגט מען אַריינזעצן אין דער גרופּע אַ ספּעציעלן מענטשן פאַר קולטור אַרבעט.

די ציישונג, וואָס „מסדה" האָט אַרויסגעגעבן, (דערשינען 8 נומערן. 8000 בויגן), איז אויך געווען פאַר גייסטיקן און פיזישן זעלבסטשוץ.

שפּעטער איז אויך דערשינען אַ ספּעציעל ציישונגל, (אין פאָרם פון אַ ראָלע, ווי אַ שפּראַגאַלקע), אויסשליסלעך פאַר דער פראַגע פון געווער, אונטערן נאָמען: „השכם!" און געטראָגן דעם מאָטאָ: „הבא להרגך השכם והרגו!"

מיטן אויפקום פון „מסדה" אין געטאָ איז נישט נאָר געשאַפן געוואָרן פאַר אירע מיטגלידער אַליין דער אינטערעס צום אויפהאַלטן אַ קולטור־טעטיקייט, אין איר אייגענער סביבה, נאָר ס'האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען קריסטאַליזירן דער געזעלשאַפטלעכער פּרצוף אין געטאָ. דער עלטסטנראַט האָט אַ געוויסע צייט זיך גערעכנט מיט דער מיינונג פון אָט דעם אָרגאַניזירטן מענטשן־קרייז. עס זיינען אַפילו געווען מאָמענטן ווען „מסדה" האָט דיקטירט דעם עלטסטנ־ראַט, אין פראַגן פון פאָלקס־כבוד:

בשעתן באַפעל פון די דייטשן צום אויפהענגען בצלאל מאָזאָ־וועצקי, האָט „מסדה" זיך קעגנגעשטעלט, פאָדערנדיק פון עלטסטנ־ראַט נישט צו פאָלגן דעם באַפעל. דער פּלאַן פון „מסדה" צו אונטערזעגן די תליה, איז טאַקע דורכגעפאַלן, די יידישע פּאָליציי האָט די אונטערזעגער אַנטדעקט בשעת דער אַרבעט. דאָס איז אָבער געווען די לעצטע וואָרנונג צום עלטסטנראַט, אַז אַזעלכעס וועט די געטאָ־יוגנט מער נישט דערלאָזן.

„מסדה“ האָט געקעמפט און דורכגעזעצט די פאַרבייטונג פון די „אעראדראמשציקעם״, אַז די מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך אויפן פלי־פּלאַץ, זאָלן האָבן איין טאָג אָפּרו, ווערנדיק פאַרביטן דורך די, וועלכע האָבן אַ גאַנצע וואָך געאַרבעט אין שטאָט, אויף לייכטע אַרבעטס־פּלעצער.

„מסדה“ האָט געקעמפט קעגן שוחד, קעגן דער אויסנוצונג פון איין יידן דורכן צווייטן. מענטשן אין אַרבעטס־אַמט, (יידישער אַרבעטס־איינזאַץ), וועלכע האָבן פריער זיך לייכט געלאָזן אויפן וועג פון קארופּציע, האָבן מורא געקראָגן, און אַ סך מאָל אויסגעפילט די פאַרלאַנגען און באַפעלן פון „מסדה״. — בשעתן אָפּקלייב אויף טאָרף־אַרבעט קיין ראדווילישקי (זומער 1942) האָט „מסדה“ אויפגעצוווּנגען אַ דאָקטוירים־קאָמיסיע, וואָס אַ דאַנק דעם זיינען געראַטעוועט געוואָרן אַ טייל קראַנקע און אַלטע, פון אָט דער שווערער אַרבעט.

„מסדה“ האָט געבויט, אונטערשטיצט און אויפגעהאַלטן די שולן. געזאָרגט פאַרן באַפרייען לערער פון אַרבעט, כדי זיי זאָלן זיך קענען אָפּגעבן אין גאַנצן מיט דערציאונג פון יידישן געטאָ־קינד.

די חברים פון „מסדה“, בראש מיט ישראל וויץ, האָבן אָרגאַניזירט אַ ביבליאָטעק, צוזאַמענזאַמלענדיק אין אַ שטאָל הונדערטער ווערטפולע ביכער, וואָס זיינען געלעגן פונאַנדערגעוואָרפן אויף אַלע געטאָ־בוידעמער.

די דאָזיקע אַרבעט — זעלבסטשוץ פון י י ד י ש ן ג י י ס ט, אָ ד ע ר ג י י ס ט י ק ע ר ש ו ץ, איז ווייט נישט געווען די אומוויכטיקסטע אין געטאָ. און „מסדה“ האָט אויף דעם געגעבן זייער פיל אויפגעטאָן.

„ש ט י י ן ־ ז י י ף“ אָ נ ש ט אָ ט ד י נ אַ מ י ט . . .

נאָך אין יענע טעג פון „ער״ — „זי״ און דער דייטשער אָפּיצערן רעוואָלווער, האָט מען באַשלאָסן אַליין צו פאַבריצירן באָמבעס, קיין דערפאַרענע ספּעציאַליסטן פאַר דעם איז אין געטאָ נישט געווען. עס זיינען געווען צוויי אָפיצערן, איינער פון דער פּוילישער און איינער פון דער ליטווישער אַרמיי, חברים פון „מסדה״, וואָס

האָבן אָבער נישט געהאַט די גענוגנדע דערפאַרונג אַליין צו פּראָדוצירן באָמבעס. ש. שלאָסבערג, וועלכער איז געווען אַ צייט אין ארץ־ישראל, און אָנגעהערט דאָרט דער „הגנה״, האָט עפּעס יאָ זיך געקענט אויף דעם, אָבער אויך צו ווייניק, אַז מען זאָל לויט זיינע אָנווייזונגען קענען אַרבעטן.

צוזאַמענגעמענדיק אַלעמענס ידיעות האָט י. ד. שיינזאָן דאָך אָנגעפאַנגען פּלאַנירן די ערשטע באָמבע. מען האָט געקראָגן נעטראַגליצירין. איצט האָט מען געדאַרפט דינאַמיט. דער איינציקער אָרט וווּ ס'איז מעגלעך געווען דאָס צו באַקומען איז געווען אין געווער־פאַבריק לינקייטש, אַכציק קילאָמעטער פון שאוול, וווּ עס האָבן געאַרבעט הונדערט פופציק יידן. דער יידישער לאַגער־פירער פון לינקייטש, וווּ „מסדה״ האָט שוין געהאַט חברים, האָט צוגעזאָגט צו ברענגען דאָס נויטיקע דינאַמיט.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער געבראַכט אַ שטיק גרויע שטיין און פאַרזיכערט אַז דאָס איז עס, וואָס מען דאַרף. וואָכן זיינען אַוועק און ס'איז אַלץ נישט געווען די מעגלעכקייט אויסצופּרובירן. דער חבר ביי וועמען די דינאַמיט איז געלעגן איז געווען אין שרעק, סוף־סוף האָט מען יעדן טאָג געקענט דערוואַרטן רעוויזיעס אין געטאָ, האָט מען עס דערווייל מאַגאַזינירט.

דער מאַגאַזינער איז געווען דער אַלטער פרידמאַן. אַ פּוילישער ייד פון איבער די זעכציקער. זיין גרוי־ווייסע באָרד איז געווען אַן איניקום אין געטאָ. די דייטשן האָבן אים געדאַרפט, דעם פרידמאַנען, ער איז געווען דער בוי־לייטער איבער אַלע ווערקשטובן אין געטאָ, אונטער דער האַנט פון אינזשיניער לייבאָוויטש. פאַר אים האָבן די חברים פון „מסדה״ קיין געהיימנישן נישט געהאַט. נאָר ער פלעגט טראָגן אַלע סודות אין זיך. אַלץ האָט דער דאָזיקער ייד געוווּסט, אַלע גרופּן און גרופּן־עלטסטע געקענט, ער פלעגט זיי אַריינלאָזן אין די ווערקשטובן און פאַרשליסן; צו דער אָפּגעמאַכטער מינוט, מיט געגנוג פאָרזיכטיקייט און מיט זיין שטענדיק זיך אונטערברומענדיקן ניגון פלעגט ער זיי אַרויסלאָזן; אָדער אָפּנעמען די שליסל פון איין גרופּן־עלטסטן און עס איבערגעבן אַ

צווייטן. פאר פרידמאנען זיינען קיין סודות נישט געווען, נישט געקענט זיין, און ער איז שטאלץ געווען, וואס אים איז אנגעטרויט געווארן אזא ארבעט. ער האט זיך געפילט אלס מיט-קאנספיראטאר, פונקט ווי זיין זון איז געווען א מיטשלאכטלער אין דער רויטער-ארמיי.

אט דער דאזיקער פרידמאן האט אויסגעגראבן א טיפע-הייל-גרוב אין האלץ-זעג-שטאל, וואס אויפן בית-עולם און אהין אריינגעלאזן אן אייזערנעם קאסטן. אויבן איז געווען אן ערד-דעק און דער קאסטן איז געווען אינעווייניק מיט שטיץ-שטאנגען, אזוי אז מען איז געגאנגען איבער אים האט זיך נישט געוויגט און נישט באוועגט דער דאזיקער ארט. אין אט דעם קאסטן זיינען פריער געלעגן די קינזאל-מעסערס, וואס „מסדה" האט געלאזן שמידן ווי א פארטיידיקונגס-מיטל, שפעטער זיינען אהין אריינגעלייגט געווארן, אויף איבערן טאג, די רעוואלווערן און אלע מינים קוילן, איצט האט מען אויך צוגעלייגט די דינאמיט.

א פאר חדשים שפעטער איז מען שוין גרייט געווען אויסצופארטיקן, לויט שיינזאנס פלאן, די ערשטע באמבע. נאר דא איז איינגעטראפן דער ביטערער סורפריז: אז לעווין האט א נעם-געטאן די דינאמיט איז אים דאס עפעס פארדעכטיקט געווען. ער האט אפגעקרישלט א שטיקעלע און אונטערגעצונדן — עס האט נישט געברענט. געווען איז עס א מאסע צו פארזיגלען דינאמיט-געפילטע זאכן. איינער האט א זאג געטאן: ס'איז שטיין-זייף, נישט קיין דינאמיט... און אלע האבן זיך פינצטער צעשמייכלט.

דער דאזיקער „שטיין-זייף" האט צושטערט נאך אן אילוזיע. קריגן דינאמיט פון לינקייטש איז שוין אוממעגלעך געווען.

## די ערשטע „מלאכים"

אין די חדשים יוני, יולי 1943 זיינען דערשינען די ערשטע פארארדנונגען פון דער מאכט, ווי אזוי צו דערקענען פאראשוטיסטן און, פארשטענדלעך, אז מען וועט באשטראפט ווערן מיט טויט, אויב מען וועט גלייך וועגן זיי נישט מעלדן אין נאענטסטן פאליציי-

באַצירק. פּויערים האָבן דערציילט, אַז דאָ און דאָרטן האָבן זיך באַוויזן פּאַראַשוטיסטן, עס איז קלאָר געווען, אַז מען מוז געפינען אַ קאָנטאַקט מיט זיי, אָבער ווי אַזוי?

צו דער זעלבער צייט האָט מען געפונען פּראָקלאַמאַציעס אויף די פעלדער אַרום שטאָט. פון די פּראָקלאַמאַציעס האָט מען געהערט אַ סך גוטע בשורות וועגן די פראָנטן, כאָטש די פראָנטן זיינען נאָך ווייט געווען און די דייטשן געגנוג שטאַרק.

אויף אַ ספּעציעלער זיצונג פון „מסדה”, צו וועלכע עס זיינען אויך גערופן געוואָרן מענטשן, וואָס האָבן געקענט העלפן אין דער זאַך, ווי ד"ר פ א ק ט א ר און ש מ ו א ל כ"ץ, איז באַשלאָסן גע־וואָרן אָפּצודרוקן פּראָקלאַמאַציעס אין ליטוויש אונטערשרייבנדיק: „ליטווישע פרייהייטס־באַוועגונג” און אַזוי אַרום דערציילן דערמיט צוויי זאַכן. ערשטנס: די דייטשן אַריינפירן אין אַ טעות און זיי זאָלן אָנפאַנגען אַרעסטירן ליטווינער, דורך דעם וועט במילא זיך נענטערן די ליטווישע סימפּאַטיע פאַר יידן און, צווייטנס: אנשטעקן שאַרפער די ליטווינער צום קאַמף קעגן די דייטשן. די פּראָקלאַמאַ־ציעס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אויף אַ שרייב־מאַשין און צוקלעפּט געוואָרן איבערן שטאָט דורך אַ יידן, וואָס האָט געהאַט די אַרבעט צו קלעפּן אַפישן פון שטאָט־פאַרוואַלטונג. קלעפּנדיק די אָפיציעלע מעלדונגען האָט ער אויך אָנגעקלעפּט די פּראָקלאַמאַציעס.

אַ פּאָר מאָנאַט שפּעטער איז דערשינען אַ געדרוקט צייטונג־ל אַרויסגעגעבן טאַקע פון די ליטווינער אַליין, נאָר וועגן די יידן איז דאָרט געזאָגט געווען, אַז: מ י ר  ו ו י ל ן  פּ ט ו ר  ו ו ע ר ן  פ ו ן  ז י י  פּ ו נ ק ט  ו ו י  פ ו ן  ד י  ד י י ט ש ן, כ אָ ט ש  ד י  מ ע ט א ָ ד ן  פ ו ן  ק אַ מ ף  ק ע ג ן  ז י י  ז י י נ ע ן  צ ו  ש אַ ר פ ע...

זומער 1943, ווען אַ טייל יידן זיינען געווען אין לאַגער באַטשין אויף טאָרף־אַרבעט, האָט יאנקל טאַן, אַ געזונטער ענערגיש דרייסטער בחור, אַ טראַקטאָריסט פון פאַך, וואָס האָט זיך געקליבן צו אַנטלויפן אין וואַלד, זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ געוויסן יידישן אַדוואָקאַט — ג ע ץ  א נ ט א נ א ס, (וויינומער אַפּטייקערס אַ זון). דער דאַ־זיקער געץ האָט געלעבט 30 ק"מ פון באַטשון אין אַ וואַלד־הייל. אָט ער וויל העלפן דאָס געטאָ. ער גלויבט אָבער נישט, אַז יידן וועלן

זיין בכוח צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד אין געטאָ גופא און שלאָגט דערפאַר פאָר, אַז יוגנטלעכע זאָלן קומען צו אים אין וואַלד. ער האָט געגוג געווער און איז פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער האָט אויך געגעבן אַן אַדרעס, ווו אים צו טרעפן אין שטאָט, אונטערן נאָמען אנטאנאס.

יאנקל טאן איז אַוועק, אין שליחות פון „מסדה", זיך באַגעגענען מיט אים אין שטאָט. אויף ענדרע ווענצלאַווסקע גאַס האָט אים אויפגענומען אַ פרוי. אין הויז זיינען געווען נאָך צוויי ליטווינער, וואָס האָבן שוין געוווסט וועגן דעם ענין. געץ-אנטאנאס אַליין איז ניט געווען. נאָך אַ קורצע באַראַטונג האָבן זיי אויסגעדרוקט זייער מורא פאַר יידן, געהייסן אָפּוואַרטן, ווייל זיי האָבן ווייניק געווער, צו קענען באַזאָרגן אויך פאַרן געטאָ. געץ'ן האָט מען מער ניט געקענט טרעפן (אין לעצטן טאָג פון די דייטשן אין שטאָט האָבן זיי אים געכאַפּט מיט אַ רעוואָלווער אין קעשענע און דערשאָסן אויפן מיטן גאַס).

* * *



דבורה סראָלאָוויץ

העלדיש דורכגעפירט אונטער-ערד שליחותן, זיך איבערטאענד אַלס דייטשע קראַנקן-שוועסטער. פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און אומגעקומען אין שטוטהאף.

ווינטער 1943 איז געקומען אין געטאָ די פוילישע טאָכטער און טייערע חלוצה א י ר ע נ א א ד א מ א װ י ט ש.*) אירע=

---

*) אירענא אדאמאוויטש — אַ פּוילין, 38 יאָר אַלט, די איינציקע ווען עס איז געלונגען צו דערגרייכן קאָוונע און שאוול. אַז

גא איז געקומען פאַרקליידט אַלס נאַנע. געקומען איז זי פון וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק. זי האָט דערציילט וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט יידן אין די דאָזיקע שטעט. די חברים פון „החלוץ" האָבן זיך דערפילט זייער תקיף אין „באַהאַלטן" דעם סוד, פון אירענעם קומען, פאַר די חברים פון „מסדה". פון יענעם טאָג איז די צושפּאַלטונג אין געטאָ צווישן דער יוגנט געקומען אין אַ בולטער פאָרם. ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען און ווי אומפאַרשטענדלעך דאָס זאָל ניט זיין איז עס דאָך אַזוי געווען: אין געטאָ, אויפן שוועל פון טויט, האָט מען געפּראַוועט באַזונדערע אַקאַדעמיעס צו כ' תמוז אפילו. און צוויי באַזונדערע געדענק-אָוונטן אין י"א אדר א.א.וו. די געמיינזאַמע אַרבעט איז צעשלאָגן געוואָרן אויך אין פראַגע פון שויץ.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אויך אָנגעפאַנגען אָפּרייסן די קאָמוניסטישע חברים. זיי האָבן דערפילט, אַז זייער צייט קומט... זייערע חברים קומען זיי באַפרייען. במילא דאַרפן זיי שוין היינט באַקעמפן די, וואָס וועלן עווענטועל מאַרגן זיין זייערע קעגנער... אייניקע פון זיי זיינען אַוועק אין וואַלד. די ליטווישע פּאַרטיזאַנער-דעזערטירן, וועלכע זיינען געווען אַנטלאָפן פון ליטווישן באַטאַליאָן, גישט וועלנדיק פאָרן אויפן פראָנט, האָבן צוגענומען צו זיך די עטלעכע יידישע בחורים, כדי, אין נויטיקן פאַל, זיך צו שיצן, ווען די באָלשעוויקעס וועלן קומען. רויטע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַ

---

אויסערגעוויינלעכע פרוי. אַ טאָכטער פון אַ רייכער פרום-קאַטוילי-שער משפּחה. פאַר דער מלחמה האָט זי זיך באַקענט מיט דער חלוצישער יוגנט. אַליין אַרוים אויף הכשרה. אין קיבוץ פון „השומר הצעיר" אין קוסטופּאָל. אין די מלחמה-יאָרן האָט זי אונטער לעבנס-געפאַר געהאָלפן און געראַטעוועט, פאַרבונדן איין געטאָ מיט דער צווייטער און אומעטום געבראַכט דעם אָטעם פון קאַמף און רעוואָלט קעגן דייטש. זי איז אַן ספק געווען איינע פון די ממש געציילטע ליכטיקע און גרויסע נשמות אין אַ וועלט פון פינצטערניש און געפאַלנקייט.

קורצע צייט שפּעטער איינגעפונען אין שאַוולער געגנט, צו זיי זיינען אַוועק חברים פון „מסדה". די רויטע פּאַרטיזאַנער זיינען געווען פּאַראַשוטיסטן, וואָס זיינען אַראָפּגעלאָזן געוואָרן באַוואָפנט מיט מ אַ ש י ן ־ ג ע וו ע ר און געהאַט אַ קאָנטאַקט מיטן פראָנט.

פאַרבינדונג מיט אַנדערע געטאָס:

אַ פאַרבינדונג מיט אַנדערע געטאָס איז, אין דער ערשטער געטאָ־צייט, כמעט ווי גאָרניט געווען. פון צייט־צו־צייט פלעגט מען אויפכאַפּן עפּעס אַ גרוס, פון ווילנע, קאָוונע אָדער ריגע. די גרוסן זיינען געווען אומקלאָרע. מען האָט נאָר געוווּסט אַז אין די דאָזיקע שטעט געפינען זיך געטאָס. וויפל יידן און ווי זיי לעבן איז שווער געווען צו דערגיין.

אַ פּאָר מאָנאַט נאָכן אַריינגיין אין געטאָ האָט מען געהערט אַז אַ טייל מענער, פון די וואָס זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן פון טורמע, זאָלן זיך געפינען אַרום מעמל. דעם עלטסטנראַט איז געלונגען, פאַר אַ גרויסע סומע געלט, צו שיקן אַהין דעם לייטער פאַר יידישע אַרבעט אין דייטשן אַרבעטס־אַמט, שטרענגע. ער האָט טאַקע געפונען יידן אין הײדעקרוג (מעמל געביט), אין אַ לאַגער. קיין שאַוולער זיינען דאָרטן ניט געווען. דאָס איז געווען דער ערשטער דירעקטער גרוס פון יידן.

שפּעטער האָבן אָנגעפאַנגען קומען קיין שאַוול, פון צייט צו־צייט, יידן פון קאָוונע און ריגע. דאָס זיינען געווען ספּעציאַליסטן וועמען די דייטשן האָבן מיטגענומען צום איינקויפן לעדער אין דער פרענקעל פאַבריק.

צווייטמאָל האָט אַזאַ דייטש, וואָס איז געפאָרן מיט זיין אויטאָ הין און צוריק, אויך געטאָן אַ „געפעליקייט": ער האָט מיטגעפירט אַ מאַן צו זיין פרוי אין שאַוול און צוריקגעפירט אַן אַנדער מאַן צו זיין פרוי אין קאָוונע. דאָס צווייטע מאָל דאָס זעלבע מיט פרויען.

די יידישע ספּעציאַליסטן פלעגן מוזן נעכטיקן אין געטאָ. אַזאַ נאַכט פלעגט זיין אַ ליל שימורים אין עלטסטנראַט. דורך אַזעלכע יידן פלעגט מען קריגן און שיקן גרוסן, אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט.

ענדע 1942 איז געלונגען דעם עלטסטנראַט, אויף אַ האַלב

15

אָפּיציעלן וועג, צו שיקן ד״ר א. ירושלמי קיין קאָוונע. ער איז געווען דער ערשטער גרוס־בּרענגער וועגן דער אונטער־ערדישער אַרבּעט דאָרטן. האָט „מסדה" זיך איצט שוין בּאַמיט אָנבּינדן אַ פעסטן קאָנטאַקט מיט דער קאָוונער אָרגאַניזאַציע. עס איז טאַקע בּאַלד געלונגען צו שיקן אַהין יוסף לייבּאָוויטש. (ער האָט אויך געזאָלט דערגרייכן ווילנע, וואָס איז אים אָבּער ניט געלונגען). אין קאָוונע האָט יוסף לייבּאָוויטש זיך בּאַראַטן מיט דער דאָרטיקער אָרגאַניזאַציע, געקראָגן אינפאָרמאַציע וועגן דער פּאַרטיזאַנער טעטיקייט, מיט וועלכע מיטלען זיי שאַפן זיך איין געווער און ווי זיי קריגן זיך אַרויס אין וואַלד. ער האָט אויך מיטגעבּראַכט אַ דערמוטיקונג בּריוו פון דער ציוניסטיש פּאַרטיזאַנישער אונטער־ערד אָרגאַניזאַציע אין געטאָ „א.בּ.צ." (ארגון בּרית ציון). דער בּריוו איז געווען אונטערשריבּן פון שלומה פרענקעל און אברהם מלמד.

אַדאַנק דער האָזיקער פאַרבּינדונג איז קלאָר געוואָרן, אַז דער „א.בּ.צ." אין קאָוונער געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אויף די זעלבּע יסודות און האָט די זעלבּע אידיאָלאָגישע פּלאַטפאָרם ווי „מסדה". ווי „מסדה" פּרעטענדירט אויך „א.בּ.צ." ניט נאָר צו זיין די צום מאָמענטיקע זעלבּסטשוץ בּאַוועגונג, נאָר אויך צו שאַפן דעם קערן פון אַ פאַראייניקטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס זאָל זיין די טיפע דערקענטניש, וואָס דאַרף אויך אַרויסגעטראָגן ווערן צו דער בּאַפרייטער יידישער וועלט, ווי אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון געטאָאדיקן יסורים און טויט. *)

---

*) חברים פון „א.בּ.צ." און „מסדה" האָבּן שפּעטער זיך צוזאַמענגעטראָפן אין גורל־וועג דורך די קאַצעט־לאַגערן אַרום דאַכאַו. האָבּן זיי טאַקע דאָ געפירט אַ געמיינזאַמע אַרבּעט. אין טויטן־לאַגער 2, קויפערינג, איז אפילו אונטערגעשריבּן געוואָרן אַ פאַראיינהייטלעכונגס אָפּמאַך אויף אַ געמיינזאַמער אַרבּעט נאָך דער בּאַפרייאונג, פון די חברים פון „א.בּ.צ." און „מסדה". דאָ האָט מען, אין מינוטן פון אייגענער גסיסה, אַרויסגעגעבּן אַ מיטן האַנט געשריבּענע צייטונג „ניצוץ". (וואָס האָט אָנגעפאַנגען צו דערשיינען אומלעגאַל אין ווילנע, אין יאָר 1940 און איז שפּעטער דערשינען אין קאָוונער געטאָ, ווי אַ צייטשריפט פון „א.בּ.צ.").

איינע פון די קאָנקרעטע פאָרשלאַגן, וואָס יוסף לייבאָוויטש האָט געבראַכט פון קאָוונער געטאָ, איז אויך געווען צו בויען אין געטאָ מאַלינעס (הײלן, באַהעלטעניש) און ווי זיי צום בויען. דאָ האָט דאָס אָבער ניט געקענט געפינען קיין אָנווענדונג. דאָס געטאָ איז באַשטאַנען פון קליינע האָלץ־הייזלעך און דער גאַנצער געטאָ־באָדן איז אויך נאַס געווען. עס זיינען געמאַכט געוואָרן אייניגע פּרוּוון און מען האָט זיך גלייך אָנגעטראָפן אויף וואַסער. אין די לעצטע חדשים פון געטאָ האָט מען פּרובירט בויען אַ מאַלינע האַרט ביים דראָט, אין אַ קוזנע אויף עזערו גאַס, וואָס איז געלעגן אויף אַ באַרג. האָבן אָבער די דייטשן באַלד, צופעליק, אַרויסגעצווימט די קוזנע פון געטאָ־שטח. אַזוי אַז קיין מאַלינעס זיינען אין געטאָ ניט געווען.

דער קאָנטאַקט מיט קאָוונער געטאָ האָט געגעבן אַ שטאַרקן אָנטרייב, סיי פאַרן זעלבסטשוץ, סיי די ציוניסטישע און קולטורע־לע אַרבעט אין געטאָ.*)

דורך קאָוונע האָט מען אויך שוין געהאַט ידיעות וועגן דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. און דאָס האָט געלאָזט די חברים פון „מסדה“ זיך דערפילן ווי אַ טייל פון אַ גרויסע, כאָטש צווישן זיך ניט פאַרבונדענע, גע־אייניקטע יידישע אונטערגרונט־באַוועגונג.

יידישע אחריות

דאָס געטאָ איז איצט באַוואַכט געווען דורך ס"ס. פון רומעני־שע פאָלקס־דייטשן. אָט די מערדער האָבן באַגלייט אַ גרופּע יידן אין וואַלד, צו שניידן האָלץ פאַרן געטאָ.

די יידן זיינען געשטאַנען ביי זייער אַרבעט און דריי באַוואַכער אַרום זיי. פּלוצלונג האָט מען אָנגעהויבן אַ שיסעריי. צוויי פון די מערדער זיינען גלייך געפאַלן. דער דריטער איז אַנטלאָפן. דער

*) נאָך דער באַפרייאונג זיינען עס די חברים פון „א.ב.צ.“ און „מסדה“ געווען די וואָס האָבן ממשיך געווען די אידיי — אַ פאַר־אייניקטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — דורך דער שאַפונג פון „אחידה“ אין דייטשלאַנד.

15*

ייד לוריע איז אויך געפאַלן טויט. די פּאַרטיזאַנער זיינען צוגעקומען צו די שטיין־געבליבענע יידן, אויסגעטאָן די אוניפאָרמעס פון די דערשאָסענע מערדער, אַרויסגענומען זייערע פּאַפּירן און גערופן די יידן מיט זיך. נאָר די יידן האָבן זיך איבערגעלייגט, געפילט די גע־פאַו׳, וואָס קען דראָען פאַרן געטאָ, אויב זיי וועלן אַנטלויפן; די דייטשן וועלן קענען לייכט באַשולדיקן, אַז די יידן האָבן דערמאָרדעט זייערע פּאָסטנס אָדער, אַז דאָס איז געווען אַן אָפּגעמאַכטע זאַך און דאָס געטאָ שטייט אין פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער. די יידן זיינען דערפאַר אַליין צוריקגעקומען אין געטאָ. דער געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט האָט זיי געלויבט פאַר זייער טאַט. אַ פּאָר וואָכן שפּע־טער זיינען אַ טייל פון אָט דער וואַלד־קאָלאָנע אַוועק צוריק צו די זעלבע פּאַרטיזאַנער״.




אַ גרופּע „מ ס ד ה“ ־ חברים.
1 — אהרון פראַנק; 2 — ישראל וויץ; 3 — י. גאלפּערין;
4 — אבא שמילג; 5 — שולמית גאַרדאָן; 6 — הירשל בלאך.

## לעצטע טעג

בשעת דער קאזערנירונג זיינען אַוועק חברים פון „מסדה" אין ציגל-פאַבריק דויגעל, ווו עס איז געווען איינער פון די קאזערניר-פונקטן. אין דער גרופּע זיינען, צווישן אַנדערע, געווען: הירשל ראז, בעקע שילאנסקי, לייבל ברעט, הירשל בלאך און אסתר דירעקטעראוויץ. די דאָזיקע גרופּע איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנער.

ווען עס איז געקומען דער באַפעל צו עוואַקואַציע, האָבן געזאָלט, לויט אַ פריערן אָפּמאַך, קומען אַלע פּאַרטיזאַנער פון נאָענטן וואַלד, כדי צו דערשיסן די פּאָסטנס און באַפרייען אַלע יידן פון לאַגער. אַלץ איז געווען צוגעגרייט. נאָר אַ קללה האָט געהערשט אין יעדער אונטערגענומענער אַרבעט. די ליטווישע פּאַרטיזאַנער זיינען געקומען צוויי שעה צו שפּעט (איז דאָס געווען מיט אַ כיוון, אָדער האָבן זיי נישט געקענט קומען צו דער צייט?) די חברים האָבן זיך דערוויילע דענערווירט און געוואָרן אויפגעבראַכט פאַר די אַנדערע יידן, ווייל אַלע האָבן זיך געפונען נאָר אין איין איינציקן בלאָק, איז יעדער ריר און קער געווען מערקבאַר. מיט אַ קורצע צייט צוריק האָט מען געהאַט דערשאָסן אַ ייד פון צווישן זיי, ווען אַ פּאָסטן האָט אים געזען זיך דערנענטערנדיק צום דראָט, אין פאַרדאַכט אַז ער וויל אַנטלויפן. האָבן די יידן דערפאַר איצט זיך אָנגעפאַנגען בונטעווען, קעגן די, וועלכע זיי האָבן געפילט אַז זיי ווילן איצט „אַנטלויפן", אין מורא, אַז מען וועט אַלעמען דערפאַר אויסשיסן. וואָלטן די פּאַרטיזאַנער געקומען אין די אָפּגעוואַרטע פרימאָרגן שעה'ן, ווען אויפן פאַבריק זיינען נאָך נישט געווען די קריסטלעכע אַרבעטער, אין אַרום דראָט איז נאָר געשטאַנען אַ קליינע באַוואַכונג, וואָלט דאָס אומברענגען פון די פּאָסטנס און אַנטלויפן, פון גרעסטן טייל לאַגער-איינוווינער, זיך אפשר גוט איינגעגעבן. איצט איז געווען אַלץ פאַרלאָרן און די שטימונג פון רוב לאַגער-יידן קעגן אַנטלויפן. אייניקע חברים האָבן זיך דאָך אַרויסגעקראָגן און אַוועק באַוואָפנטע אין וואַלד.

ר אז, בלאך, ברעט א. א. זיינען די ערשטע אריין אין שאוול, ווען די סאָוועטן האָבן געהאַלטן אין פאַרנעמען די שטאָט.

הירשל ראז איז אַוועק ווייטער מיט דער סאָוועטישער אַרמיי און העלדיש געפאַלן ביים אנשטורעם אויף בערלין.

ענלער איז געווען דער גורל פון די חברים, וועלכע האָבן זיך בשעתו געלאָזט קאַזערנירן אין ה. ב. א. כדי דאָרטן צו פירן די אַרבעט:

אין טאָג ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן די אויפלייזונג פון לאַגער, און אַז מען וועט דאַרפן גיין אין געטאָ, כדי פון דאָרטן פאָרן אין דייטשלאַנד, האָבן די חברים באַשלאָסן דורכצופירן דעם דראָט מיט כוח; מיט די ווייניקע גראַנאַטן אָפּיאָגן די פּאָסטנס און ראַטעווען אַזוי פיל יידן וויפל ס'וועלן זיך קענען דערשלאָגן, אין בהלה, צו די נאָענטע וועלדער. דער יידישער לאַגער פירער ע ר י ך ג י ד א נ ס ק י האָט אָבער אָרגאַניזירט די יידישע פּאָליציי און, כדי פאַרלויפן דעם וועג, גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון יונגע יידן, געמאַכט פאַר זיי דעם אנשטעל, אַז ער אַליין זוכט אַ וועג פון רעטונג. עריך גידאנסקי, אַ דייטשער ייד וועמען דער פאַררעטער פ א ר י ז ע ר האָט געשיקט אַלס זיין פאַרטרויאונגס־מאַן אין לאַגער, האָט אַוועקגעשטעלט



ע ר י ך ג י ד א נ ס ק י —
פאַריזשערס פאַרטרויאונגס־מאַן
אין קאַזערנירונגס־לאַגער
א. ב. א.

שומרים ביי די וועמען ער האָט חושד געווען אין אָנגעהעריקייט צו „מסדה“. ביי אברהם שווייגער, יצחק לעשצינסקי און חיה בערם

מיר איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ שומר, וועלכער האָט קאָנטראָלירט זייער יעדע באַוועגונג. עריך גידאַנסקי האָט אויך אָרגאַניזירט די גרעסטע צאָל יונגט אַלס געהילפֿס־פּאָליציי. און כאָטש יעדער פֿון די דאָזיקע געהילפֿס־פּאָליציי האָט אַליין געזוכט צו אַנטלויפֿן האָבן זיי דאָך איינגעהיט די, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געוואָלט אָרגאַניזירן די מאַסן־אַנטלויפֿונג.

פֿאַרנאַכט האָט אַ ליטווינער זיך דערשאַרט צום דראָט און איבערגעגעבן פֿאַר אברהם שווייגערן, אַז אַנטאַנאַס (געץ) וואַרט אויף אים און יידן זאָלן זען אַנטלויפֿן אין באַטשונער וואַלד. (די געציילטע, ממש פֿיר, פֿינף קאָמוניסטישע ליטווינער־אַרבעטער האָבן, ווייזט אויס, איצט, אין געררויס פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי־דערנענטערונג און זעענדיק שוין אָפֿן די סכנה, פֿון דערמאָרדן דעם לעצטן רעשטל־יידן — האָבן זיי שוין געוואָלט העלפֿן, אַליין שוין ריזיקירן און ראַטעווען).

די חברים פֿון „מסרה" האָבן דאַן באַשלאָסן: באַגינען בשעתן אַפּעל, דערמאָרדן דעם דייטשן לאַגער־פֿירער און אָנפֿאַנגען לויפֿן אין אַלע זייטן פֿון שטאָט. לעשצינסקי איז געווען גרייט דורכצופֿירן דעם אַטענטאַט. אָבער אויך דאָ האָט געהערשט די גורל־פֿאַרשווערונג אויף יעדער טריט: אָנשטאָט צו מאַכן דעם אַפּעל באַגינען, ווי שטענדיק, איז ער היינט, צוליב דער אַלגעמיינער אומרו, וואָס האָט שוין געהערשט אויפֿן פֿאַבריק צווישן די דייטשן, געמאַכט געוואָרן אַ סך שפּעטער. האָט שוין קיין זין נישט געהאַט זיך צו לאָזן לויפֿן איבער די גאַסן אין מיטן טאָג ווען יעדער ליטווינער וועט ווערן דיין כאַפּער. עס איז דערפֿאַר גלייך געפֿונען געוואָרן אַן אַנדער אויסוועג: פֿיר חברים האָבן זיך געלאָזט אַרויסקריגן פֿון פֿאַבריק מיט אַן אויטאָ פֿון אַ באַקאַנטן דייטשן שאָפֿער, און אַזוי ווי מען האָט זיך דערוווּסט באַגינען, אַז דער טראַנספּאָרט וועט גיין צופֿוס, האָבן די פֿיר, לעשצינסקי, רייז, שווייגער און בער זיך געזאָלט פֿאַרבינדן מיט די וואַלד־גרופּן, אונטערוועגנס אָפּשלאָגן די פּאָסטנס און באַפֿרייען דעם טראַנספּאָרט. די פֿיר זיינען איינגעשטיגן אין גרויסן לאַסט־אויטאָ און זיך אַראָפּגעלאָזן צום באָדן, כדי

אומבאַמערקט אַרויסצופֿאָרן פֿון לאַגער־הויף. צוזאַמען מיט די פֿיר איז אויך געווען אין אויטאָ דער היסטאָריקער אליעזר ירושלמי. נאָר פֿון די אויבערשטע פֿאַבריק־פֿענצטער האָבן פּרויען עס באַמערקט און געמסרט די פּאָליציי. (אפשר נישט פֿון בייזן־ווילן נאָר פֿון שרעק פֿאַר זיך). ווען דער אויטאָ האָט שוין זיך גערירט פֿון אָרט, איז די יידישע פּאָליציי אונטערגעשפּרונגען צום אויטאָ. וואָלטן זיי זיך געשטעלט אנטקעגן, וואָלטן זיי תיכּף אַרעסטירט



נחמן כּץ

1 — גייענדיק פֿון דער אַרבעט; 2 — בשעת דער אַרבעט, אין ראַדיאָ־לאַבאָראַטאָריע ביים געביטס־קאָמיסאַר; 3 — ביים אַנטלויפֿן פֿון געטאָ

געוואָרן דורך די דייטשן. די חברים, וואָס האָבן אויך געהאַט געווער מיט זיך, זײַנען שנעל אַראָפּ פון אויטאָ און פאַרשוווּנדן אין פאַבריק. לעשצינסקי איז אָבער געבליבן ליגן אין אויטאָ. און שפּעטער אַזוי אַרויסגעפאָרן פון לאַגער.

פאַר אַ מאַסן־אַנטלויפונג האָט שוין איצט נישט געקענט זײַן קיין מעגלעכקייט. אין דעם מאָמענט האָבן מאָטל ברויד און יחזקאל קאַרפּול זיך דורכגעריסן דעם דראָט און אָנגעפאַנגען לויפן. די ליטווינער האָבן זיי געכאַפּט און אָפּגעגעבן די זיך נאָכיאָגנדע פּאָסטנס. אין דער זעלבער צײַט איז, פון אַ צווייטער זײַט, אַנטלאָפן איינער ראַטשטיין, (וועמען ס'איז געלונגען זיך דורכצורײַסן און אַוועק אין וואַלד). אַלע יידן זײַנען תיכף אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער אַרבעט. אַרום לאַגער זײַנען אַרומגעשטעלט געוואָרן קוילן־וואַרפער, מיט אַ וואַך אויף אַלע צען מעטער. הייקע בער און מאָטעק ראָזענקנאָפּ, וועלכע זײַנען שוין געווען פריער אין וואַלד, האָבן באַשלאָסן זיך אַדורכרײַסן. בײַם באַראַק־טיר איז געשטאַנען אַ יידישער פּאָליציסט. זײַנען זיי אַדורך די צוגעגרייטע אונטער־באַראַק־עפענונג. נישט ווײַט פון דראָט זײַנען זיי אַרויס און זיך געוואָרפן אונטער די דראָטן. בליץ־שנעל האָבן זיי דורכגעצויגן זייערע דינע גופים און אָנגעפאַנגען לויפן. אַ קוילן־האָגל פון מאַשינען־געווער האָט זיי נאָכגעיאָגט. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד, געהויבן און געלאָפן ווײַטער. דער גאַנצער לאַגער איז געשטאַנען, צוגעקוקט, ווי איבער די צוויי גופים האָט גערעגנט מיט קוילן, און פּראָטעסטירט בקולי קולות קעגן די, וואָס שטעלן דאָס לעבן פון אַלעמען אין סכנה...

ביידע זײַנען אַ האַלבע שעה שפּעטער געבראַכט געוואָרן אין לאַגער.

אַלע וועגן צו רעטונג זײַנען פאַרשטעלט געווען, ווי דער גורל וואָלט פאַרשוואָרן די מענטשן צום טויט. פון אינעווייניק פּחדנים און פּאַראַט (טאָקע ניט מער ווי פון איינצלנע, אָבער פון די מאַכט־האָבער) און פון אויסווייניק אָן די קלענסטע הילף, אַפילו פון די ווייניקע, וואָס מען האָט הילף פון זיי דערוואַרט.

אויף דער לעצטער באַראַטונג פון חברים־אַקטיוו איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די וועלכע האָבן נישט געקענט אָדער ניט געוואָלט זיך ראַטעווען אַליין, אָן אַ קאָנטיקן צאָל געטאָ־איינוווינער, זאָלן איצט מיטגיין מיט די גולים. די געטאָ־יוגנט זאָל ניט איבערלאָזן די אַלטע און שוואַכע אַליין. ניט אויסנוצן די נאָך־פאַראַנענע מעגלעכקייט פון איינצלנער רעטונג. די חברים פון „מסדה" זאָלן מיטגיין אויפן שווער־יסורימדיקן דערנער־וועג און העלפן דאָס געטאָ־פאָלק ביזן לעצטן טויט־אָטעם.

* * *

קליין איז געווען דער צאָל יידן אין געטאָ־שאוול — פיר טויזנט אַכט הונדערט איינגאַנצן — און אָט דער קליינער צאָל האָט זיך געהאַלטן אין כסדרדיקן צעקרישלען. נאָר אויך דא, ווי אומעטום, זיינען טיף געווען די האס־וואָרצלען צום פיינט. און עס איז געגערט געוואָרן דער ווילן, פון אַ קליינעם שבט, צו נקמה און רעכענשאַפט. קליין איז געווען דער צאָל פון די בונטאַרן, אָבער פאַרעקשנט זייער ווילן צום פרייהייטס־קאַמף.

* * *

די געפאַלענע אין אָפענעם שלאַכט און די מאַרטירער, אומגעקומענע אין אַלע דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט איבערלאָזן, אין גורלדיקן וואַנדער־וועג, צו קנעכטשאַפט און טויט, די אַלטע און שוואַכע אַליין — זיי אַלעמען געהערט דער שטאָלץ פון מסדיער, דער כבוד פון פאַרצווייפלטע בונטאַרן.

זאָל זייער הייליקער אָנדענק שטענדיק בלייבן אין די הערצער פון זייערע לעבן־געבליבענע חברים און פארן גאַנצן פאָלק, ווען ער דערמאָנט זיינע אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן, אין די יאָרן פון דער גרויליקסטער יידן־פאַרניכטונג.

# גאלד־גרעבער

א.

איצט איז שוין פאַר אברהמען קלאָר געווען: מען מוז אַוועק פון געטאָ. ווייטער בלייבן דאָ הייסט זעלבסטמאָרד.

דער גאַנצער פּלאַן האָט זיך נאָך שווער געפורעמט אין זיין קאָפּ. אָבער, איינס איז שוין קלאָר: ער מוז האָבן געלט, גאָלד, ערשט דאַן קען מען מאַכן די ערשטע טריט, כדי צו רעאַליזירן דעם אויפגעטויכטן פּלאַן.

ער האָט דורכגעוואָרפן אין מחשבה אַלע זאַכן, וואָס קומען נאָך אין באַטראַכט פאַרקויפט צו ווערן. די איינציקע בעסערע קליידער־שטיקער, וואָס הענגען אין אַלמער, די באַגראָבענע אין שטאַל, לעבן שטוב, און די פאַררוקטע אין פאַרשיידענע ווינקעלעך — אַלץ, אַלץ איינקאַלקולירט איז דער חשבון זייער אַ טרויעריקער. דער גרעסטער טייל ווערטפולע זאַכן איז שוין לאַנג פאַרקויפט. די איבערגעלאָזענע זאַכן ביי די קריסטן אין שטאָט קען ניט קומען אין באַטראַכט איצט אָפּצונעמען. פאַרקערט, די דאָזיקע קריסטן, וועלכע האָבן זיינע זאַכן, מוז מען נאָך געבן געלט, כדי מען זאָל קענען דעם פּלאַן פאַרווירקלעכן: באַהאַלטן ביי זיי זיינע משפחה־מיטגלידער, כדי געבן זיך אַליין פרייע הענט אַוועקצוגיין אין וואַלד, זיך פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער.

שטאַרק פאַרקלערט איז אברהם שווייגער איצט אַרומגעגאַנגען גאַנצע אָוונטן איבערן הויף פון טאָרף־לאַגער. אַ מידער, אַ צעבראָכענער און דערשעפּטער איז ער געווען פון דער קאַטאָרזשנער אַרבעט ביים „כאַפּן" די טאָרף־בריקעלעך פון טראַנספּאָרט. נאָר איין געדאַנק האָט אים איצט געמאַטערט: ווו נעמט מען געלט, אַ סך געלט.

דעם פּלאַן מוז מען גוט דורכטראַכטן אין אַלע זיינע דעטאַלן. אַ קליינע אומפאָרזיכטיקייט קען אַלץ צעשלאָגן אין אָנהויב, אָבער דער פּלאַן מוז דורכגעפירט ווערן, קיין אַנדער עצה איז ניטאָ. אויב דאָס זאָל ניט געלינגען בלייבט נאָר זיך אונטערגעבן דעם גורל, גיין

בלינד אַנטקעגן די קומענדיקע טעג. עס האָט אויך מער ניט קיין זין דאָס אויפהאַלטן מיט צוזאָגענישן אויף געווער די חברים פון „מסדה“, אָן דעם דאָזיקן געוואַגטן פּלאַן וועט מען קיין געווער ניט קריגן.

איבערן לאַגער־הויף איז שטיל געווען. די וועכטער אַרום דראָט זיינען שוין לאַנג אַוועק שלאָפן. זיי זיינען זיכער מיט זייערע ייִדן. ווו וועלן זיי דען לויפן, אַז יעדער אַרומיקער קריסט איז זייער שפּיאָן און וועכטער?!

פון צייט צו צייט האָט זיך איבערן הויף דורכגעשלייכט אַ געשטאַלט. דאָס האָבן מענער, אָדער פאַרליבטע, אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר גנבה'דיקע צערטל־שעה'ן אין פרויען־באַראַק, און גייען איצט צוריק אין מענער־באַראַק.

די טיר פון מענער־באַראַק האָט אַלע ווײַלע אַ סקריפּ געטון אויף די הייזעריקע זאַוויאַסעס. אַ נאַקעטער פאַרשוין האָט געטאָפּעשעט מיט די באָרוועסע פיס גלייך אין בלאָטע אַריין. צוהאַלטנדיק מיט איין האַנט די תחתונים, האָבן די פאַרשלאָפענע אויגן געזוכט דעם וועג צום בית־הכסא, פאַר דעם קוים זיך באַהערשנדיקן דיזענטעריע־מאָגן. די ביטערע קאַווע און דאָס ניט פאַרטיקע ברויט האָבן לעצטנס אָפּגעשלאָפט אַלעמענס געדערים.

אַברהם האָט זיך אַריינגעשלייכט אין באַראַק און אָנגעהויבן ציילן די סטולפּיקעס צווישן די נאַרעס. אויף דער לינקער זייט, ביים פינפטן סלופּע, איז געווען זיין נאַרע, אויפן צווייטן שטאָק. אַנטקעגן איז אים אָנגעקומען ישראל, דער שמאָלער דורכגאַנג האָט זיי ביידן צוזאַמענגעפירט און אין דער פינצטער האָבן זיי זיך דערקענט.

— עס איז גלייך אַ מאַנעוורע, האָט ישראל אַריינגעשעפּטשעט אַברהמ'ען אין אויער. זיי האָבן זיך שטיל דורכגעשושקעט. ישראל איז דאָס איצט געגאַנגען פון אויפוועקן די דריי גרופּן־עלטסטע.

פון אַלע באַראַק־ווינקלען האָבן זיך אָנגעהויבן שלייכן סילועטן, און שטיל פאַרלאָזן דעם רוים. פון דער ייִדישער פּאָליציי־בודקע, וואָס אַהינטערן באַראַק־וואַנט, האָט דורך די שפּאַרונעס דורכגעשלאָגן ליכט. דאָס האָט חיים כאַרטשאַק, דער פּאָליציסט, אָבער אויך גרופּן־עלטסטער פון „מסדה“, זיך אָנגעטאָן. ווען אַלץ איז ווידער שטיל געוואָרן, האָט זיך ישראל אַוועקגעשלייכט דורכן באַראַק.

די מאַנעוורע איז געמאַכט געוואָרן אַלס פּרוּוו, צו זען וויפל ס'דאַרף געדויערן אַלע זאָלן זיך באַוויזן אָנצוטון און זיך געפינען אויף זייערע פּאָזיציעס, אין פאַל פון אַווירקלעכן אָנגריף אויפן לאַגער.

אברהם האָט ליגנדיק אויף דער האַרטער נאַרע, טראָץ זיין מידקייט, נאָך ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. די נאַכט האָט זיך געצויגן פויל און די מחשבות האָבן ניט אָפּגעלאָזן. אַ ווילד נאַריש שפּיל זיינען עס אָט די גאַנצע מאַנעווורעס — האָט דער געדאַנק אים געפּייניקט — „וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס אַלץ, אַז מיר האָבן ניט קיין געווער"...

חיים כאַרטשאַקס לעמפּל האָט געשניטן די פינצטערניש אין באַראַק. זיין קול האָט שטיל געוועקט יעדן איינעם, וואָס איז געווען אויף זיין צעטל: „שטיי אויף, דיין בריגאַדע גייט גלייך אַרויס צו דער אַרבעט."

ווען חיים איז דערגאַנגען צו אַברהמ'ס נאַרע, האָט ער געטאַפּט די דעקע און ניט געקענט געפינען די פיס. אין אַ זייט פון דעקע האָט ער אָנגעטאַפּט אַ האַרטן שטיוול. אברהם איז געלעגן אויף, געוואַרט ביז דער עולם וועט זיך אָנטאָן, כדי אַרויסצוגיין מיט די חברים צו דער אַרבעט. איצט האָט ער גענומען כאַרטשאַקן ביי דער האַנט און צו אים אַ זאָג געטאָן: „קענט איר מיר היינט נאָך דער אַרבעט באַפרייען, צו גיין אין געטאָ?"

כאַרטשאַק האָט אַ ווײַלע געטראַכט, פאַרשטאַנען, אַז ער איז אוודאי אויך אַ מיטגליד פון „מסדה", אוודאי היינט געווען אויף דער מאַנעוורע, אַז ער ליגט אָנגעטאָן.

— גוט, איך אַליין וועל אייך באַגלייטן אין שטאָט.

די זון האָט זיך שוין טיף געזעגנט, ווען חיים האָט אַריינבאַגלייט אַברהמ'ען דורכן געטאָ־טויער.

ב.

אַברהמ'ס פלוצלונגער אַהיימקומען האָט צווישן דער משפּחה אַרויסגערופן פרייד. די מוטער האָט אים צוגעטראָגן אַ שיסל וואַרעמע וואַסער. אַז אברהם האָט זיך געוואַשן און איבערגעטון, איז ער אַרויס אויפן גאַניק, ווו אַלע זיינען געזעסן און גערוט נאָכן שווערן

אַרבעטס־טאָג, פון די פאַרשיידענע שקלאַפן־אַרבעטן ביי די דייטשן.

אברהם האָט באַטראַכט יאָסעלען, עפּעס איז ער אויסגעוואַקסן פאַר די פּאָר וואָכן, געוואָרן געזונטער, פּולבּלוטיק, מיט ברייטע פּלייצעס און געזונטע הענט. די בלאָנדע האָר זיינען אים געפאַלן איבערן שטערן, ביז די בלויע אויגן צו און אים געמאַכט אויסזען עלטער. אברהם האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ער האָט עס ניט באַמערקט די גאַנצע צוויי יאָר, וואָס יאָסעלע איז ביי זיי אין שטוב. אים שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ קינד. איצט האָט אים אויפגעטויכט אַ געדאַנק, אַז דאָס איז דער ריכטיקער וועמען ער דאַרף. אַברהם האָט אים מיט אַ ווונק אַוועקגענומען אָן אַ זייט. זיי האָבן זיך געלאָזט באַרג־אַרונטער, צום מיטן פון געטאָ. אברהם האָט אים געלאָזט גיין פון זייט, אים נאָך אַלץ באַטראַכט, און זיך געשלאָגן מיטן געדאַנק: טאָמער כאַפּט מען אונדז, הייסט עס, אַז איך האָב אומגעבראַכט אַן אומשולדיק לעבן. אָפּזאָגן זיך פון מיטגיין, וועט ער ניט, ווייל עסט דאָך ביי אונדז, און איך האָב אים אַריינגענומען אין שטוב, ווי ער פילט זיך ווי אַ ברודער. אָבער, פון דער צווייטער זייט, האָט אַברהם געקלערט: — אויך זיין לעבן שטייט דאָך אין סכנה, און אויב מיר וועלן האָבן דאָס גליק, וועט אויך ער זיך דאָך קענען ראַטעווען. איך קען אים אַפילו מיטנעמען גלייך אין וואַלד. — — —

— הער זיך איין יאָסל — צום ערשטן מאָל האָט זיך אַברהם איצט געווענדעט צו אים מיטן נאָמען יאָסל, און ניט, ווי שטענדיק, יאָסעלע: — איך וויל דיר עפּעס פאַרטרויען, און איך דאַרף האָבן דיין הילף. מעגסט מיר אָבער אויך אָפּזאָגן. איך וועל אויף דיר ניט זיין בייז. מיר בלייבן די זעלבע גוטע פריינט. און אַברהם האָט אים דערקלערט דעם פּלאַן.

ביים געטאָ־טויער, לעבן רבקה׳ס הויז, ווו אַברהם האָט זיך געקליבן אַריינצוגיין, זיינען זיי שטיין געבליבן. עמעצער האָט רבקה׳ן, ווייזט אויס, אָנגעזאָגט, אַז אברהם איז דאָ, און זי איז אַרויס אים אַנטקעגן. זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט ליבע, נאָר פאַר דער גאַס זיינען זיי געבליבן רואיק, זיך ניט געקושט, נאָר וואַרעם זיך געדריקט די הענט, און אַברהם האָט אַ גלעט געטון אירע ווייכע האָר, ווי מען טוט עס געוויינטלעך אַ קינד.

מיט זיינע 18 יאָר איז יאָסל איצט געשטאַנען, ווי אַ מענטש, וואָס האָט מיט איינמאָל דערשפּירט זיין ווערט. ער האָט אויס־געשטרעקט אברהמ׳ען די האַנט מיט איין וואָרט: יאָ!

— איבערלייג זיך גוט, האָסט אַ גאַנצע נאַכט זיך צו באַטראַכטן. אפשר האָסטו וואָס צוצוגעבן, אָדער אויסצובעסערן אין פּלאַן.

— גוט. איך וועל אייך מאָרגן אויפוועקן האַלב זעקס.

יאָסל איז אַוועק. אברהם האָט אים נאָכגעקוקט. זיין טראָט איז געווען מענעריש־פעסט און קאַלט־זיכער.

רבקה האָט אַברהמ׳ען אָנגענומען פאַרן האַנט און זיי זיינען אַריין אין קליינעם גערטנדל, וואָס נעבן הויז, זיך געזעצט אויפן באַנק, ווו זיי האָבן אַזויפיל גליקלעכע אָוונטן פאַרבראַכט. זי האָט געקוקט מיט פאַרליבטע אויגן אים אין די אויגן אַריין.

די נאַכט האָט זיי איינגעהילט און זיי איינגעפלאָכטן אין אירע אָרעמס.

ג

זעקס אַזייגער איז די ערשטע בריגאַדע אַרויס דורכן טויער. אַברהם האָט געדריקט אין קעשענע אַ שווערן האַמער און מעשה אַרבעטער האָט יאָסעלע געטראָגן איבערן שולטער אַ לאָפּעטע, אויף וועלכער די אויפגייענדיקע זון האָט געשפּילט מיט גאָלד־פאַרב אויפן בלאַנקן שטאָל.

אַברהם האָט זיך אַ ביסל אַ שאַר געטון פאָרויס און אַ ווונק געטון דעם ליטווישן באַגלייטער. דער באַגלייטער, אַ הויכער, כיטרער קריסט, האָט שוין געוווּסט די „זשידישע־קונצן“. ער האָט אויך גוט געוווּסט, אַז די צוויי פאַרשוינען געהערן ניט צו זיין קאָמפּאַניע, זיי זיינען איבעריקע, האָט ער פון געוווינהייט גלייך אויסגעשטרעקט די האַנט מקבל צו זיין. אַברהם האָט אים אַריינגעקוועטשט אין האַנט אַריין אַ מטבע און אויפן ווינקל ווילנער גאַס, ווו די קאָלאָנע האָט זיך אַריינגעדרייט, זיינען אַברהם און יאָסל אַוועק גלייך מיט דער גאַס.

אין ערשטן הויף, וואָס זיי האָבן באַגעגנט, זיינען זיי אַריין. אַראָפּגענומען די געלע מגן־דוד׳ס, פון ברוסט און רוקן, האָבן זיי זיך געלאָזט מיט הינטער־געסלעך איבער די שמאָלע טראָטואַרן, צו ווילנער גאַס נומער 159. די לאָפּעטע, וואָס יאָסל האָט געטראָגן אויפן פּלייצע, האָט זיי געשיצט פון ווערן אויפפאַלנד.

אויפֿן הויף איז שטיל געווען. די לאָדנס פֿון גאַנצן הויז זיינען פֿאַרמאַכט געווען. די קריסטן אין הויז זיינען נאָך רואיק געשלאָפֿן.

אַברהם האָט גוט געדענקט דאָס אָרט פֿאַזע פּלאַנקען, וווּ דאָס גאָלד איז געלעגן באַגראָבן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די לאָפּעטע פֿון יאָסעלעס האַנט, מיט קראַפֿט אַריינגעגראָבן אין עטלעכע ערטער און גיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿיר־קאַנטיקע שווערע ערד־שטיקער.

פֿון ערגעץ־ווו האָבן זיך געהערט טריט. יאָסל האָט אויפֿגעגע־ציטערט: מען גייט! אַברהם האָט אָבער זיך ניט געמאַכט הערנדיק און מיט קראַפֿט געגראָבן ווייטער, טיפֿער. ער האָט אַ בליק געטון אויפֿן זייגער: 10 מינוט נאָך האַלב זיבן. זיין פּוס האָט אַ טראַמפּל געטאָן אויף דער לאָפּעטע מיט נאָך מער עקשנות. די לאָפּעטע האָט אָבער, אָנטרעפֿענדיק אויף עפּעס האַרטעס, זיך אַ דריי געטון אָן אַ זייט צוזאַמען מיט זיין פֿוס; אַ נצחון־פֿייערל האָט זיך צעגליט אין זיינע אויגן. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד און אָנגעהויבן רייסן מיט די נעגל. יאָסל האָט אַ כאַפּ געטון די לאָפּעטע, אַריינגעגראָבן פֿון זייט און מיט קראַפֿט אַראָפּגעבויגן צו ד'ערד. אַ גרויסער שטיין האָט זיך אַרויסגעהויבן, טרייסלנדיק פֿון זיך שוואַרץ־ערד...

אַברהם האָט זיך אויפֿגעהויבן, אָפּגערייניקט די הענט פֿון בלאָטע: אַלץ איז אומזיסט. מען האָט עס שוין אויסגעגראָבן — האָט ער געמורמלט ווי צו זיך —.

יאָסל האָט אויף גיך פֿאַרדעקט דאָס גרוב און עס פֿאַרטראַמפּלט. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט, ניט געוווּסט וואָס ווייטער צו טאָן.

אַברהם האָט אַריינגעשטופּט די הענט אין טונקל, וואָס אונטערן דאַך־רינע און אָפּגעוואַשן די הענט. פֿון געוווינהייט האָט ער באַקוקט דאָס שטאַל, אַ הויב געטאָן די אויגן צום דעכל, און פּלוצים זיך באַגעגנט מיט די אויגן פֿון יאַנקאָוסקאַס, וועלכער איז געשטאַנען אויפֿן באַלקאָן פֿון צווייטן הויז, פֿון יענער זייט פּלאַנקען. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט און יאַנקאָוסקאַס האָט אים באַגריסט. זיין דיק פּנים האָט גנבהדיק געשמייכלט. אַברהם'ען איז אַלץ קלאָר געוואָרן: דער גזלן האָט עס אַרויסגענומען, אַוודאי האָט ער אין יענעם באַ־גינען, ווען מען האָט עס באַגראָבן, אויך אַזוי נאָכגעשפּירט.

אַברהם האָט אָנגעקוקט יאָסלען. פּיר אויגן האָבן געצי־ טערט מיט פייער, פיר הענט האָבן זיך געביילט אין פויסטן און געשטילט די אייגענע פאַרלאָרנקייט.

* * *

אַז אַברהם און יאָסל האָבן פאַרלאָזן דעם הויף, אַרויס דורכן טויער, האָט דער טאָג שוין אָנגענומען זיין גאָרמאַלן אויסזען. איבער ווילנער גאַס, אַרויף צו פּרענקלס לעדער־פאַבריק, זיינען געגאַנגען די העברעע פאַבריקס־באַאַמטע. די אַרבעטער זיינען שוין געווען אין פאַבריק. איין רגע זיינען אַברהם און יאָסל שטיין געבליבן, געטראַכט פון אַן אָרט, וווּ צו פאַרשווינדן פון דער גאַס, כדי ניט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. יעדער ס״ד אָדער ס״ס־מאַן, פּאָלי־ ציסט, ווי בכלל יעדער קריסט האָט זיי געקענט איצט פאַרהאַלטן, אַרעסטירן, און דאָס מיינט: טורמע, טויט.

אַ קליינע יידישע אַרבעטער־גרופּע, אין באַגלייטונג פון אַ ציווילן ליטווינער, האָט זיך באַוויזן אויפן ווינקל־גאַס און שנעל פאַרקירעוועט רעכטס, צו דער לאַנדקרעמער־קלויז. אַברהם און יאָסל האָבן זיי אָנ־ געיאָגט, זיך צוגעגנבעט פון הינטער די גייענדיקע און זיך אַריינ־ געשלייכט אין קלויז.

די לאַנדקרעמער־קלויז, פּונקט ווי אַלע בתי־מדרשים פון שטאָט, זיינען געווען, פאַרן שאַפן דאָס געטאָ, די לעצטע סטאַנציעס אויפן וועג צום טויט. אין די בתי־מדרשים האָבן עס די מערדער צונויפגעקליבן די יעניקע, וועלכע האָבן ניט געקראָגן די גרינע שיינען וואָס האָבן באַרעכטיקט אַריינצוגיין אין געטאָ. און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער זיי געפירט אין קוזשער וואַלד צום דערמאָרדן.

איצט זיינען די אַלע בתי־מדרשים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סקלאַדן פון דער ליטווישער קאָאָפּעראַטיוו־געזעלשאַפט „ליעטוקים“. די לאַנדקרעמערישע קלויז איז פול געווען מיט קאָרן. אין קלויז, אין ווייבער־שול, אומעטום איז געווען אָנגעשאָטן קאָרן. וואָס האָט זיך

געהויפט אין הויכע בערג, פאַרשאָטן די בימה, און פול געמאַכט דעם ארון־קודש מיט די זיך גאָלדנדיקע געלע קערנער.

די יידן האָבן דאָ געדאַרפט אומשופלען, דורכלופטערן דאָס קאָרן, עס זאָל ניט נעמען ברענען.

אַזוי גיך ווי מען איז איצט אַריין אין קלויז האָט דער אויפזעער אָנגעזאָגט די יידן זיי זאָלן אַרבעטן, און איז אַוועק. ער האָט קיין חשק ניט צו שטיין דאָ, און קאָנטראָלירן טוט אים קיינער ניט. ער איז אויך זיכער, אַז „זיינע יידן" וועלן ניט אַנטלויפן.

ווי נאָר אָבער דער אויפפּאַסער איז אַרויס, האָבן די יידן זיך אָנגעשפּאַרט אויף די גרויסע הילצערנע שופלען און אָנגעהויבן פּלאַ־גען, ווי זיך אַריינצוקריגן צום גאָענטסטן ספּעקולאַנט, קויפן עפּעס צום עסן.

דער יונגסטער פון די יידן האָט אויסגעטאָן דאָס רעקל, כדי מען זאָל ניט זען די מגן־דוד אויף אים; אויסגעטאָן דאָס היטל, האָט ער פאַרשאַרט די טשופּרינע האָר און גרייט געווען זיך לאָזן אין די דער־בייאיקע הייזער עפּעס קויפן. מיניץ, דער חזן פון גרויסן בית־המדרש, האָט אים אָפּגעשטעלט שוין אין טיר:

— געדענק: היינט איז תשעה באָב, קויפסט עפּעס — זאָלסטו ניט עסן. עסן וועלן מיר פאָרן גיין אַהיים.

שלום בירזשער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מלא רציחה צום חזן:

— וואָס דערציילט איר מעשיות וועגן תשעה־באב. איר ווילט הונגערן? — הונגערט. אַ סך האָבן אונדז געהאָלפן די תשעה־באבן און אייער קינות זאָגן. איר זעט דאָך — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו דעם קאָרן — אָט איז אייער בית־המדרש, און אייער גאָט לאָזט עס צו און שווייגט — — —.

אַברהם איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, געקוקט אויף די ווענט, אויף די קופּעס קאָרן, אין די אויערן האָבן אים געקלונגען די יללות, וואָס ער האָט געהערט דאַן, ווען מען האָט דאָ איינגעשפּאַרט די יידן — די אָפּגעקליבענע צום טויט.

דער שטרייט ביי דער טיר, צווישן חזן מיניץ און שלום בירזשער, האָט אים איבערגעשלאָגן די מחשבות: ווער איז אייגנטלעך פון זיי

בײדן גערעכט? — האָט אַברהם געטראַכט — דער חזן איז גליק־לעכער, ער גלויבט אַפּילו איצט. ער וועט גײן צום טויט אַ גלויביקער. נאָר שלום איז אַ ייד אַ פּראָסטער און איז גרײט צו קעמפן אַפּילו מיט גאָט. נאָר אַ געדאַנק האָט צוריק געעקבערט אַברהמען — אפשר קעמפט שלום נאָר מיט גאָט, ווײל עס איז אים לײכט; און אפשר איז עס גאָר נאָר דער ווילן צום עסן?

— פֿאַראַן אַן אַגדה — האָט זיך אײנער געווענדעט צום חזן און שלום בירזשער — נאָכן חורבן בית המקדש זײנען געגאַנגען ר׳ גמליאל, ר׳ אלעזר בן עזריה, ר׳ יהושע און ר׳ עקיבא אויפֿן הר־הבית און געזען ווי אַ פֿוקס גײט אַרויס פֿון קדשי־קדשים, האָבן זײ גע־וויינט. נאָר ר׳ עקיבא האָט געלאַכט, ווײל, האָט ער געזאָגט, אויב דאָס שלעכטע פֿון נביא איז מקוים געוואָרן בין איך זיכער, אַז אויך דאָס גוטע וועט קומען. לאָמיר דערפֿאַר, ווי ר׳ עקיבא, גלויבן, אַז אויך אונדזער בית־המדרש וועט נאָך געריײניקט ווערן פֿון די הינט.

דער חזן האָט געשמײכלט. ס׳איז אים געפֿעלן געווען דער צו־שטעל. נאָר שלום האָט זיך ניט אונטערגעגעבן, געווען פֿאַרעקשנט:

— ניטאָ, ניטאָ, גאָרניט, — האָט ער געשריען, אַז ער לאָזט אויסמאָרדן זײן פֿאָלק. אָט, אַלע ווײסן, אַז איך בין געווען אַ פֿרומער ייד, געדאַוונט, געהיט שבת, אַלץ ווי מען דאַרף. פֿאַרוואָס איז מיר געקומען אַזאַ שטראָף? — געבליבן אויף דער עלטער ווי אַ שטײן. דאָס ווײב ניטאָ, די קינדער ניטאָ. אַלעמען אויסגע־שאָסן — — —. פֿאַרוואָס? אָט זאָל ער ענטפֿערן. מיר זײנען דאָך אין קלויז — האָט ער געווענדעט זײן פּנים צו מזרח, ווי ער וואָלט דערוואַרט אַ תשובה פֿון דעם מיט קאָרן האַלב־פֿולן ארון־קודש.

אַלע זײנען איצט שטיל געווען. ניט געפֿונען קײן ענטפֿער פֿאַר שלומען, און זיך געפֿילט ווי שולדיק, וואָס זײ קענען ניט פֿאַרענטפֿערן זײער גאָט.

דער חזן, מיניץ, האָט פֿעסטער אַ נעם געטאָן זײן הילצערנעם שויפֿל אין די הענט:

— ווײסט איר וואָס, יידן — האָט ער מיט באַגײסטערונג אויס־גערופֿן — לאָמיר מאַקע גאָר זאָגן קינות. און דווקא דאָ, דווקא פֿון בעלעמער אַראָפּ, אָט ווי אַמאָל, ווי אַלע יאָרן.

ער האָט אַ גראַב געטאָן מיטן שויפל אין דער קופּע, אַ שאָט געטאָן רעכטס און לינקס. די אַנדערע יידן האָבן אים נאָכגעטאָן. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן שניידן דורך די קופּע קאָרן אַ וועג: — לאָמיר רייניקן דעם ארון־קודש, ווי די חשמונאים האָבן אַ מאָל גע־רייניקט אונדזער בית־המקדש!

מינצס קול האָט זיך אָפּגעשלאָגן אָן די ווענט, פול געמאַכט דעם בית־המדרש און אָנגעצונדן אַלעמען מיט שווונג. פערצן הענט האָבן געוואָרפן פולע שויפלען קאָרן אין די זייטן. די געלע קערנער האָבן זיך געקייקלט איבער די קופּעס, אַרויף און אַראָפּ. די הענט האָבן פלינק געאַרבעט, זיך געשלאָגן אַ וועג צום ארון־קודש, ווי זיי וואָלטן זיך דורכגעהאַקט אַ וועג צו דער פרייהייט. נאָר איין שלום איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זיין שויפל, זיך ניט גערירט.

ווען זיי האָבן דערגרייכט די בימה, איז דאָס יינגל געקומען צו לויפן מיט ברויט, ציבעלע און אַ שטיק חזיר. ער איז שטיין געבליבן אין טיר, זיך געוווּנדערט, וואָס זיינע חברים האָבן זיך אַזוי צעאַרבעט. שלום האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— אָ, פאַרשטייסט, זיי זיינען משוגע, זיי גייען דינען גאָט, וועלכער מאָרדעט זיי.

ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס עסן פון יינגלס הענט, אָפּגעשניטן אַ שטיק ברויט, אַ פּענעץ חזיר און פאַרעקשנט אָנגעהויבן לייגן אין מויל אַריין.

... קאָרן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון ארון־קודש.

הזן מינץ איז אַרויף אויבן, אַ שטעל געטאָן דעם שויפל אָן אַ זייט, אָפּגעווישט דעם שוויס פון שטערן און אַ ווײַלע אַריינגעקוקט אין דער עפענונג, ווי דער כהן־גדול אין קדשי־קדשים אין קלויז איז שטיל געווען. אַלע זיינען געזעסן אויף דעם קאָרן און געוואַרט. אַ העל צעקלונגענע שטים האָט דורכגעשניטן די שטילקייט:

„אלי ציון ועריה“ — ניט מיט דעם אָנגענומענעם ניגון, מיט וועלכן מינץ האָט איעדעס יאָר געזאָגט קינות, נאָר גאָר אַן אַנדער ניגון איז עס געווען; אַ ניגון, וואָס האָט אויפגעציטערט, געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. זיין שטימע איז שטאַרקער גע־ווען, קרעפטיקער ווי אַלע מאָל. מינץ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף אַראָפּ, ווי ער וואָלט דיריזשירט, ווי ער וואָלט געוויזן

גאָט, וואָס מען האָט געמאַכט פון זיין שול. און אַז ער האָט געענדיקט „אלי ציון" האָט ער גלייך גענומען ווייטער זאָגן, מיט מער געבעט און השתפכות־הנפש: „זכור ה׳ מה היה לנו, אוי". און ווען ער איז געקומען צום פסוק: „יתומים היינו ואין אָב", האָט ער זיך אַ דריי געטאָן מיטביידע הענט אויף אינעווייניק און אַ געשריי געטאָן „אוי", אַז די ווענט האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. מינץ האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און אַלע יידן מיט אים. די גאַנצע שול איז פול געווען מיט טרערן, מיט געיאָמער, מיט האַרץ־רייסנדע קולות...

*

ווען דער אויפזעער איז געקומען פירן די יידן צו מיטאָג, האָט ער געטראָפן מינצן ליגנדיק אין ארון־קודש אַ צוזאַמענגעדרייטן, און אַלע יידן פאַרוויינטע. ער איז געשטאַנען אויף אַ קופּע קאָרן און געקוקט. מיט זיין פאַרהאַרטעווועטן מוח האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס די יידן האָבן דאָ אָפּגעטאָן.

אין אַ ווינקל פון פּאָליש איז געשטאַנען שלום בירזשער. געהאַלטן אין האַנט אַ מוציא־ברויט און שטיל געוויינט.

## נ ק מ ה

אין גרויסן הויף פון „ליעשוקים", אויף וואַרפאַ גאַס, זיינען איצט די יידן צוזאַמענגעטריבן געוואָרן פון אַלע אַרבעטס־פּלעצער אין דער דאָזיקער פירמע, כדי צו קריגן אַ ביסל שיטערע זופּ, וואָס ס׳בלייבט שטענדיק פון די קריסטלעכע אַרבעטער.

אויפן הויף, הינטערן הערינג־סקלאַד, זיינען געשטאַנען לאַנגע טישן, ביי וועלכע ס׳זיינען געזעסן די קריסטלעכע אַרבעטער און רואיק געגעסן. די יידן זיינען געשטאַנען אין ווינקל־הויף, אויסגעשטעלט אין רייען, ווער מיט אַ טעלער, ווער מיט אַ טעפּל אין די הענט, האָבן זיי געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם געשמאַקן יויך, וואָס זיין ריח האָט זיך פאַרקליבן אין די הונגעריקע מיילער און געקיצלט דעם גומען.

— אַנטוק נעמט אַ צווייטן טעלער זופּ, קאַניוק אויך, עס ווערט היינט גאָרניט איבערבלייבן — אַזוי האָבן די יידן זיך איבערגעוואָרפן צווישן זיך, אָנרופנדיק די קריסטן ביי זייערע נעמען.

דער קליינער בלאַנק האָט זיך גערוקט אין פאָדערגרונט. זיינע קליינע זשוואַווע אויגן האָבן מיט אונטערטעניקייט אַרויסגעשמייכלט פון זיין געלן פּנים; געוואָרפן זיך דאָ צו אַ פורמאַן פון ליעטוקיס, דאָ צום פאַרוואַלטער פון הערינג-סקלאַד, דאָ צום בוכהאַלטער, אַן אָנגעשטעלטן. געוואָלט מיט זיין שמייכל זיי מאַכן אויפמערקזאַם אויף זיין אָנוועזנהייט. געבויגן דעם קאָפּ: „לאַבאַס, לאַבאַס פאַנאַס“*), נאָר די קריסטן האָבן ניט געענטפערט, פאַרביי געגאַנגען אַזוי ווי זיי וואָלטן אים ניט געקענט. בלאַנק איז געווען נידער-געשלאָגן. וויפל ער האָט זיך צעבעטן ביי זשילינסקען, דער לייטער פון יידישן אַרבעטס-איינזאַץ, ער זאָל אים שיקן דווקא אין ליעטוקיס אַרבעטן? געהאָפט, אַז דאָ וועט אים זיין גוט. יאָרן-לאַנג ווי ער קען זיך מיט אַלע קריסטן. יעדן טאָג אַהער געקומען, געקויפט דאָ סחורה, געהאַנדלט אויף מיליאָנען אין אָט דער פירמע. שטענדיק גוט באַהאַנדלט די פורמאַנעס, וואָס האָבן געבראַכט די סחורה אין זיין סקלאַד אַריין, געגעבן זיי פּאַפּיראָסן, מתנות אויף יום־טוב. זיי אַלע זיינען דאַך שטענדיק פאַר אים „די כפרה געווען“ און איצט! — ווי זיי וואָלטן אים גאָר ניט געקענט. ווי שטאָלץ און אומבאַמערקט אַנטוקאַס איז אים דאָ פאַרביי געגאַנגען. ער, אַנטוקאַס, דער ליבע-ראַלער קריסט, דער וועלכער רעדט יידיש ווי אַ ייד, וועלכער האָט זיך מיט יידן צוזאַמען געהאָרעוועט, צוזאַמען אַ לעבן געהאַנדלט אין פריינדשאַפט, געקומען אין יידישע הייזער, און איצט גאָרניט, אַלץ פאַרגעסן! אַזויפיל צעקאָכטע גאַזלאָוויסטווע אין זיין פּנים, אַזאַ טעמפּע שנאה. ווער האָט זיך עס געקענט פאָרשטעלן, ווער וואָלט עס געקענט גלויבן, אַז אויך ער איז אַזאַ שונא-ישראל?

בלאַנקס שוואַרצע אַנטוישונג האָט איצט געטאָטשעט זיין מוח. נאָך אַלע גזירות און רציחות, וואָס די ליטווינער זיינען באַגאַנגען, האָט ער נאָך געגלויבט, אַז אים וועלן זיינע פריערים ניט פאַר־געסן.

---

*) אַ גוטן, אַ גוטן אייך הער.

ער האָט זיך געריסן אַהער, אין „ליעטוקים“ אויף אַרבעט; געגלויבט, אַז דאָ וועט ער זיין זאַט, דאָ וועלן די קריסטן אים געבן פון בל־טוב, אים געבן לייכטערע אַרבעט.

קאַנאַוק, דער פורמאַן, האָט זיך צוגעקייקלט אויף זיינע קלעצערדיקע פיס צו בלאַנקן — „אַ, לאַבאַס, לאַבאַס, פאַנאַס“ האָט ער אַהריקגעטאָן אויף „פאַנאַס“, (הער), מיט אַ חוזק־שמייכעלע הינטער די אַראָפּגעהאָנגענע וואָנצעס — „וויפל הערינג דיר הייַנט אַריינפירן? דאַרפסט נאָר באַשטעלן, איך וועל ברענגען.“

בלאַנק האָט פאַרביטערט און שווייגנדיק געשמייכלט.

ווען דער לעצטער פון די אַרבעטער האָט זיך אַ זאַץ־ער אויפגעהויבן פון טיש, האָט די קעכין געגעבן אַ רוף: „היי זשידיאַליאַ!“ (יידלעך). ווי דרעסירטע הינט האָבן די יידן אונטערטעניק זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער וויים־פאַשירצטער קעכין, זיך געשטופט, אונטערגעטראָגן יעדערער פאָרויס זיין קעסעלע.

— עך וויאַלניי, (מייוואָלים), האָט די קעכין געברומט — האַלט אייך דאָך מענטשיש...

בלאַנקן האָט געפלאַמט דאָס פנים, געשעמט זיך צו שטופן, איז ער געבליבן דער לעצטער. נאָר פאַר די לעצטע איז שוין קיין זופ ניט געווען.

די אויפזעער האָבן גענומען יעדער זיינע אַרבעטער. געפירט זיי צוריק צו די אַרבעטס־פלעצער. די יידן זיינען געגאַנגען און געזופט פון די קעסעלעך דאָס לוי־וואַרעמע געקעכטס, וואַרפנדיק הונגעריקע בליקן אין יענעמס טעפל, צי איז ביים חבר ניט אַריינגעפאַלן מיט אַ קאַרטאָפל מער.

ווען די אַכט יידן זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער לאַנדקרעמערקלויז און דער אויפפאַסער איז ווידער אַוועק, האָבן די יידן זיך געזעצט אויף די קופעס קאָרן. קיינער האָט אַפילו ניט געט־אַכט צו אַרבעטן. פאַר וועמען? צו וואָס? יאָסל האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— אָך, מיר זיינען גאָרניט ווערט. פאַרוואָס לאָזן מיר זיך אַזוי מאָרדן? פאַרוואָס שטעלן מיר ניט קיין ווידערשטאַנד? אָט דערציילט מען, אַז אין די זשאַגאַרער וועלדער זיינען שוין דאָ רוסישע

פּאַרטיזאַנער — פֿאַרוואָס אַנטלויפֿן מיר ניט צו זיי? אַלע זוכן נאָר צו ראַטעווען די אייגענע הויט, און אין גיכן נאָך איין טאָג זאַט־זיין וועלן מיר אָפּגעבן מיט שאַנד אונדזערע לעבנס.

שלום בירזשער האָט אויסגעשטעלט זיין בערישן קאָפּ:

— שוין לאַנג, אַז מען האָט געדאַרפֿט נעמען העק אין די הענט. אָט ווי איר קוקט מיך אָן, ווי טריפֿה בהמות זיי געדאַרפֿט הרגענען. יידן זיינען ווייכע לונגע און לעבערס. די פֿעל וואָלט איך זיי אַראָפּ־געשונדן.

אַ פּאָר ליטווישע יונגען פֿון דער אונטער־וועלט זיינען אַריין אין קלויז. דערזען, אַז די יידן זיצן, האָבן זיי זיך גענומען טשעפּענען צו זיי:

— היי, איר פֿאַרשאָלטענע, פֿויל צו אַרבעטן! איר זיצט אַזוי ווי איר וואָלט דאָ געהאַנדלט מיטן קאָרן. איר פֿאַרקויפֿט עס צו אייער גאָט, האַ? אַרבעטן. שנעלער!

— ווער זייט איר עס אַזעלכע, וואָס איר האָט אונדז צו געבן באַפֿעלן? — האָט שלום זיי אַ פֿרעג געטאָן.

— ווילסט זיך שלאָגן?

— אויב מען מוז וועלן מיר זיך שלאָגן אויך.

די שקצים האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך צעלאַכט:

— טויזנטער האָבן מיר שוין דערמאָרדעט. מיט איין קלאַפּ דערהרגענען מיר אייך דאָך!

— אדרבא, פּרובירט נאָר — האָט שלום זיך דערנענטערט.

די יידן האָבן זיך אַ הויב געטאָן און מיט שרעק גענומען אָפּ־גיין אויף צוריק. נאָר שלום בירזשער האָט אַ קוק געטאָן אויף די יידן; זיין בליק האָט געגליט מיט האַס און די יידן האָבן זיך אָפּ־געשטעלט. ער האָט אַ וואָרף געטאָן די אויגן צו די ליטווינער: „נו, לאָמיר זיך שלאָגן!“

— איר זייט אַכט קעגן צוויי — האָבן די שקצים דערפֿילט, אַז זיי זיינען עפּעס פֿאַרקראָכן.

גוט, האָט שלום אַ ברום געטאָן — נאָר צוויי קעגן צוויי, און זיינע אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן צו יאָסלען.

יאָסל האָט מיט אַ בליק אָפּגעמאָסטן דעם ליטווינער, וואָס איז מיט אַ קאָפּ העכער געווען פון אים און מיטן גאַנצן כוח אַ הויב געטאָן דעם שויפל. אַכט הענט האָבן זיך פאַרקלאַמערט איינע אין די אַנדערע, זיך אַריינגעפּרעסן אין די העלדזער, זיך געוואָרפן איבער די בערג קאָרן, געפאַלן און זיך געהויבן.

שלומס ציין=קריצעניש און יעדער קלאַפּ האָט געריסן די שטיל=קייט, געבראָכן ציינער, אונטערגעהאַקט זייטן.

אַרויסוואַרפן פון בית=המדרש! רייניקן פון הזרים דעם מקום=קדוש! האָט יאָסל זיך צוגעגעבן היץ.

דומפּע קלעפּ פון צוויי פלייש=בינטלעך אויפן צעמענטענעם קלויז=בריקל האָבן געענדיקט דעם קאַמף.

דורכן קלויז=פענצטער האָט אַראָפּגעשיינט די זון איר שקיעה, שפּיגלענדיק אויף די געלע גאָלד=קערנער האָס רויטע גויאישע בלוט.

שלום האָט געסאַפּעט:

— זעט, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום אָרט פון געראַנגל — אויך מיר קענען זיך שלאָגן.

# ער האָט געטראָגן רפואות

(פּאָרטרעט)

אין שמאָלן צימערל פון דער געטאָ־שטאָלעריי האָט דאָס אייוועלע זיך געשטיקט. פינף חברים פון „מסדה“ זיינען דאָ איצט געזעסן. הירשל בלאָך האָט אַלע ווײַלע אונטערגעלייגט צו ביסלעך שפּענער אין אייוועלע און זיך געריבן די אויגן פון רויך.

אַהרון פראַנק האָט זיך אַרומגעקוקט, פאַרשטעקט זיין טרייסלענדיקע האַנט טיף אין פאָלע פון מאַנטל און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פלאַש. בלאָך האָט צוגענומען די פלאַש און אַרונטערגעלאָזן זי אין דער ברייטער שטיוול־כאָלאַווע. דאָס איז געווען די געטראָגליצעריִן, וואָס פראַנק האָט געבראַכט פון אַפּטייק, צום מאַכן באָמבעס.

איצט האָבן די גרופּע חברים זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד. אויפן איינציקן בענקל וואָס איז אין צימער געווען האָט זיך געזעצט פראַנק. די פאָלעס פון זיין מאַנטל האָבן ברייט אַריבערגעהאָנגען דעם נידעריקן בענקל און געלעגן אויף דער ערד. מיט דער האַנט האָט ער פאַרמאַכט די אויגן, וואָס האָבן געטרערט פון רויך און אָנגעהויבן זיין היינטיקע לעקציע. פראַנק האָט גערעדט פון צוויי עפּאָכעס אין דער יידישער געשיכטע, וואָס זיינען דורך צוויי העלדן געצייכנט געוואָרן: צוויי — וואָס האָבן געהאַט באַזונדערע לעבנס־אויפפאַסונגען — ר׳ יוחנן בן זכאי און ר׳ עקיבא. דורך זייערע האַנדלונגען האָבן זיי געגעבן דעם קען־צייכן פאַר צוויי באַזונדערע וועגן פון פאָלקס־קיום. — מיר ווייסן ניט — האָט פראַנק ווייטער געזאָגט — ווער עס איז געווען מער גערעכט, ר׳ יוחנן בן זכאי, וואָס האָט געפאָדערט יבנה וחכמיה אָדער ר׳ עקיבא, וועלכער האָט געגעבן זיין ברכה בר־כוכבאס שווערד.

פראַנק האָט געפירט אַן אַנאַלאָגיע פון דער רוימישער געשיכטע, אין וועלכער ער האָט זיך שטענדיק ווײַל געפונען. ער האָט

אַנטוויקלט דעם פילאָזאָפישן געדאַנקן־גאַנג פון ר׳ יוחנן בן זכאי, וואָס האָט געזען די קראַפט פון יידישן פאָלק אין יידישן גייסט. דאָס פאָלק איז דאַן צעטיילט געוואָרן אין פאַרשיידענע פּאַרטייען, צעשפּליטערט ביז ברודער־קריג; האָבן די יידן ניט געקענט מנצח זיין דעם פיינט, און כדי צו ראַטעווען דאָס פאָלק האָט ר׳ יוחנן געמוזט נעמען כאָטש יבנה. ר׳ עקיבא אָבער, וואָס איז געקומען פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן, האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם גלויבן אין די וויטאַלע קרעפטן פון פאָלק און דערפאַר גערופן צו ווידערשטאַנד, געבענטשט דעם קאַמף. און איז ווי אַ בונטאַר, אַ קעמפער, אַ מורד געשטאָרבן מיטן גרויזאַמסטן טויט פון די עשרה הרוגי מלכות.

פראַנקס אויגן האָבן זיך צעצונדן, זיין אויסגעקנייטשט פּנים איז יונגער געוואָרן, זיינע הענט האָבן ווי פליגל געפאָכעט אין חלל. מיט אַ פאַרשטיקטער שטים, קוים צו באַהערשן זיך, ניט צום אויפשרייען, האָט פראַנק ווייטער גערעדט, פאַרגלייכנדיק יענע צייטן צו היינט.

און אַז ער האָט געענדיקט איז אין צימער אַנטשטאַנען אַ שטילקייט אַזש מיט די הענט צו דערטאַפּן. די 4 חברים, זיינע צוהערער, זיינען געווען פאַרטראַכט אין זיך, געטראַכט פון פראַנקס אויספירן און געטראַכט צו געדענקען, כדי די דאָזיקע רייד צו קענען איבערגעבן אויך ווייטער, יעדער פאַר זיין גרופּע, וואָס זיי האָבן אָנגעפירט.

אהרון פראַנק האָט זיך אַ ביסל פאַררוט, האָט אָנגעטאָן דיברילן, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ לענגלעך שטיקל פּאַפּיר, זיך געשטעלט האַרט אונטער דער ליכט און אָנגעפאַנגען פאָרלייענען. דאָס איז געווען זיינס אַ שיר אין העברעאיש. „בר־כוכבא אין געטאָ.“ פראַנק האָט געלייענט און דערביי זשעסטיקולירט מיט די הענט צום ריטעם, אַקצענטירענדיק די ווערטער וואָס זיינען אים צום שטאַרקסטן געפעלן געוואָרן. זיינע צוהערער, געוועזענע תּלמידים זיינע, האָבן אים אַפּלאָדירט דורך באַגייסטערטע גרימאַסן אויף זייערע פּנימער.

פראַנק האָט זיך צוריק געזעצט, און האָט פון זיין לעדערנער טאַש גענומען אונטערטראָגן צו זיינע באַברילטע אויגן פלעשעלעך און פּושקעלעך. ער האָט געלייענט די עטיקעטן און דערביי גערעדט, מער צו זיך ווי צו די אַרומיקע: די וויכטיקסטע מעדיקאַמענטן, פאַר די ערנסטע קראַנקע האָב איך שוין אָפּגעגעבן, די

רפואות זיינען שוין אַלץ קליניקייטן, זאַלבן, שמירעכצן.

— נאַ, — האָט ער איבערגעגעבן עטלעכע רעצעפּטן איינעם פון די פיר און באַלד נאָך עטלעכע אַ צווייטן — איר וועט עס אָפּגעבן, זיי וויגען דאָך מיט אייך צוזאַמען.

אַזוי האָט פראַנק דעם אָוונט צעטיילט זיינע רפואות, וואָס ער פלעגט יעדן טאָג ברענגען פון די שטאָטישע אַפּטייקן, לויט רעצעפּטן פון די געטאָ־דאָקטוירים.

*

אהרון פראַנק, דער העבּרעאישער לערער און שריפטשטעלער, האָט 3 יאָר געטראָגן פאַר דעם געטאָ רפואות, אַ סך רפואות און פאַרשיידענע מיטלען פאַר יידן — צום שטאַרקן זייער גוף און זייער גייסט.

# א גרוס פון ארץ־ישראל

יוסף האָט אָנגעקלאַפּט די דריי צייכן־קלעפּ אין אברהמס בוידעם־שטיבל. אברהם האָט אים אויפגעמאַכט די בּרעטערנע טירל און זיך צוריק געזעצט אויף זיין אָרט ביים טישל, וואָס איז גע־שטאַנען אָנגעשפּאַרט אונטערן דאַך־בּויג. דאָ האָט איצט אברהם געשריבּן אַ בּראָשור א.נ. „וואָס איז און וואָס וויל מסדה"? — אַן אויפקלערונגס־ און אויפרודער־שריפט צו דער געטאָ־יוגנט.

— זע — האָט יוסף אַרויפגעלייגט אַ צייטונג אויפן טישל — אַט האָבּן מיר אַ גרוס פון ארץ־ישראל.

אברהם האָט געקוקט אויף די עפּעס משונהדיקע יידישע ווער־טער אין געמיש צווישן דייטשע און זיך ניט געקענט כאַפּן וואָס דאָס איז, בּיז ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער צייטונגס־קעפּל.

— אָהאָ, אַ „שטירמער".

אויף דער צווייטער זייט, פון דאָזיקן מנוולדיקן, ווילדן פּאָג־ראָם־בּלעטל, זיינען געווען בּילדער פון אוניפאָרמירטע יידן, פ ו ן יידישע חיילים. פאַרשטענדלעך מיט ווילדע יידן־פרעסערישע צושריפטן אונטער זיי.

ביידע חברים האָבּן זיך איצט איבּערגעקוקט, איבּערגעשמייכלט. א טיף אינערלעכער שטאָלץ האָט זיך צעלייגט אויף זייערע פּנימער.

— הייסט עס, מיר האָבּן שוין אַן אַרמיי!

— אַז מיר וועלן לעבּן בּלייבּן וועלן מיר נאָך זיכער זען די אויפריכטונג פון דער יידישער מדינה.

— די יידן וואָס וועלן איבּערלעבּן שטייט פאָר אַן אמתע גאו־לה.

— אין דעם צווייפל איך אַפילו ניט — האָט געענטפערט יוסף — נאָר ווי לעבּט מען איבּער?

— איך האָבּ מורא, אַז אונדזער פאָלק וועט נאָכן קריג זיין צו וויניק, כדי קענען בּאַזעצן גאַנץ ארץ־ישראל.

— מען דאַרף גיין אַנטקעגן אונדזער אַרמיי. שלאָגן די דייטשן פון אַלע זייטן. אָך, ווען מען קען אַלע יידן פון די געטאָס אַרויספירן באַוואָפנטע קעגן שונא!

— קוק אָן דאָס בילד! איך וואָלט שווערן, אַז דאָס איז מיינער אַ באַקאַנטער, וואָס איז מיט אַ יאָר פינף צוריק אַוועק קיין ארץ־ישראל.

— זיי קעמפן אוודאי אונטער אַן אייגענער פאָן.

— זעסט דאָך דעם מגן דוד אויפן אַרבל פון דער מיידל. זי מוז זיין אַ קראַנקן־שוועסטער.

ווען מען וואָלט געקענט אַלע געטאָ־יידן ווייזן אָט די בילדער וואָלטן זיי געקראָגן אַ פונק שטאָלץ אויף זיך אַליין; עס וואָלט געווען דער שטאַרקסטער פּראָפּאַגאַנדע־מיטל פאַרן זעלבסטשוץ.

— מען דאַרף די בילדער געבן ווי אַ ביילאַגע אין דעם נאָענטסטן „מסדה"־צייטונגס־נומער.

אַזוי האָבן די חברים זיך אַדורכגערעדט.

## י"ח תמוז ניינצן דריי און פערציק:

אין די רוימען פון געטאָ־שוסטעריי איז נאָך ליכטיק, כאָטש דער זייגער ווייזט שוין ווייט נאָך האַלבער נאַכט. די לערער פראַנק און גרינבערג זיינען אַליין געקומען אָפּדיקטירן זייערע אַרטיקלען צום כ' תמוז־נומער. מאַניע וויים דרוקט די צייטונגס־קעפּל: אַ מויער־פעסטונג אַרומגענומען מיט שטעך־דראָט און אין די דראָטן איינגעקלעמט די אותיות מ.ס.ד.ה. — מסדה. דבורה סראַלאַוויטש, זלמן לעווינסאָן, ז. שאַפּיראָ, חנה כווערדיאל און דוב שילאַנסקי שרייבן די פינף קאָפּיעס, אין וויפל די צייטונג וועט דאָס מאָל דערשיינען. די צייטונג דאַרף זיין אין 24 זייטן, אַ ספּעציעל גרויסער נומער דער היינטיקער, דער גרעסטער פון אַלע ביז איצטער דערשינענע.

יוסף איז פאַרטאָן אין צווייטן צימער מיט דער מענטראַנ־פּאַזש־אַרבעט, ער שטעלט צוזאַמען די בילדער מאָנטאַזש־מעסיק,

אַרום די בילדער ווערט אַרייַנגעשריבן דער אַרטיקל פון אהרון פראַנק. זיין אַרטיקל, וועלכער איז פלאַמיק און אינהאַלטלעך טיף, באַהאַנדלט יעדעס בילד באַזונדער.

— — —

עס הערט זיך טריט. עטלעכע אָפּגערעדטע קלעפּ אין שויב באַרואיקן צוריק די געמיטער. דאָס קלאַפּט חיים כאַרטשיק, ער מעלדעט, אַז די נאַכט אַנטלויפט, מען מוז זיך אָפּטראָגן פון דאַנעט.

אַלע פּאַפּירעלעך ווערן צוזאַמענגענומען, מען ראַמט אויף, כדי צו לאָזן אַלץ ווי געווען; קיינער טאָר ניט מערקן אַז דאָ איז די נאַכט געווען אַ רעדאַקציע און דרוקעריי...

איינציקווייז פאַרלאָזט מען דעם רוים. סילועטן שלייכן זיך באַרג-אַראָפּ, פאַרשווינדן אין די געטאָ-געסלעך.

אויפן בויך, אַרומגעשנאַלט פעסט מיט אַ רימען, טראָגט ישראל וויץ די הונדערט צוואַנציק זייטן פּאַפּיר, די באַשריבענע, באַבילדערטע, געצייכנטע. באַלד וועט געמאַכט ווערן די „עקספּעדיציע" צו אַלע לאַגערן אַרום שאַוול. די דאָזיקע צייטונגען וועלן גיין פון האַנט צו האַנט; יידן וועלן קוקן אויף די בילדער און האָבן אַ טרייסט-גרוס פון ארץ-ישראל. זיי וועלן לייענען דאָס געשריבענע און וועלן זיך דערמוטיקן צום קאַמף.

# דער קעלער

דער „קעלער“ אין טראָקאָוער געטאָ־ראַיאָן, — געווען איז דאָ אין אַ ווינקל די לאַבאָראַטאָריע, וווּ ייִדן תּלמידי חכמים האָבן זיך, אָ פּ י צ י ע ל, באַשעפֿטיקט אַלס פֿאַרמאַצעווטן.

אין אַ צווייטן ווינקל האָבן אַ פּאָר צענדליק שנײַדערינס גע־אַרבעט פֿאַרן געטאָ.

בײַנאַכט איז אָבער דער קעלער געווען דער פֿאַרזאַמלונגס־אָרט פֿאַר די געטאָ־יוגנט. דאָ האָט מען זיך געלערנט באַגיין מיט געווער, געפּרוּווט די שוואַכע כּוחות. דאָ האָט מען אײַנגעאָרדנט יאָרצײַטן און אַקאַדעמיעס; געלערנט, פֿרײַ געאָטעמט און הויך געטרוימט.

און אַז דער עלטסטנראַט פֿלעגט האָבן אַ שווער־פֿאַרטרוילעך פּראָבלעם — פֿלעגט ער זיך פֿאַרגנבענען אויף אַ זיצונג אין קעלער.

ניט איינמאָל פֿלעגט, אין מיטן פֿון דער אַרבעט, זיך דער־טראָגן אין קעלער־חלל אַ ברענענדיקע דיסקוסיע, צווישן ריכטער געץ און זאַגאַרניקן, צווישן דעם עניוותדיקן תּלמיד־חכם מענדל רובינשטיין און דעם דיכטער־בקי אהרן פֿראַנק — אַ דיסקוסיע וועגן גאָט, וועלט און מענטש.

דאָ איז געלוטערט געוואָרן דער פּײַן, קריסטאַליזירט געוואָרן דער ווייטיק.

די קעלער־ווענט האָבן איינגעזאַפּט אין זיך די ליכטיקסטע סודות פון אַ פינצטערער צייט און זייערע שטרענג קאָנספּיראַטיווע געבליבן — קאַלט, פעסט און שטום.

ביי אַ פאָלק אויף זיין ערד, וועלכער קען פאַרקריצן אין שטיין זיין געשיכטע, לאָזן גערענק־מאָנומענטן, מוזעאומס פאַר שפּעטערע דורות, אויף די ערטער וווּ גרויסע פאָלקס־געשעענישן זיינען פאָרגעקומען — ביי אַזאַ פאָלק וואָלט דער קעלער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מוזיי, וווּ הונדערטער דורות וואָלטן געבויגן די קעפּ אַדורך דער שמאָלער טיר־עפענונג און מיט הייליק־גרויליקן ציטער וואָלט מען געלערנט, פון די שטיינערנע ווענט, די געשיכטע פון דער בלוטיקסטער צייט אין זייער פאָלקס־לעבן.

פאַר אונדז איז אָבער אונדזער בית־עולם־לאַנד פאַרשאָלטן פון אונדז אויף אייביק — און עס וועלן קיינמאָל נישט קומען קיין מענטשן זיך שטעלן אויף אַ פּאָר מינוט מיט שווייגנדיקע ליפּן און געזונקענע קעפּ ביי אַלע אונדזערע צעשפּרייטע פּיין־פעסטונגען.

— ווער וועט דען קומען צום „קעלער“, פאַרבויגן דעם קאָפּ, און לייענען די ניט געשריבענע בלוט־געשיכטע אויף זיינע ווענט?

ווער וועט ווען אָנשטרענגען זיין געהער, אין אַ טיף־שטילער נאַכט־שעה, צו פאַרנעמען די גסיסה־סודות, וואָס טראָגן זיך נאָך זיכער אַרום אין חלל צווישן די שטיינערנע קעלער־ווענט?

וועלכער גרויסער דיכטער וועט ווען קענען זיך פאַרגראָבן מיט שיגעון־פאַנטאַזיע אין טיף־שטיינערנעם קעלער, כאָטש בלאָז צו דערבליקן די טויט־קאָנוווּלסיעס פון אַ פאָלק, אין קלעם פון ברוינעם שפּאַרבער?

„אקטענבעמערקונג:

איצט ערשט איז דערשינען ביי מיר דער ס״ס־אָבערשטורמפי־רער האמאן, פון דער איינזאץ־קאָמאַנדע 3 אין קאָװנע, און האָט מיר מיטגעטיילט אין אויפטראַג פון ס״ס־שטאנדארטענפירער יע־גער, אַז ער האָט דערהאַלטן פון שטאנדארטענפירער יעגער דעם באַפעל צו ליקווידירן אַלע יידן אין שאַוולער געטאָ און גלייך אָנהייבן מיט די צוגרייטונגס־אַרבעטן. די ליקווידאַציע זאָל דורכגעפירט ווערן מאָנטיק.

איך האָב זיך גאַנץ ענערגיש אָפּגעזאָגט דורכצופירן די ליק־ווידירונג און מיטגעטיילט, אַז מיר האָבן אַן אָנווייזונג פון רייכס־קאָמיסאַר זיך אָפּצוהאַלטן פון ווייטערע ליקווידירונגען פון יידן. אויסער דעם האָב איך אויפגעוויזן, אַז ביי אַ ליקווידירונג פון יידישע מענער אין שאוול וועלן זיך מוזן אָפּשטעלן אַלע אונטערנעמונגען, ווייל כמעט אַלע פאַכלייט זיינען יידן.

איך האָב פאַרבאָטן דעם ס״ס־אָבערשטורמפירער האמאן דורכצופירן זיין אויפטראַג און אים געבעטן דאָס מעלדן דעם שטאַנדארטענפירער.

געצייכנט: געוועקע.

שאוול, דעם 3טן סעפטעמבער 1941.״

(צה״ק מינכען נומ׳ 105)

* * *

נאָך 14 טעג נאָכן שאַפן דאָס געטאָ האָבן אַלע יידן שוין געזאָלט ליקווידירט ווערן, ווי עס איז קלאָר פון א״ג בריוו־דאָקו־מענט. פאַרוואָס דער געביט־קאָמיסאַר, געוועקע, האָט דעם דאָזיקן הסד־בריוו געשריבן איז נישט באַקאַנט. מעגלעך אָבער אַז דער עלטסטנראַט האָט וועגן דעם יאָ געזאָגט, און אפשר איז דער כופר־נפש, געוועזן די גרויסע קאָנטריבוציע, (אַ האַלבן מיליאָן מאַרק, גאָלד, פעלצן, עלעקטרישע חפצים), וואָס געוועקע האָט גענומען פון געטאָ אין דער זעלבער צייט. על כל פנים איז דער בריוו ניט דיקטירט געוועזן פון הומאַניטעט. אין אַן ענלעכן בריוו האָט געוועקע פאַרזיכערט — „אויף מיין נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער האַרטקייט קענט איר זיך פאַרלאָזן און מיין ווילן צום אויסראָטן די יידן איז אייך באַקאַנט״. איז דערפאַר זיכער, אַז דער אין בריוו אָנגעגעבע־נער טעם האָט טאַקע מכריע געווען, צו דער עקזיסטענץ פון געטאָ.

דער דאָזיקער בריוו געפינט זיך אין די אַקטן פון נירנבערגער טריבונאַל. קיין מער דירעקטע מאַטעריאַל וועגן שאַוולער געטאָ איז דאָרט נישטאָ. אויך דער בריוו איז אין זיין אנגעברענט, ווייזט אויס אַז די דייטשן האָבן אין שאוול באַוויזן צו פאַרברענען דעם אַרכיוו.




אויפן שאַוולער בית־עולם

(די מצבה איז געשטעלט געוואָרן נאָך דער באַפרייאונג).

# קאַזערנירונג

אין געטאָ האָט מען אַלץ דערפילט פאָרויס, יעדע גזרה האָט מען פריער געאַנט; נאָר קיין מיטלען, ווי זיך צו העלפן פון די גזרות זיינען דאָך ניט געווען, איז מען געגאַנגען מיט שרעק אין די הערצער דעם גורל אַנטקעגן.

אויף אַלעמענס ליפן איז געלעגן דאָס וואָרט: קאַזערני־רונג. מען האָט שוין געוווּסט דעם פירוש דערפון. עס מיינט צעטיילונג, צערייסונג פון משפחות, צעגלידערונג פון געטאָ פאַר טריבן ווערן הינטער ענגערע דראָטן.

מיט איין מאָל האָבן זיך אַלע אַ כאַפּ געטאָן „בקרנות המזבח", אָן די געטאָ־דראָטן. איצט, אין אָנבליק פון דער נייער סכנה, האָט מען פלוצים „דערזען" ווי „גוט" ס'איז אין געטאָ, ווי געאָרדנט דאָס לעבן איז דאָ, ווי „באַקוועם" און היימיש...

*

שוין אַ וואָך ווי מען ווייס, אַז איינער פון די לאַגער־קאָמענ־דאַנטן פון דאַכאַו, פ ע ר ס ט ע ר, געפינט זיך אין שטאָט. אין געטאָ קומט ער ניט. ער האָט זיך גאָר פריינדלעך דורכגערעדט מיט די יידן, וואָס אַרבעטן אין ס"ד, דאָרט וווּ ער קוואַטירט; ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי זיי און זיך געחידושט אויף דער קליינער פאַרפלע־גונגס־ראַציאָן, וואָס די יידן קריגן. פערסטער האָט דערציילט די יידן, אַז ער איז באַשטימט אַלס לאַגער־קאָמענדאַנט אין שאַוול און צו־געזאָגט פאַרבעסערן דאָס עסן. אַזוי האָט ער געשיקט זיין פריינד־לעכע וויזיט־קאַרטע, נאָר ער אַליין ווייזט זיך ניט אין געטאָ. מען ווייס אַפילו, אַז ער האָט זיך גענומען אַ גרויס הויז, ניט ווייט פון געטאָ און איר געלאָזט הערלעך אויסמעבלירן. און אָט האָט ער גערופן אַ יידישן דאָקטאָר פון געטאָ, ער זאָל אים היילן פון אַ שווערער מאגן־קראַנקייט. מיטן דאָקטאָר, פייסאַכאָוויטש, איז ער

זייער פריינדלעך און מיט דער יידישער קראַנקן־שוועסטער, לוניע, וועלכע קאָנסולטירט מיטן דאָקטאָר, רעדט ער געמיטלעך.

— — —

און פּלוצלונג איז ער פאַרפאָרן אין געטאָ, שנעל דורכגע־שפּרייזט איבער די געסלעך, געכאַפּט אַ קוק אין פאַבריק, ווו די יידן אַרבעטן, און ווידער פאַרשוווּנדן אויף לאַנגע טעג. שפּעטער האָט ער אָנגעפאַנגען קומען עפטער, אָבער אַלץ אויף מינוטיקע באַזוכן. ביי איינעם פון זיינע וויזיטן האָט ער אַ פרעג געטאָן, אַזוי זיך, כלאחר יד, וויפל געווער ס'איז באַהאַלטן, וויפל בונקערס עס זיינען פאַראַן אין געטאָ. געקראָגן די תשובה, אַז ס'איז נישטאָ, האָט ער אָנגענומען דעם ענטפער אָן דיסקוסיעס. ווען ער באַווייזט זיך אין געטאָ גייט זיין אַדיוטאַנט הינטער אים מיט אַ גרויסן פּאָרטפעל אין האַנט. יידן האָבן שוין פעסטגעשטעלט, אַז אין פּאָרט־פעל געפינט זיך אַ פּאַראַבעל*). פערסטער אַליין טראָגט נאָר אַ קליינעם רעוואָלווער אויפן זייט, ווי לפּאָרמע וועגן.

נאָך דער גאַנצער פריינדלעכקייט פילט דאָס געטאָ אַ מורא, וואָס אַזעלכע איז נאָך ביי קיינעם ניט געווען אַפילו אין די שווערס־טע טעג. ווי פערסטער באַווייזט זיך נאָר, אַזוי באַהאַלט מען די קינדער, אַלע צעלויפן זיך אין די ווינקעלעך. פערסטער אַליין האָט עס באַמערקט און געפרעגט: „פאַרוואָס האָט איר אַזוי מורא פאַר מיר, ווי איך באַווייז זיך ווערט פוסט אין געטאָ, איך האָב דאָך אייך קיין שלעכטס ניט געטאָן!...

אַזוי איז געווען זיין לאַנגזאַם און ביטערע באַקאַנטשאַפט מיטן געטאָ; אַן אויסגערעכנט־באַנדיטישער מאַנעוור. נאָר קיינער האָט זיך ניט געמאַכט קיין אילוזיעס, אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז דער קוילער, דער אָנפאַנגער צו דער אַנטגילטיקער פאַרניכטונג. זיין אויסזען האָט פאַרראַטן דעם מערדער אין אים. — מיטל וווּקס, ברייט־פּלייציק מיט אַ סקעלעטיש־שאַרף אויסגעביינערט צעקנייטשט און שטענדיק פאַרכמורעט געזיכט, אויף וועלכן ס'איז געלעגן ניט קיין האַס און ניט קיין בייזקייט, נאָר עפּעס אַ טויט־פאַרגליווערטע

---

*) אַ גרויסער רעוואָלווער.

מאַסקע, אַ בעסטיאַליש אויסזען, פון אַן אויסגערעכנטע טויט־דורשטנדיקע חיה. זיינע אויגן זיינען שטענדיק געווען אָנגע־גאָסן מיט שיכרותדיקן וואַנזין. לעבלעכע גרינע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך געגרינט און געגרוילט קבר, אָפּגרונט, תליה, קאַלטער מאָרד. זיינע אויגן האָבן זיך ניט באַוועגט, נאָר שטענדיק מעלאַנ־כאָליש געקוקט פאָרויס, ווי ניט־דאָ־וועלטיקע, ווי אַלע טויט־קראַמפּן, פון זיינע קרבנות, וואָלטן געבליבן שטעקן אין זיינע אויגן. אַ גרויל פלעגט באַפאַלן איטלעכן וואָס האָט לענגער געדאַרפט אים אָנקוקן. זיינע ליפּן זיינען געווען דינע און שטענדיק צוזאַמענגע־פּרעסט, ווי מיט ווייטיקדיקער עקשנות. ער פלעגט זיי עפענען שווער, ווי נאָך אַן אינערלעכן געראַנגל.

געוווּסט האָט מען, אַז ער קומט פון די באַלקאַן־לענדער, וווּ ער האָט „גערעגלט" די יידן־פראַגע... און, ווי ער אַליין דערציילט דעם דאָקטאָר, געטרונקען דאָרט זייער פיל ווייַן און שנאַפּס.

אין דאַכאו און אוישוויץ האָט פערסטער, אַלס אויבער־חיה, געהאַט געגנוג סאַדיסטישע פּראַקטיק, אין צעברעכן פריער זיינע קרבנות, איידער ער טויט זיי. מיטן סיסטעם פון ברויזע־באָד־שילד אויף די גאַז־קאַמערן, האָט זיך געלאָזט אַן ווידערשטאַנד אַרייַנקריגן דעם קרבן. די דייטשן האָבן פיינט געהאַט טומל; דער קרבן זאָל שרייען און זיך צאַפּלען — פון דעם האָבן זיי נאָר הנאה געהאַט ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן דעם קרבן זיכער אין פּאַסטקע.

נאָר דאָס מאָל איז פערסטערן ניט געלונגען. קיינער האָט זיך ניט געמאַכט קיין אילוזיעס — דער קרבן האָט זיך געצאַפּלט — קיין אַנטרינונג איז אָבער ניט געווען.

נאָך וואָכן נערוון־שפּאַנונג איז געקומען דער באַפעל: 1.000 יידן ווערן קאַזערנירט אויפן פלי־פּלאַץ; 500 אין ציגל־פאַבריק דאוגעל; פונקט אַזוי פיל אין טאָרף־לאַגער באַטסון; 260 אין צוקער־פאַבריק פּאַווענטש און 200 ביי די קאַלך־גרובן פון אַקמעיאַן (מאַ־זייקער קרייַז).

אויף די געטאָ־גאַסן האָט זיך געוואַלגערט פּיין און פאַרצווייפ־לונג: וווּ זאָל מען פאָרן? — מען קען זיך פאַרשרייבן, אַליין זיך

אויסקלייבן, ווו מען וויל. איז דאָס טאַקע נאָך ערגער. ווער קען באַשליסן איבערן אייגענעם גורל, ווער וויל עס טאָן מיט די אייגענע הענט? — מען וויל נאָר גיט אָפּגעריסן ווערן פון משפּחה. ווער עס רעכנט אויס, אַז אין קאַלך־ברענעריי וועט זיין בעסער, ווייל ס'איז ווייט פון געטאָ; אין יענעם קאַנט האָט מען שוין צוויי יאָר קיין יידן ניט געזען, האָבן די פויערים דאָרטן „ווייניקער" זאַכן, במילא וועט לייכטער זיין צו קויפן עסן, מען וועט קענען אויסבייטן די נאָך פאַראַנענע קליידער. די מערסטע ווילן אָבער בלייבן אין געטאָ, כאָטש דער גורל פון געטאָ שטייט אונטערן גרעסטן פראַגע־צייכן. נאָר דאָ איז מען שוין געוווינט — „ווו וועט מען זיך שלעפּן, זאָל שוין פּאַסירן וואָס עס וויל"; זוכט מען זיך אַריינצוקריגן אין פאַבריק אָדער אויף אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער, וואָס וועלן בלייבן ביים פאַבריק, אין געטאָ. די וועלכע קלייבן זיך צו פאָרן אין ווייטע־רע לאַגערן טראַכטן אויך: אפשר וועט מען אָן זיי פאַרגעסן. דאָרטן, ווייט פון צענטער, ווייט פון אַ באַן, וועט מען זיי לאָזן צו רו. די פּראָגנטן דערנענטערן זיך דאָך, באַלד וועט זיך ענדיקן די מלחמה, איז גוט צו ליגן אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקעל. אַ טייל יוגנטלעכע רייסן זיך אויך וואָס ווייטער פון געטאָ: אפשר דאָרטן, אין דאָרף, נענטער צו וועלדער, אונטער אַ קלענערער שמירה, וועט מען קענען אַנטלויפן פאַרבינדונגען „מיטן וואַלד", מיט פּאַרטיזאַנער.

יידן קאַלקולירן, מאַכן חשבונות און —

פערסטער ציט אונטער דעם לעצטן שטריך.

דעם 25טן סעפּטעמבער 1943*), פּונקט 7 אַז' פרי, איז באַ־שטימט געוואָרן פון פערסטערן דער ערשטער טראַנספּאָרט צום אַע־ראָדראָם. פערסטער איז געקומען באַגינען צום געטאָ און געהייסן די אַלטע און קינדער זאָלן פאָרן מיט אויטאָס. האָבן יידישע הער־צער פרייער אָפּגעאָטעמט, אין אַ סך אויגן האָט זיך צעפינקלט דאַנקבאַרקייט: דאָך אַ גוטער ס"ס־מאַן... נאָר פערסטער האָט

---

*) צוויי טעג נאָך דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ. זע „ווילנער יידן אין אַן עשאַלאָן".

פאַרצייכנט וויפל אַלטע און קינדער ס'זיינען אָפּגעפאָרן אין די אויטאָס.

נאָכדעם ווי פערסטער האָט רואיק דורכגעפירט די גאַנצע קאַזערנירונג האָט ער אויפגעלייזט דעם „קאווקאַזער" געטאָ־ראַיאָן. די איבער צוויי טויזנט יידן, וואָס זיינען געבליבן אַרבעטן אין פרענקל־לעדער־פאַבריק און אין אַנדערע שטאָט־אונטערנעמונגען, ווי ה.פ.מ. (הערעס פאַרפלעגונגס־מאַגאַזין) און ה.ק.פ. (הערעס קראַפטפאַרצאוג) זיינען צוזאַמענגעפרעסט געוואָרן אין טראקאווער געטאָ־ראַיאָן, לעבן פאַבריק. דאָס געטאָ האָט שוין געהייסן ק. ל. (קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער) און איז געווען אַן אָפּטייל פון קאָוונער לאַגער. (קאָוונער געטאָ איז שוין דאַן געווען אַן אָפּטייל פון דאַכאו). דער אָפיציעלער שטעמפל אויף די געטאָ־בלאַנקן ביי ס"ס איז געווען: „קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער קאוען, אָפּטיילונג שאולען". רומענישע פאָלקס־דייטשן, ס"ס־לייט, האָבן אַצינד באַוואַכט דעם לאַגער, אָנשטאָט די פריערדיקע ליטווינער־פאָליציי.

זיין פלאַץ, אַלס לאַגער־קאָמענדאַנט, און זיין וווינונג האָט פערסטער איבערגעלאָזן איינעם פון זיינע דאַכאַוער געהילפס־קאָמענדאַנטן, דעם אונטערשאַרפירער שלעף.

איצט איז פערסטער שפורלאָז פאַרשוווּנדן. נאָר זיין סאַדיסטישער פּנים און די שרעק פאַר זיין נאָך ניט דערפירטן פאַרניכטונגס־פלאַן, איז געבליבן שטעקן אין אַלעמענס הערצער.

# דער פּאַררעטער

פערסטער האָט קומענדיק אין שאַוול זיך געלאָזט פּאַראינטערעסירן מיט דער געשיכטע פון ג ע א ר ג  פּ אַ ר י ז ש ע ר ן. שוין לאַנג פלעגט פּאַריזשער שטיין פאַר פערסטערן אין אַ סטראַמער סאָלדאַטן־פּאָזע און מיט טרערן זיך בעטן אַרויס פון געטאָ, אונטעררוקנדיק אים זיין קריגס־מעדאַל. פערסטער האָט פון געטאָ פּאַריזשערן ניט באַפרייט, אָבער אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פון דער דייטשער פּאַרוואַלטערין פון „האָטעל בערלין“, ווו פּאַריזשער האָט געאַרבעט, האָט דער אונטערשאַרפירער שלעף, דער געטאָ־קאָמענדאַנט נאָך פערסטערס אַוועקפאָרן, באַשטימט געאָרג פּאַריזשער אַלס לאַגער־עלטסטן, אויפן אָרט פון מענדל לייבאָוויטש.

ווער איז געווען געאָרג פּאַריזשער?

ווי אַ סך דייטשע יידן איז ער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ פּאַטערלענדישער אָפיצער. אין ניינצן זיבן און צוואַנציק האָט ער געאַרבעט אַלס זשורנאַליסט פון דייטשע צייטונגען, וועלכע ס'זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון פאַרלאַג „זיבערט“ אין קעניגסבערג, (וועמענס מיטגרינדער ס'איז געווען דער מעמלער ראַבינער ד"ר לאַצאַרוס). פּאַריזשער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון זיין קריסטלעכן בעל־הבית, זיבערט. און, ווי ער אַליין האָט דערציילט, האָט ער זיך געטויפט, אָנגעמענדיק דעם קאַטוילישן גלויבן.

מיטן קומען פון די נאַציס צו דער מאַכט האָט פּאַריזשער אָנגעפאַנגען שפּילן דעם איבערגעגעבענעם נאַצי און אַפילו אַריינגעטראָטן אין ס"ד; די נאַציס האָבן אָבער דערטאַפּט זיין אָפּשטאַמונג און פּאַריזשער איז אַנטלאָפן אין מעמל־געביט, און פון דאָרטן אין שאַוול. דאָ האָט ער אָנגעפאַנגען לעבן אַלס ייד, געזוכט אַרבעט ביי יידן, אָפּגעגעבן זיין זון אין דער העברעאישער גימנאַזיע און גענומען הילף אין דער יידישער קהילה. אַז די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט האָט פּאַריזשער געפּועלט ניט צו גיין אין געטאָ. אייניקע

חדשים שפּעטער האָט ער דאָך געמוזט טיילן דעם גורל פֿון אַלע ייִדן, צוזאַמען מיט זיין פֿרוי, וועלכע האָט ניט געוואָלט אָננעמען די ברירה פֿון זיך שיידן מיט איר מאַן.

געלעבט אין געטאָ, געאַכטעט פֿון ייִדן, אויס דרך=ארץ צו זיין גווישקייט, האָט פֿאַריזשער דאָך מיט אַלע מיטלען און אַ דאַנק זיינע שוואָגערס, וועלכע האָבן פֿאַרנומען גרויסע אָפֿיצערן=פּאָסטנס אין דייטשלאַנד, געזוכט אַרויסצוגיין פֿון געטאָ, ניט טיילן דעם גורל פֿון דעם פֿאָלק, פֿון וועלכן ער איז מיט ניינצן יאָר פֿריער אַנטלאָפֿן.

פֿון שטענדיק רואיקן שטיל פֿאַרטראַכטן פֿאַריזשערן, וועלכער האָט אַפֿילו בסוד פֿאַרטרויט, אַז ער שרייבט אַ בוך וועגן נאַצישע רציחות, איז איצט, נאָכדעם ווי מען האָט אים באַשטימט אַלס לאַגער=עלטסטן, מיט איין מאָל אַרויסגעשפּרונגען דער משומד און יונקער צו גלייך. פֿאַריזשער האָט איבערגענומען די מאַכט (ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט — לויט זיין אייגענער ביטע) און, כאָטש אַליין געלעבט אין געטאָ, האָט ער זיך דערפֿילט ווי אַ דייטש. זעלטן פֿלעגט אויפֿטויכן אין אים דאָס פּינטעלע ייִד. געווען מ י נ ו ט ן ווען פֿאַריזשער פֿלעגט אין אַכט נעמען אַז ער איז דער י י ד י ש ע ר פֿאַרטרעטער. אָבער, ווי געזאָגט, נאָר געציילטע מאָלן זיינען עס געווען. פֿאַריזשער איז געווען האַרט און געזעציק. ער האָט „פֿאַרגעסן“, אַז אויך ער פֿלעגט שמוגלען פּראָדוקטן דורכן דראָט אין די פֿאַרגאַנגענע חדשים. פֿאַריזשער האָט אָנגעפֿאַנגען לעבן ווי אַ קליינער קעניג. אויך אים האָבן די ייִדן געדאַרפֿט געבן כאַבאַר, ווי צו די דייטשן; גייען, קליידן, אויסהאַלטן מיט אַלעם גוטן. וואָס ווייטער ער איז געגאַנגען אין זיין מאַכט, אַלץ מער פֿאַרשיכורטער איז ער געוואָרן. זיינע הענט האָבן אָנגעפֿאַנגען פֿאַרגיסן ייִדיש=בלוט!

אַז די דייטשן האָבן געפֿאָדערט פּופֿציק ייִדן (צו פֿאַרברענען דערמאָרדעטע פֿון די מאַסן=גריבער. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען זיי האָבן אָנגעפֿאַנגען פֿאַרווישן זייערע פֿאַרברעכנס), האָט פֿאַריזשער זיך אַריינגעזעצט מיט די ס״ס=לייט אין אויטאָ, פּונקט ווי ער וואָלט געווען איינער פֿון זיי, און געפֿאָרן אין דערבייאיקן

לאַגער*), פון וואַנעט ער אַליין האָט אָפּגעקליבן פּופּ־ציק געזונטע יידן און זיי אָפּגעגעבן צו די ס"ס־לייט, כאָטש אַלע האָבן געוווסט, אַז נאָך דעם ווי די יידן וועלן אָפּטאָן די אַרבעט וועט מען אויך זיי פאַרברענען.

צו אָט דער צייט האָבן די רומענישע ס"ס־וואַך־מענער געלעבט אין געטאָ. זייער וואַך־שטוב איז געווען ביים געטאָ־טויער און זייער עלטסטער איז געווען אַ דייטשער געפרייטער. דאָס געטאָ האָט דעם דאָזיקן געפרייטן גערופן „משה פלעק". פאַרוואָס משה? — איז גיט באַקאַנט; פלעק האָט מען אים גערופן צוליב דער רויט־פלאַ־מיקער ליגקער באַק.

„משה פלעק", וועלכער האָט געפירט אַ ליבע מיט פאַריזשערס פרוי, און געאָרג פאַריזשער זיינען געווען די פּאַקטישע בעלי־בתים פון לאַגער. נאָך „משה פלעק" און אַפילו שלעף, וועלכער פלעגט סו־מען יעדן טאָג נאָר אויף באַזוכן אין לאַגער, האָבן זיך אין אַלץ פאַרלאָזן אויף פאַריזשערן. ביי פאַריזשערן פלעגן זיי קומען אויף בעלער, מיט זיין פרוי און טעכטערל גיין שפּאַצירן און אויף אים זיך פאַרטרויט אַלע סודות. פאַריזשער האָט געוווסט וועגן אַלע זיך גרייטנדיקע אַק־ציעס, געוווסט אַלע געהיימענישן און — זיי געטראָגן אין זיך, ווי איינער פון די מערדער.

פאַריזשערס אַכצן־יאָריקער זון, האַנס, אַ געוועזענער מיטגליד פון היטלער־יוגנט, האָט פיינט געהאַט יידן. דווקא פרוי פאַ־ריזשער, די פול־בלוטיקע אַריערין איז געווען די, וואָס האָט זיך געחברט מיט יידן און געטראָגן ביידע מגן דודס, כאָטש איר איז געווען דערלויבט צו טראָגן נאָר איינעם, אויף דער ברוסט אַליין. (שפּעטער האָט מען די גאַנצע פאַמיליע באַפרייט פון טראָגן צייכנס).

פאַריזשער האָט געגישטערט איבערן געטאָ, געזוכט צו אַנט־דעקן געווער, קאָנספּיראַטיווע קעמערלעך, זיך געזוכט אַגענטן. ער אַליין האָט מיטגעהאָלפן פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ שווערן אַרבעטס־לאַגער, מיט אַ טורמע־רעזשים. ער האָט פאַרבאָטן, אונ־

*) אין דעם לאַגער זיינען געווען יידן נאָר פון ווילנער קאַנט.

טער טויט־שטראָף, זיך צו באַווייזן ביינאַכט אין דרויסן. נאָר גאָר שווער־קראַנקע פלעגן איצט קריגן באַפרייאונג פון דער אַרבעט. דער גאַנצער לאַגער האָט געציטערט פאַר פאַריזשערן און געלעבט אונטער זיין קאָנטראָל.

זיין לעצטע פאַרעטערישע ראָל האָט ער אָבער אָפּגעשפּילט ביי דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

# שוואַרצער פֿרייטיק

אין דער לופֿט האָט זיך געפֿילט טויט. די געטאָ=אייננווינער האָבן געהאַט זייערע סימנים פֿאַר שרעקלעכע טעג. איינער פֿון די סימנים, פֿאַר די גרויל=טעג, וואָס קומען איצט, איז געווען דאָס, וואָס מען האָט אָנגעפֿאַנגען געבן בעסער עסן. ס״ה האָט אין די טעג אויסגעטיילט פֿאַרפֿלעגונג פֿאַר קינדער, מער ברויט און אַפֿילו קאָנפֿעקטן — — —

— „מען גיט שוין ווידער מער צום עסן, ווייזט אויס ס׳וועט זיין אַן אַקציע“. אַזוי האָבן מיילער געשעפּטשעט, שטיל — שטיל; ניט געוואָלט אַרויסריידן אָפֿן די שוואַרצע אַנונגען. נאָר אַלע האָבן געפֿילט, אַז די קינדערלעך קומען איצט אין דער ריי.

*

שוין אַ פּאָר וואָכן פֿאַר די „סימנים“ זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דערפֿילט די אין חלל הענגענדיקע סכנה. האָבן, לויטן פֿאָרשלאַג פֿון „מסדה“, באָרים קאַרטון פֿון עלטסטנראַט און איזא שאַפּיראָ פֿון „מסדה“, פּרובירט צו=געפֿינען ערטער אין שטאָט, וווּ צום באַהאַלטן די קינדער. שאַפּירא און קאַרטון האָבן באַזוכט גלחים, קריסטלעכע קינדער=היימען, זיך געבעטן זיי זאָלן צונעמען קינדער פֿון געטאָ, נאָר אומעטום האָבן זיי געקראָגן דעם זעלבן ענטפֿער: „מיר האָבן מורא“. דער דירעקטאָר פֿון ליטווישן קינדערהיים האָט מסכים געווען צוצונעמען... צוויי קינדער. דער יידנפֿריינדלעכער גלח לאַפּאַס האָט געבעטן מען זאָל אים לאָזן אַ פּאָר מאָנאַט ביז ער וועט צוגרייטן איינציקע ערטער, פֿאַר עטלעכע קינדער, און דאָס — בלאָנדע קינדער, מיידעלעך, אָדער ניט געמלטע יינגעלעך, וואָס ריידן נאָך ניט, אָדער ריידן ליטוויש.

ווען ראַטעווען די 800 קינדער פֿון געטאָ, אָדער אַ גרעסערן צאָל פֿון זיי — האָט שוין ניט געקענט קומען אין פֿראַגע.

*

אַ געדיכטער נעפּל האָט איינגעהילט דעם פרימאָרגן. אַ ווינטער־פרעסטל האָט געוויזן די געטאָ־דעכער. עפּעס אַן אינערלעכע אומרו האָט אויפגעהויבן אַלעמענס מידע גופים פון די געלעגערס. האָבן מענטשן זיך אַ וואָרף געטאָן צו די דראָטן, זען וואָס ס׳קומט פאָר אין שטאָט. נאָר ביקסן האָבן זיך געצילעוועט פון יענער זייט דראָט, געטריבן צוריק אין די הייזער אַריין. אָנשטאָט די פּאָסטנס זאָלן שטיין פון אינעווייניק, אין געטאָ, ווי שטענדיק, זיינען זיי איצט געשטאַנען פון דער דרויסנדיקער זייט.

פאַרוואָס לאָזט מען היינט ניט אַרויס צו דער אַרבעט?

קיינער האָט ניט געקענט ענטפערן אויף דעם. האָט, ווי אַ בליץ אין שטורם, די ידיעה זיך אַ טראָג געטאָן איבערן געטאָ. אינסטינקטיוו האָבן מאַמעס אָנגעפאַנגען רייסן קינדער פון שלאָף, שלעפּן זיי אין קעלערן, אויף בוידעמער, באַהאַלטן אין לעכער, אין קלאָזעטן, פאַרגראָבן אין מיסט־קאַסטנס, אין צוגעגרייטע באַהעלטענישן און וווּ איינעם איז נאָר איינגעפאַלן אין דער דאָזיקער שיגעון־מינוט. דאָס גאַנצע געטאָ איז פול געוואָרן מיט היסטעריע־געשרייען פון הלשנדיקע מאַמעס, פאַרצווייפלטע טאַטעס. אַלעמען איז ענג געוואָרן די אייגענע הויט.

פלוצלונג האָט אַן אויטאָ זיך באַוויזן ביים געטאָ־טויער. פ ע ר ס ט ע ר איז ווידער געשטאַנען ביים געטאָ און — זיך „ערנסט“ געבייזערט אויף די שומרים, פאַרוואָס זיי האָבן ניט אַרויסגעלאָזן צו דער אַרבעט...

דאָס געטאָ האָט פרייער אָפּגעאָטעמט...

— הייסט עס, — אַ טעות, מען לאָזט גאָר צו דער אַרבעט, פערסטער וויל נאָר אַליין קאָנטראָלירן, וויפל אַרבעטער עס גייען אַרויס — איז זיך צעפלויגן אַ זאָגעריי איבערן געטאָ.

די יידישע אָרדנונגס־דינסטלער זיינען געלאָפן פון הויז צו הויז, געטריבן: גיכער, גיכער אַרויס צו דער אַרבעט! זיי האָבן געשלעפּט פון באַהעלטענישן. — אַלע מוזן היינט גיין: „זאָלן זיי זען, אַז מיר אַרבעטן“. נאָר ביים פאַבריק־טויער, וווּ עס האָבן זיך געריסן די מערסטע צאָל מענטשן, איז געשטאַנען דער אַרבעטס־אַמט־לייטער, טשערניאַווסקי, און געפאָדערט די קאַרטעלעך, די אַרבעטס־

נומערן: „האָ, הײנט זײט איר אַלע געװאָרן אַרבעטער, אַזױ קען מען אײַך ניט אַרױסטרײַבן פֿון די בעטן“. בײַם טױער האָט זיך באַװיזן אַ ציטערדיקער אַהרון כ״ץ. ער האָט אַ שלעפּ־געטאָן טשערניאַװסקין: — אַװעק פֿון דאַנעט! לאָז דורך אַלעמען װער עס קען זיך ראַטעװען!

בײדע געטאָ־טױערן זײַנען באַלאַגערט געװען. ײדן האָבן זיך געשטופּט, געריסן, װאָס גיכער צו פֿאַרלאָזן דאָס געטאָ.

פֿון װײַטן, פֿאַרהױלן פֿאַרן געטאָ, זײַנען געשטאַנען די מערדער מיט אױסגעאײַלטע מאַשין־געװער אױף די פּלײצעס.

— — —

*

נײן, נײן, עס איז נישטאָ דער פּסיכאָלאָג, װאָס זאָל אונדז דערקלערן, װעלכער נערװן־קאָמפּלעקט עס האָט דאַן געאַרבעט, אָדער ניט געאַרבעט, בײַ די מענטשן. פֿאַרװאָס האָט מען זיך געריסן צום טױער, לאָזנדיק קינדער און אַלטע אַלײן? — זײַנען די מאַמעס און טאַטעס ניט געװען בײַ די קלאָרע געדאַנקען, איז עס געװען די בלינדע שטױס־קראַפט צום לעבן? פֿאַרװאָס האָט זיך קײנער ניט אָפּגעגעבן קײן קלאָרן חשבון, איז עס אַזױ שטאַרק געװען דער טריק פֿון די הענקער?

עס איז געװען אַ קאָשמאַר, די געדאַנקען זײַנען בײַ אַלעמען פֿאַרנעפּלט געװען, װי פֿאַרנעפּלט ס'איז געװען דער באַגינען.

*

אַז די אַרבעטער זײַנען אַרױס דורך די טױערן האָט אַ ראָטע פֿון פֿינף הונדערט באַװאָפֿנטע לעטישע און אוקראַאינישע ס״ס־לײַט זיך אַ לאָז־געטאָן פֿון זײערע באַהעלטענישן אין געטאָ־אַרײַן. פֿערסטער האָט אױפֿגעפֿאָדערט די ײדישע „אָרדנונגס־מענער“, זײ זאָלן צושטעלן בײַם טױער אַלע קינדער ביז צװעלף יאָר.

— װער קען פֿאַרבײַ גײן, ניט פֿאַרשרײַבנדיק לזכרון, טעמפּע פּחדנות און נאַרישקײט: — דער פּאָליצײַ־שעף, אפֿרים גענס

האָט מיט זיינע אייגענע הענט, אַ ל ס ב יי ש פּ י ל, צוגעטראָגן זיין אייגענעם קינד! פּערסטער האָט אַ שמייכל געטאָן ווען ער האָט צו־גענומען דעם קרבן פון טאַטנס הענט. געגם האָט סאַלוטירט...

(און אָט דער טאַטע לעבט. ניט אויף מאָרגן און ניט היינט האָט ער זיך אויפגעהאַנגען אויס עקל צו זיך אַליין).

ניט אַלע מאַמעס אָבער האָבן נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל...

אַז די יידישע פּאָליציי האָט ניט געקענט דורכפירן די אַרבעט האָבן זיך אַ לאַז־געטאָן די אוקראַאינער און לעטן אַליין. צענדליקער מאָלן איז מיט שפּיר־הינט אַדורכגעזוכט געוואָרן יעדעס הויז. יע־דער מענגלעכער פּאַרשטעק־אָרט, און —מאַמעס האָבן געקעמפּט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען — מיט יידישע: געלט, אונטערקויפנדיק די מערדער, און, מיט גויישע: מ ע ן ה אָ ט ז י ך ג ע ש ל אָ ג ן מ י ט פ ו י ס ט ן א נ ט ק ע ג ן ב י ק ס ן.

מאַמעס האָבן, וועלנדיק אויסבאַהאַלטן זייערע קינדער אין פּולע בעטן בעטציייג, אַליין זיי דערשטיקט — געראַטעוועט פון די הענקער און געפונען אַ טויט קינד. אַ מאַמע האָט, פון פאַרצווייפל־טער אומפּאַרזיכטיקייט, דערטרונקען איר קינד אין אַ קלאָזעט. אויף מאָרגן האָט מען דאָס קינד אַרויסגעשעפּט פון דער צואה.

אַז די הענקער האָבן געפונען טויט־דערשטיקטע קינדער האָבן זיי געשלאָגן די מאַמעס און זיי מיטגענומען צוזאַמען מיטן טויטן קינד.

אין צייט פון די רעוויזיעס האָט ס"ס צוזאַמענגעטריבן אויפן פּלאַץ, ביים געטאָ־טויער, אַלע די וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ, קראַנקע, אַלטע, אין געטאָ אַרבעטנדיקע און אין באַהעלטעניש געפונענע. איבער זעקס הונדערט מענטשן. און ס"ס האָט זיי באַוואַכט אויפן פּלאַץ 8 שעה צייט, ביז די רעוויזיעס האָבן זיך געענדיקט.

פון אַלע געטאָ־הייזער האָט זיך געטראָגן אַ הימל־שפּאַלטנדי־קער געוואַלד, פון געכאַפּטע קינדער און מאַמעס, וועלכע האָבן גע־פירט דעם פאַרבּיטערסטן געראַנגל.

אַלע שעה זיינען אָפּגעפאָרן צוגעדעקטע אויטאָס מיטן לעבעדיקן רויב פון געטאָ. געפאָרן צום באַן, ווו די קינדער זיינען פאַרלאָרן געוואָרן אין וואַגאָנעס. כצאן לטבח יובל.

נאַקעטע קינדערלעך, ערשט געבוירענע, און קינדער שוין עלטערע, האָבן ווי לעמעלעך זיך געלאָזט שלעפן פאַר די הענט און פיסעלעך, געשליידערט געוואָרן אין די אויטאָס. די קינדער האָבן ניט געוויינט, זיך ניט געבעטן ביי די מערדער. נאָר שטומע, האַס־פולע, קללה־פולע אויגעלעך האָבן שטאַרק געקראַמפט פון יסורים.

מערדער! ביזן לעצטן דור אייערן זאָל נאָכגיין די בליקן פון די קינדער. פאַרסמען אייער לעבן, פאַרווירן אייער מחשבה, אייך טרייבן אין שיגעון, איר זאָלט פון זיי קיין רעטונג ניט געפינען און קיין מנוחה ניט האָבן ביזן לעצטן אָטעם פון אייער לעצטן דור.

אַז די נאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען דערנענטערן האָבן די מערדער, מיד פון בלוט־רויב און בראָנפן, אויפגעהערט זייער געיעג. ערשט דאַן האָבן די כאַפּטע מערדער־פירער, פון אַלע ראַנגען און אָפּטיילונגען, ס"ס און ס"ד, אונטער־שאַרפירער און אָבער־שאַרפירער, אונטער דער קאָמאַנדע פון פערסטערן, אָנגעפאַנגען דורכלאָזן די צוזאַמענגעטריבענע אויפן געטאָ־פּלאַץ.

דורך אַ שמאָלער עפענונג „כבקרת רועה עדרו" זיינען די יידן איינציקווייז אַדורך. די מערדער האָבן סעלעקציאָנירט — אַ טייל געשיקט אין די אויטאָס, צום טויט, די אַנדערע זיינען אַוועק אין זייערע פינצטערע היימען.

באַריס קאַרטון און אהרון כיץ זיינען מיטגענומען געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט „כדי אַליין זיך צו איבערצייגן" — לויט די ווערטער פון פערסטערן — אַז מען פירט די קינדער אין אַ קינדערהיים אין דייטשלאַנד.

*

די אַרבעטס־פּלעצער האָבן געהאַט פון פערסטערן אַ שטרענגן באַפעל, ניט אָפּצולאָזן קיינעם פון דער אַרבעט פאַר די נאַכט־שעהן.

טייל ווערמאַכט־סאָלדאַטן און ציווילע דייטשן אויף די אַרבעטס־פּלעצער זיינען דעם טאָג געווען אויפפאַלנד גוט צו די אַרבעטנדיקע ייִדן. זיינען ייִדן אומרואיק געוואָרן פון דער „גוטסקייט", פאַרשטאַנען, אַז עפּעס קומט פאָר אין געטאָ. ביי געוויסע גוטע סאָלדאַטן האָט מען געפּועלט זיי זאָלן צופאָרן צום געטאָ, זען וואָס דאָרטן קומט פאָר. האָבן זיי געבראַכט גרוס, אַז מען לאָזט קיינעם צום געטאָ נישט צו. די נערוועזיטעט פון פינצטערע אנונג האָט אַלעמען געטריבן צו פאַרצווייפלענדער אַפּאַטיע, האָט מען ניט געאַרבעט. נאָר די דייטשן האָבן ניט „איינגעגריפן". אַנדערע האָבן זיך געהאַלטן ווי פאַרשעמט. איינער פון די דייטשן, ד ע פּ ע, זאָל אויף מאָרגן האָבן געזאָגט: איצט האָבן מיר דעם קריג פאַרשפּילט, גאָט וועט ניט לאָזן אומבאַשטראָפט דעם מאָרד אויף קליינע קינדער. איך שעם זיך צו זיין אַ דייטש.

געווען אָבער אויך אַזעלכע ווערמאַכטלער, וואָס האָבן ערשט איצט שטאָלצירט מיט זייער דייטשנטום און זיך אויף מאָרגן אינדזיעקעווועט איבער די אומגליקלעכע מאַמעס.

*

אַז די קאָלאָנעס זיינען ביינאַכט צוריקגעקומען פון דער אַרבעט האָט ביים טויער זיי אָפּגעוואַרט די שוואַרצע בשורה. פינצטער איז געווען אין געטאָ און ווילד־פאַרצווייפלטע קולות האָבן געשניטן די פינצטערניש ווי מיט מעסערס. ניט געווען אַ שטוב אָן אַ טויטן, קיין אויג אָן בלוטיקע טרערן, קיין האַלדז אָן געוויין, קיין האַנט וואָס האָט ניט געפּליקט די אייגענע האָר פון קאָפּ. דער גאַנצער לאַגער האָט אויסגעזען ווי איין גרויסער בית־עולם און דול־הויז צוזאַמען.

רואיק האָבן די געטאָ־פּאָסטנס באַוואַכט דאָס געטאָ. ניט געשטערט צו שרייען די פאַרצווייפלט צעבראָכענע מאַמעס, וואָס האָבן געפּליקט די קליידער אויף זיך און קריעה געריסן זייערע הערצער, און ניט איינע אַראָפּגעפירט פון זינען.

*

אויף מאָרגן, שבת פרי, זיינען ווידער געגאַנגען אַרבעטס־קאָלאָנעס. מענער האָבן געפירט זייערע הלשנדיקע פרויען אונטער

די ארעמס, די גאַסן זיינען פול געווען מיט געוויין. שטיל, שטיל, האָבן מאַמעס געוויינט, זיך געשעמט „פאַר דער גאַס". און די גאַס? — האָט רואיק פולסירט אין איר פריי־לעבן.

בורגין איז געשטאַנען ביים געטאָ־טויער, זיך געקליבן איבער־נעמען כיו'ס אָרט אין עלטסטנראַט. ער האָט גערופן צו אָרדנונג און דיסציפלין...

אך, זיינען יידן געווען דיסציפלינירט!...

און וואָס זאָל מען באַווייגען מערער — דעם „שוואַרצן" פרייטיק, אָדער דעם זוניקן שבת פרי, ווען די הונדערטער פאריתומטע מאַמעס און טאַטעס האָבן זיך געריסן אַרויס פון געטאָ, אין מורא, טאָמער קומט ס"ם היינט ווידער?

שטאַרקער פון טויט איז דער ווילן צום לעבן!

*

שבת ביינאַכט זיינען געגאַנגען די גאַסן־עלטסטע אין די הייזער, פאַרשרייבן ווער עס פעלט, ווייל מען דאַרף מער ניט געבן קיין עסן. אין דער זעלבער שעה זיינען די איבער אַכט הונדערט קרבנות אָנגעקומען אין אוישוויץ.

דער טאָג פון דער קינדער־אַקציע, 5טער נאָוועמבער 1943, איז אַריין אין דער געטאָ־געשיכטע אונטערן נאָמען „שוואַר־צער פרייטיק". נאָר — וואָס זאָגט „שוואַרץ" פאַר אַזאַ בלוטיק רויטן טאָג!

* * *

די קינדער=אַקציע אין די קאַזערניר=לאַגערן איז פֿאָרגעקומען אַ טאָג פֿריער, דעם 4=טן נאָוועמבער. געסטאַפּאָוצעס, צוזאַמען מיט פֿערסטערן, זיינען אַרומגעפֿאָרן אין די לאַגערן. פֿלעגן צוזאַמענרופֿן די יידן אויף אַ צייל=אַפּעל אין עס=באַראַק, אַרויסנעמען די קינדער פֿון די רייען, געוואָרפֿן אין אַן אויטאָ און ביינאַכט זיי געבראַכט צום עשאַלאָן אויפֿן שאַוולער וואָקזאַל.

אין פּאַווענטש האָט פֿערסטער אַרויסגענומען די עלטערע קינדער פֿון די וואַגאָנעס, אין וועלכע זיי האָבן געאַרבעט ביים אָפּסאָרטירן בוריקעס. פֿערסטער האָט דערביי אויסגעדריקט זיין רחמנות אויף די קינדער, וואָס דאַרפֿן נעבעך אַרבעטן אין קעלט. פֿערסטער האָט געזאָגט די עלטערן (אַזוי אויך אין געטאָ), אַז ער פֿירט די קינדער אין אַ קינדער=היים אין אָסט=פּרייסן...

שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין דער נאַכט צום 5=טן נאָוועמבער איז געווען אַ שליח צום געטאָ=דראָט, געשיקט פֿון די „מסדה"=חברים אין פּאַווענטש. דער שליח, אַ באַצאָלטער גוי, האָט געבעטן אַ יידן, דורכן דראָט, אַרויסרופֿן ישראל וויץ. דער ייד האָט דאָס ניט געטאָן און דער גוי, מורא האָבנדיק צו שטיין ביינאַכט לענגער ביים דראָט, איז אַוועק. פֿון זעלבן לאַגער, פּאַווענטש, האָט מען אויך געקראָגן אַ מעגלעכקייט זיך צו פֿאַרבינדן טעלעפֿאָניש אין פֿרענקעלס פֿאַבריק, בעטנדיק, אַ באַקאַנטן ליטווינער, ער זאָל איבערגעבן וועגן דער קינדער=אַקציע אין לאַגער. עס איז שוין געווען שפּעט, יידן זיינען שוין אין פֿאַבריק ניט געווען, האָט דער ליטווינער אָפּגעלייגט עס איבערצוגעבן מאָרגן...

אין לאַגער פֿון קאַלך=ברענעריי, ביי אַקמעיאַן, איז, ווייזט אויס, די מערדער געווען צו ווייט צו פֿאָרן, האָבן זיי דאָרט די קינדער=אַקציע ניט דורכגעפֿירט. זייער בלוט=דורשט האָט אָבער ניט גערוט. אַ חודש נאָך דער אַקציע אין געטאָ האָט דער דאָרטיקער קאָמענדאַנט געקראָגן אַ באַפֿעל אַדורכצופֿירן די אַקציע אַליין און אויפֿן אָרט. אין אַ באַגינען האָט ער אָפּגעקליבן 10 קינדער און אַלטע, זיי אַליין דערשאָסן לעבן טיר פֿון באַראַק. אויפֿן זעלבן אָרט האָט מען זיי מקבר געווען.

*

אַ קורצער צײַט נאָך דער קינדער־אַקציע האָט מען אײַנקאַזערנירט אין „האַ.בע.אַ.“ גופֿא, אויפֿן פֿאַבריקס־הויף, די שוין פֿון לענגער דאָרט אַרבעטנדיקע ייִדן.

דער צאַלמײַסטער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַנטי־נאַצי. האָט מען אים געבעטן לאָזן זיך אײַנקאַזערנירן, אין זײַן לאַגער, די משפּחות וואָס האָבן געראַטעוועט זײערע קינדער. ער האָט באַוויליקט.

דעם 11טן מאַי 1944, איז געקומען אויף אַ באַזוך קײן שאַוול, פֿון קאָוונע, דער באַקאַנטער ייִדן־מערדער געקע. איז דער צאַלמײַסטער געקומען באַגײנען אין לאַגער אָנזאָגן, אַז געקע איז דאָ, מען זאָל באַהאַלטן די קינדער. האָט מען פֿאַרבאַריקאַדירט די קינדער אינעם ווײַטסטן און טיפֿסטן קעלער, וואָס איז געווען אין בלאָק־הויז, ווו עס האָבן זיך געפֿונען די ווערקשטובן און לאַגערן. אײניקע קינדער האָט מען אויך פֿאַרשטעקט אין די שיך־ און קלײדער־מאַגאַזינען.

אַזוי האָט מען דעם טאָג געראַטעוועט די פּאָר צענדליק קינדער פֿון געקעס אויגן.

די האָזיקע לעצט־געראַטעוועטע קינדער האָבן די מערדער שפּעטער פֿאַרברענגט אין שטוטהאָף.

# הייב זיך טישעלע

... לעשט אוים דאָס ליכט. פינצטער דאַרף זיין. איז דאָס טישעלע אינגאַנצן געקלעפּט, אָן משוועקעס?

טאָ לייגט איצט אַרויף די הענט אויפן טישעלע, וואַרעמט אים אָן.

שטאַרע בליקן, פאַרקראַמפּטע גערוון, ציטער־פולע הערצער. הענט טרייסלען זיך אויפן טישעלע, אין הייליקן ציטער, און פיבערדיקער מורא.

דאָס טישעלע דאַרף אַנטשיידן דעם גורל פון די פאַרשלעפּטע קינדער, וואָס מיט זיי איז געוואָרן, צי לעבן זיי אָדער זיינען זיי שוין טויט, צי האָבן זיי עסן אָדער הונגערן זיי. אַלץ וועט דאָס טישעלע זאָגן, ער וועט עס אויסקלאַפּן.

וואָס איז ספּעריטיזם און וואָס איז מאַסן־פּסיכאָז ?

צוויי מאָל טויזנט מענטשן זיינען פון זינען גערירט געוואָרן !

ווער האָט די דאָזיקע שוואַרצע מאגיק אויסגעטראַכט ?

ווער האָט דעם כישוף אַריינגעבראַכט אין געטאָ ?

ווער האָט אויסגעפונען די טרייסט פאַר מאַמעשע הערצער?

ווי אַזוי האָט דאָס טישעלע זיך געהויבן ?

פאַרוואָס האָט דאָס טישעלע געזאָגט נאָר טרייסטונגען און גוטס ?

אַז דאָס טישעלע איז „וואַרעם געוואָרן" האָט איינער אים געבעטן, געבעטן מיט תחנונים, מיט געמיט־צעבראָכנקייט, מיט טרערן:

„הייב זיך טישעלע". און אַלע האָבן אונטערגעהאָלפן:

„טישעלע הייב זיך, העכער, העכער, נאָך העכער".

אַז דאָס טישעלע האָט זיך אויפגעהויבן און איז שטיין געבליבן ווי אַ קאַץ אויף די הינטערשטע לאַפּקעס, האָט איינער אים גע־

פרעגט: ווו זיינען אונדזערע קינדער ? — אויב אין אוישוויץ, גיב מישעלע איין קלאַפּ.

האָט זיך דאָס מישעלע לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזן און אויסגע־קלאַפּט איין קלאַפּ.

„מישעלע הייב זיך !"

און אַז דאָס מישעלע האָט זיך ווידער אויפגעהויבן האָט מען אים געפרעגט: — איך וועל בלייבן לעבן ? אויב יאָ, גיב איין קלאַפּ.

— בום ! —

דאן האָט מען אויספּרובירט אויב דאָס מישעלע זאָגט טאַקע אמת.

— וויפל קנעפּלעך האָב איך אין מיין רעקל ?

דאָס מישעלע האָט געענטפערט, פינקטלעך, ריכטיק.

— וויפל קינדער האָט מען אַוועקגעפירט אין אוישוויץ ?

— בום, בום, בום, בום — — —

און פאַרשמאַכטע הערצער האָבן מיט הייליקן ציטער געציילט די קלעפּ פון אורים־ותמים־מישעלע, געציילט ביז טיף אין דער נאַכט אַריין.

*

מישעלעך האָבן מיטגעוואַנדערט אויף די אַרבעטס־פּלעצער, קליינינקע מישעלעך אַזעלכע, ספּעציעל אויסגעמאַכטע, און העגט האָבן, יעדע פרייע מינוט, געוואַרעמט די מישעלעך און זיך דער־וואַרעמט פון די גוטע ענטפערס.

*

ווער האָט אין יענע טעג ניט צוגעלייגט זיין האַנט צום מישע־לע? — אינטעליגענט און אַרבעטער, פרום און פריי, אַלץ האָט געגלויבט, געוואָלט גלויבן, אַז דאָס מישעלע זאָגט אמת. ווער האָט זיך ניט, כאָטש איינמאָל, אָפּגעשלאָסן אין צימער מיטן „מישעלע" אַליין און אויסגעקוועטשט דעם לעצטן ביסל נערוון־סאַק פון די צעשויבערטע געהירן אין ווילדער עבודה־זרה ?

און ס'פלעגן שוין אויך צוויי דריי מאַמעס זיך אָפּשליסן אין אַ באַזונדערן פינצטערן חדר און שיקן גרוסן, קושן, צערטל־רייד צו זייערע קינדערלעך. געגלויבט, אַז דאָס מישעלע קען, פונקט ווי

ענטפערן אויף זייערע פראַגן, אויך טראַנסמיסירן זייערע געדאַנקען צו די קינדער.

שטיל און פינצטער איז געווען אין די שיגעונדיקע „טראַנסמיסיר הדרים“, ווו נאָר מאַמע־ליפּן האָבן זיך קוים באַוועגט אין תּפלה־צערטל־קרעכצן און פון זייערע אויגן זיינען געלאָפן טרערן — וועלכע זיינען אין קיין בעכער ניט געזאַמלט געוואָרן, פּונקט ווי זייערע גרוסן האָבן זיך שוין ניט אָנגעשלאָגן אין די קינדערשע הערצלעך, וואָס זיינען פאַרברענט געוואָרן אין אוישוויץ.

נאָר געווען זיינען מאַמעס, וואָס האָבן געהאַט אַ בעסערע סגולה: — אָנצינדן שוואַרצע ליכט ביינאַכט ביים שפּיגל און אַרויסרופן די נשמהלעך פון זייערע קינדער —

— נאָר די מאַמעס זיינען שוין געלאָפן איבער די געטאָ־גאַסן מיט בינטלעך שמאַטעס צוגעפּרעסט צום האַרצן, ווי קינדער, און געזונגען וויג־לידער — — —

# ווּ איז משהלע?

זיין טאַטע־מאַמע און די גאַנצע משפּחה זיינען דערהרגעט געוואָרן דורך די ליטווינער, גלייך אין די ערשטע טעג. משהלע האָט זיך גראָד אין יענע שעה געשפּילט אויפֿן פערדן־מאַרק, וואָס לעבן זייער שטוב, ביים ענדע שטאָט, לעבן שפּעטערדיקן געטאָ.

משהלע האָט זיך געשפּילט מיט זיינע ליטווישע חברים און „פאַרשפּילט" דעם טויט. אַז ער איז געקומען אין שטוב, געפונען אַלעמען דערמאָרדעט, איז ער אַוועק צו די שכנים, צו די גויים. און אַז די יידן זיינען אַריין אין פארשטאט, ארומגעצאמט געווען מיט דראָט, איז משהלע אַריין צו די יידן — אין געטאָ. אַזוי איז משהלע געוואָרן אַ געטאָ־קינד. ער האָט געהערט אין געטאָ אַלעמען און דערפאַר — קיינעם ניט. אַלע האָבן געמוסרט משהלען, געשריען ער זאָל זיך וואַשן, ניט זיין שמוציק, זיך אָפּוּוישן דעם נאָז. נאָר קיינער האָט זיך ניט באַמיט אים דאָס צו טאָן. און אַז משהלע איז געווען הונגעריק האָט ער אַדורכגעשטעקט זיין בלאָנדע קעפּל דורכן דראָט, דורכגעצויגן זיין שמאָל מאגערן גופֿל און געלאָפן צו די גויים אַרום געטאָ, דאָרטן ווּ ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט, ווּ די קינדער און אַלטע האָבן אים גוט געקענט און גערופן ביים נאָמען. אַזוי האָט משהלע געלעבט, זיך אָנגעגעסן ביי די גויישע שכנים און צוריקגעקומען אין געטאָ, מיט שטיקער ברויט און אַנדערע עסנוואַרג.

משהלע איז, פאַר די צוויי יאָר געטאָ, עלטער געוואָרן און אויסגעזען ניט ווי אַכט, נאָר ווי גאַנצע צוועלף יאָר. זיין פּנימל האָט געקראָגן אַ מגושמדיקייט, ער האָט אַרויפגעשלעפּט אויף זיינע יונגע פּלייצעס די זאָרג און דאגות ווי די גרויסע, און אפשר נאָך מער. שלאָפן פלעגט משהלע אין די אָרעמסטע געטאָ־היימען. ניט זעלטן איז זיין אָרט געווען ביי טאַמאַרען. די „געטאָ־מאַמע" האָט אויך געפונען פּלאַץ פאַר דעם יתום.

מיט זיינע אַכט יאָר איז משהלע געוואָרן אויסגערעכנט, כמעט ביטרע, געוווּסט מיט וואָס ער קען אויסנעמען אין געטאָ-קאָאָפּעראַטיוו, כדי קריגן אַ שטיקל ברויט, געוווּסט אַז אין קראַנקנהויז „בלייבט" אַמאָל אַ טעלער זופּ, און פאַרשטאַנען אַפילו צו געפעלן, מיט אַ געטאָ-לידל אויף זיין דינעם פאַלצעט, פאַר אַ ביים טויער שטייענדיקן פּאָליציסט.

אין „שוואַרצן פרייטיק", אַז מאַמעס האָבן אָנגעפאַנגען אויסבאַהאַלטן זייערע קינדער, האָט משהלע זיך אַ כאַפּ-געטאָן פון געלעגער, אָפּגעשאַצט ריכטיק די לאַגע און נ״ט געוואַרט אויף הילף פון קיינעם. ער האָט געוווּסט, אַז קיינער וועט איצט אַוודאי ניט זאָרגן וועגן אים. ער האָט אַליין געפונען אַ פאַרשטעק. אויסגערעכנט, פלינק האָט ער זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ בוידעם, פון דעם אויף אַ צווייטן און איבערגעקערט אויף זיך אַן אַלטן טשעמאָדאַן. אַזוי איז ער געלעגן, פאַרהאַלטנדיק מיט די הענטלעך דעם אָטעם.

אויך דאָ, אויפן בוידעם, האָבן די בעסטיעס געזוכט, נאָר משהלעס ווינקל האָבן זיי ניט אַנטדעקט.

דריי טעג זיינען פאַרביי פון יענעם שוואַרצן טאָג, מענטשן האָבן אָנגעפאַנגען מאַכן חשבונות וועמענס קינדער עס זיינען על פּי נס געראַטעוועט געוואָרן. קיינער האָט אָבער ניט געטראַכט, אַז אויך משהלע איז צווישן די איינציקע געראַטעוועטע. „אוודאי איז ער אַוועק מיט דער אַקציע".

אין אַן אָוונט-שעה איז משהלע אַראָפּ פון בוידעם. אויף די שפּיץ-פינגער זיך אַריינגעשלייכט אין שטוב און אַלעמען איבערראַשט מיט זיין לעבן.

— — —

האָט משהלע פאַרשטאַנען, האָט די השגחה אים געהאָלפן, צו דערהאַלטן זיין לעבן ביז היינט ?

האָט דער גורל אים פאַרהיט צוויי מאָל פון אָפענעם טויט, כדי שפּעטער פאַרברענט צו ווערן אין שטוטהאָף?

ווו איז משהלע ?

# דער גורל פון א יידיש קינד

יצחק לעשצינסקי, וואָס איז אין אָנפאַנג מלחמה אַנטלאָפן פון פוילן קיין ליטע, האָט זיך ניט געקענט דערראַטעווען, פון די הענט פון וועלכע ער איז מיט צוויי יאָר צוריק אַנטלאָפן — די דייטשן האָבן אים דאָ דערכאַפּט. איצט אָבער, שוין אין אַ סך אַ ערגערער לאַגע ווי דאַן. איצט האָט יצחק שוין געהאַט אַ פרוי און אַ קינד.

לעשצינסקיס פּנים איז געווען ווייט ניט קיין יידישער. אַ סך שקצים וואָלטן זיך געקענט ווינטשן אַזאַ אַרישן פּרצוף. און די האָר — בלאָנדע, פלאַקסענע, האָבן אים דערמעגלעכט יאָרן לאַנג צו גיין אַן צייכנס איבער די טראָטואַרן פון שטאָט. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן, אַז דער דאָזיקער צוואַנציק־יאָריקער „שגץ" מיטן איינגעמאַכטן שלאָסער־אַנצוג און שטענדיק מיט אַ שטיק אייזן אין האַנט, לעבט גאָר אין געטאָ.

יצחק האָט אויסגענוצט די מתּנה, וואָס גאָט אים געשאָנקען — זיין אַרישן פּנים; ער האָט ניט זעלטן אַריבערגעשפּרייזט דעם גרענעץ פון שטאָט, געגאַנגען אין וואַלד, געזוכט פּאַרטיזאַנער, מיט וועמען צו פאַרבינדן די געטאָ־יוגנט. ער איז אָבער אַלעמאָל געקומען אַן אַנטוישטער, אַ צעבראָכענער, מיטן שטיק אייזן אין האַנט. אַלע השערות און „געוויסן", אַז דאָ און דאָרטן זיינען פאַראַן רוסישע פאַראַשוטיסטן, האָבן, ליידער, זיך ניט באַשטעטיקט.

לעשצינסקי, איז געווען ניט נאָר אין פּנים גוייש. נאָר אויך אין זיין געוואַגטקייט און זיין פויערישע גראַדליניקייט. ניט געווען פאַר אים קיין שרעק און קיין צווייפלען, מורא איז ניט געווען פאַר זיין בלוט.

אין „שוואַרצן פרייטיק" איז ער געווען פון די איינציקע, וואָס האָט באַשיצט זיין קינד מיט אַ האַק אין האַנט; באַשיצט און געראַטעוועט.

אויף מאָרגן, מיטן ערשטן טאָג-שפּראַץ, איז ער אַרויס פון געטאָ, אַוועק אין וואַלד, מיטן קינד אויף די הענט, מיט דער ווייב בײַם זייט און די שטיק אײַזן אין רוקזאַק. אָנגעגאַנגען דרײַסיק ק״מ דורכן טאָג האָט ער „געפונען״ אַ פּאַסנדן אָרט. געמאַכט אַ זיעמליאַנקע (הייל) און אַוועק אין ווייטע דערפער, באַזאָרגן עסן אויפן ווינטער. איצט האָט ער אויסגעפּאַרעמט זײַן הייל, געבראַכט עטלעכע חברים צו זיך און אָנגעפאַנגען אַ נײַ לעבן. דאָס קוים יאָריקע קינד האָט געהאַט זײַן בעטעלע. מען האָט אויסגעגראָבן אַ ברונעם אין הייל, געפונען וואַסער; אײַנגעאָרדנט אַן אויוון און גרייט געווען צום איבערווינטערן. נאָר דער גורל האָט אַנדערש געוועלט. — דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן. רופן אַ דאָקטאָר אין וואַלד איז ניט מעגלעך געווען. האָט לעשצינסקי זיך געמוזט אומקערן צוריק אין געטאָ, מיטן פאַרשלאָפטן קינד אויף די הענט.

אויך איצט האָט אָבער לעשצינסקי ניט גערוט. ער איז אַוועק אַרבעטן אין אַ געווער-פאַבריק און געגנבעט פון דאָרטן געווער פאַרן געטאָ.

אַז דאָס קינד איז געזונט געוואָרן האָט יצחק זיך אַרומגעגאַרטלט מיט גראַנאַטן, גענומען אַ רעוואָלווער אין קעשענע און אַוועקגעטראָגן דאָס קינד 50 ק״מ פון שטאָט, צו אַ באַקאַנטער קריסטן. פאַרשטעקט דאָס קינד איז לעשצינסקי צוריק געקומען אין געטאָ און געהאָלפן אַרויספירן יוגנטלעכע אין וואַלד. נאָר פאַריזשער אין געטאָ און דער לאַגער-עלטסטער ברוך ברוידע, פונם לאַגער ווו לעשצינסקי האָט זיך איצט געפונען, האָבן אוממעגלעך געמאַכט יעדע גרעסערע אַרבעט פון דעם מין, פאַר אים און זײַנע חברים.

*

אין טאָג פון ליקווידירן דעם לאַגער, ווען אַלע טויערן און פאַרצוימונגען זײַנען שטרענג באַוואַכט געוואָרן, האָט יצחק לעשצינסקי דאָך געפונען אַ מעגלעכקייט צו אַנטרינען.

פיר טעג שפּעטער זײַנען אין שטאָט אַרײַן די רוסן. לעשצינסקי האָט ניט פאַרפעלט טיילווייז צו נעמען נקמה פאַר זײַנע אַלע

דורכגעפאַלענע לעבנס־טרוימען און נקמה־גלוסטעגישן אין צייט פון געטאָ.

מיטן קינד אויף די הענט האָט זיך דאַן יצחק לעשצינסקי ווידער געלאָזן, ווי שוין אָפט, איבער שוואַרצע גרענעצן פון גאַנץ אייראָפּע. יצחקס ציל איז געווען ארץ־ישראל און ער האָט זיין ציל דערגרייכט. ער האָט זיין קינד דערבראַכט דורך אַלע געפאַרן אַהין.

*

דער גורל פון אַ אין געטאָ געבוירענעם קינד! און דאָס — נאָר פון איינעם.

# נאָכן שטורעם

נאָך די גרויליקע קלעפּ, וואָס דאָס געטאָ האָט געקראָגן אין די מאָנאַטן סעפּטעמבער־נאָוועמבער (קאַזערנירונגען — קינדער־אַקציע) וואָס זיינען דאָך געווען די ערגסטע געשעענישן אין געטאָ, איז איצט איינגעטראָטן אַ טיפע שטילע רואיקייט. צום ערשטן מאָל אַ רו, וואָס האָט ניט באַאומרואיקט, אַ שטילקייט, וואָס האָט ניט געשראָקן. עס איז, אמת, ניט געווען לאָגיש צו גלויבן, אַז איצט, מיט דער קינדער־אַקציע, האָט זיך שוין געענדיקט די דייטשע רציחה קעגן געטאָ און אַז די דייטשן וועלן לאָזן לעבן די, וואָס לעבן נאָך. נאָר די לאָגיק האָט מען ניט געלאָזט קומען צום וואָרט, ווען דער בלינדער־לעבנס־ווילן איז געווען דער דיקטאַטאָר פון געדאַנק.

די טאַקטיק פון די דייטשן איז געווען זיך צו לאָזן אָפּרוען נאָך יעדער אַקציע. וואָס ווייטיקדיקער עס איז געווען דער שניט, אַלץ לענגער האָבן זיי געלאָזן „פאַרהיילן" די ווונד.

דאָס געטאָ (איצט שוין קאָנצענטראַציע־לאַגער) האָט געקראָגן עסן גענוג. דער קאָמענדאַנט, שלעף, פלעגט ניט אָפּט זיין אין געטאָ און זיינע באַזוכן זיינען געווען כמעט פריינדלעכע. ביים טויער זיינען ניט געווען קיין גאר שווערע קאָנטראָלן. דאָס גנבענען (לאַבערן) אויף די אַרבעטס־פּלעצער איז איצט אָנגעגאַנגען מער פאַרשטאַרקט. אין געטאָ האָט מען אַלץ געקענט קריגן; אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געפונען אין די דייטשע מאַגאַזינען, ווו יידן האָבן געאַרבעט. אמת, איצט איז דער רעזשים געווען אַ סך שטרענגער אין הינזיכט פון אַרבעט. פאַריזשערם ממשלה האָט זיך געלאָזט שפּירן. ביי־טאָג פלעגט דאָס געטאָ זיין פּוסט. אַלע האָבן געמוזט זיין באַשעפטיקט. די עבודות איז געווען גרעסער איצט. דערפאַר, ווי געזאָגט, דאָס עסן אַ סך מער, און אויך דער רוח־מצב אַ לפנים מער סטאַבילערער.

געווים האָט מען וועגן די קינדער גיט געקענט פאַרגעסן. נאָר אויך וועגן דעם האָבן שוין, אַזוי ווייזט אוים, „געוויסע מענטשן" געזאָרגט, אַז עס זאָלן אַלע ווײַלע אַדורכלויפן גוטע גרוסן אין געטאָ...

איינער פלעגט דערציילן, אַז אַ צווייטער האָט געהערט, וואָס אַ דריטער האָט געלייענט — אַ בריוול פון די קינדער. קיינער האָט גיט געקענט דערגיין ווו=וואָס=ווער. און דאָך האָבן די קלאַנגען — ווייל מען האָט אַזוי געוועלט — מינוטנווייז אַריינגעוואָרפן אַ פונק פון גלויבן אין די הערצער, אַז די קינדער לעבן. אַזוי האָט מען דערציילט, אַז „איינער", אַ ליטווינער, האָט זיי געזען אין אַ דאָרף אין פרייסן. אַ צווייטער האָט דערציילט, אַז מען האָט געהאַט אַ גרוס דורך אַ דייטשן א.א.וו. קיין לאָגיק האָט דאָ גיט געהאָלפן, און קיינער האָט אויך גיט געוועלט דווקא איבערצייגן אַ מאַמען, אַז איר קינד איז שוין לאַנג אויף דער וועלט גיטאָ. עס איז געווען אַ גרויזאַמע אָפּנאַרעריי, אָן אָפענער שטרוים=פויגלדיקער אריינשטאפן דעם פאַרשטאַנד אין אַ קופע ליגן. אָבער אין געטאָ האָט מען זיך כסדר געשפילט אין באַהעלטעניש מיטן אייגענעם שכל.

דערווייל האָט אויך די נאַטור געטאָן דאָס איריקע — עס איז געקומען דער פרילינג. די זון האָט גיט אנערקענט קיין געטאָ=דראָט=פאַרצוימונג, האָט זי פריי און פראַנק אַ שיין געטאָן אין געטאָ. און אין געטאָ האָט מען די פרילינגס דערשפירט שאַרפער, פולער, מער ווי אין שטאָט. מיטן קומען פון פרילינג פלעגט עפעס לייכטער ווערן; אַ נייער לעבנס=אימפעט פלעגט זיך אַריינגיסן אין געטאָ=מענטשן.

ווי די פריערדיקע צוויי פסחס האָט מען אויך דאָס יאָר גע=באַקן מצה. זיך געזעצט גרופעסווייז צום סדר=טיש.

באַזונדערס האָט דער היינטיקער פסח און פרילינג געבראַכט אַ ליכט=שטראַל און פאַריומטובט די געמיטער, — פון אַלע פראָנטן האָבן זיך אַ שאט געטאָן אַזוי פיל גוטע ידיעות. די גוטע פראָנט=נייסן האָבן זיך אַדורכגעריסן צום געטאָ. די היטלעריסטיש=דייטשע מפּלות האָבן זיך באַלד געלאָזט פילן פון דער שטימונג פון די דייטשן און ליטווינער. זייער פאַרזאָרגטקייט און דערשלאָגנקייט האָט אַריינגעגעבן גלייבן אין געטאָ, אַז זייער פאַרדינטע מפּלה וועט

שוין לאַנג ניט לאָזן וואַרטן אויף זיך.

די דאָזיקע שטימונגען האָבן אַריינגעוואָרפן אַ ק ל יי נ ע ם טייל געטאָ־מענטשן — אויפגעקומענע געטאָ־גבירים, געטאָ־טשינאָווני־קעס — אין אַ ווילדער שיכרות. מען האָט געטרונקען, געהוליעט. די מאָראַל איז געפאַלן. אונטער פאַריזשערם הערשאַפט איז אָפּ־געטאָן געוואָרן יעדער נאָך מאָראַלישער צוים, וואָס דער עלטסטנראַט האָט זיך פריער באַמיט צו דערהאַלטן. דער נאָך ווייניק געאָרדנטער לעבן, דאָס אויפהאַלטן, דורך די צוויי יאָר, דאָס געטאָ ווי אַ כמו יידישע קהילה, מיט אַן אייגענעם, ספּעציפיש־געטאָדיק יידיש לעבן — איז אינגאַנצן צעבראָכן געוואָרן. גייסטיקע דעמאָראַליזאַציע און הפקרות האָט אָנגעפילט אַלע ווינקלען.

*

אַנדערש איז געווען דאָס לעבן אין די קאַזערניר־לאַגערן. די מענטשן, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן גוטוויליק זיך געלאָזט קאַזערנירן, האָבן איצט שטאַרק חרטה געהאַט, זיך געריסן צוריק אין געטאָ און מקנא געווען די, וואָס זיינען אין געטאָ געבליבן.

אין די לאַגערן האָט מען געלעבט אין באַראַקן. נאָך דער אַר־בעט פלעגט מען אַריינפאַלן אין הו־הא פון די גרויסע צוזאַמענווווי־נונגען. געשלאָפן איז מען אויף נאַרעס און געגעסן פון אַן אַלגע־מיינעם קעסל. ניט געווען ווו אויסצוקאָכן אַ ביסל עסן פאַר זיך אַליין. אין געטאָ האָט מען דאָך נאָך געהאַט די אייגענע שטיקל היים, דעם אייגענעם ווינקל, געקענט דערהאַלטן די משפּחהדיקייט.

דער גלויבן, בשעתן זיך לאָזן קאַזערנירן, אַז די אַרומיקע דאָרף־גויים וועלן העלפן מיט עסן און עס וועט לייכטער זיין ביי זיי עפּעס אויסצובייטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אילוזיע. פאַרקערט גאָר, די דאָרפס־גויים זיינען ברוטאַלער, יידן־פיינטלעכער געווען ווי די שטאָטישע. דער ליטוויש־דאָרפישער פּויער האָט דעם יידן (אַ חוץ „זיין" יידן) ווייניקער געקענט און אין זיין טעמפּער אָבערגלויבישער נאַרישקייט מער געהאַסט, ווי דער שטאָטישער גוי, וואָס איז דאָך קלוגער געווען, ביטרע און אויך מער צוזאַמענגעלעבט מיט יידן.

אויפֿן אעראדראם („זאקנע") האָבּן די יידן, אויסער דער שווערער אַרבּעט, געהאַט אַ דערטרעגלעכן רעזשים, אַ דאַנק דעם דייטשן לאַגער־פירער שמידט, וואָס איז געווען אַ הומאנער מענטש און אפשר אויך אַ באַהאַלטענער קעגנער פֿון היטלעריזם.

די „אעראדראמשטשיקעס" האָבּן אויך געהאַט אַן אָפּטערן קאנטאקט מיטן געטאָ, וואָס איז געווען ניט ווייט. און דאָס געטאָ איז דאָך נאָך אַלץ געווען דער צענטראַלער נערוו פֿון אַלע לאַגערן.

שווערער האָבּן געהאַט די יידן אין די לאַגערן באטשון, פּאָווענטש און דאוגעל.

פֿון דאוגעל האָט איין ייד, קוסעלעווסקי, פּרובּירט אַנטלויפֿן און איז דערשאָסן געוואָרן בּיים אַדורכקריכן דעם דראָט.

דער קליינער שטח אויף וועלכן די לאַגערן האָבּן זיך געפֿונען (נאָר די פּאָר באַראַקן זיינען דאָך געווען אַרומגעצוימט) האָט געדריקט די מענטשן, אַ סך מער ווי אין געטאָ, וואָס איר שטח, אַ דאַנק די איינצל־הייזער, איז געווען אַ סך אַ גרעסערער. דאָס שטענדיק זען פֿאַר זיך דעם דראָט־צוים האָט פּסיכאָלאָגיש צעבּראָכן. אויך די איבּערוואַכונג און קאָנטראָלן זיינען אין די לאַגערן געווען שטרענגער ווי אין געטאָ. שווער געווען מיט עפּעס זיך אויסצובאַהאַלטן פֿון די פּאָסטנס, וועלכע האָבּן שטענדיק געהאַלטן אַלעמען אויפֿן אויג און ניט זעלטן געמאַכט רעוויזיעס אין די באַראַקן.

דער זעלבּער מצב איז געווען אין דעם קאַזערניר־פּונקט א. בּ. א. (אַרמיי באַקליידונגס־אָפּטייל.) און כאָטש דער אַ קאַזערנירונגס־לאַגער (געשאַפֿן געוואָרן אין פּעבּרואַר 1943) האָט זיך געפֿונען אין שטאָט גופא און אַ קאָלאָנע פּרויען פֿלעגן יעדן טאָג קומען פֿון געטאָ אַהער צו דער אַרבּעט — האָט מען אויך דאָ געלעבּט גאָר אַן פֿאַרגלייך ערגער ווי אין געטאָ, צוליבּ דעם קאָמענדאַנט־רוצח, פֿעלדפֿעבּל באַוויץ. (גערופֿן „קאַראַמבּאַ"). באַוויץ איז געווען אַן עסטרייכער. זיין קאַלטער סאַדיזם, ראַפֿינירטער אויסדעקעווען זיך האָט פֿאַרבּיטערט דאָס לעבּן. כאָטש די אַרבּעט איז ניט געווען זייער שווער.

גאָר שטאַרק געפּייניקט געוואָרן זיינען די יידן אין דער קאָלך־בּרע־נעריי, בּיי אקמעיאַן. דער קליינער ס״ס־שטאַב דארטן פלעגט די יידן טאָג־טעגלעך מאַטערן אויף שווערע אַפּעלן (ציילונגען) און איינאָרדנען אינקוויזיציעס. אָפט פלעגן די יידן דאַרפן נאָכלויפן נאָך גאַלאָפּירנדיקע פערד, אויף וועלכע די ס״ס־בּאַנדיטן פלעגן רייטן.

די דאָרט קאזערנירטע יידן זיינען שטענדיק געווען צעבּלוטיקטע און פאַרהונגערטע. זיי פלעגן וויינען, זיך בּעטן מען זאָל זיי העלפן. נאָר פאריזשער האָט אוודאי ניט געטראַכט דערפון.

אַזוי האָבּן זיך געראַנגלט די צעוואָרפענע הייפלעך יידן אַרום שאוול אין די נעגל פון דער היטלער־חיה, ווען אויף די שלאַכט־פעלדער האָבּן זיי שוין געקראָגן די אַנטשיידנדיקסטע מפּלה־קלעפּ.

# קיבוץ גלויות

**יוני 1944:**

די רוסישע חיילות האָבן גענומען געראַלט. די ידיעות האָבן פאַרלאָרן זייער לאַנגזאַמע פּראָנט־מעסיקייט, איין מעלדונג האָט איבערגעשלאָגן אין איר גוטסקייט די צווייטע. ביז דער פראָנט האָט זיך ממש פונאַנדערגעוויקלט פאַר אַלעמענס אויגן. בייטאַכט פלעגן געטאָ־יידן זיך פאַרגנבענען אויף די בוידעמער און נאָכקוקן די זיך טראָגנדיקע באַנען פון פראָנט, אויפכאַפּן יעדן מינדעסטן גערויש, און אַלע וואַגאָן־רעדער האָבן אויסגעזונגען: טויט די דייטשן, ענדע פון קריג, אַ סוף צו די צרות.

די סאָלדאַטן אויף די אַרבעטס־פּלעצער האָבן מער ניט געקענט אויסבאַהאַלטן זייער מפּלה, האָבן זיי פאַרמאַסקירט זייער וויטיק, פאַרוואַנדלט דעם אומגליק אין אַ מוגנד: „הייל און זיג, נידער מיטן קריג“ אָדער: „דער שיים קריג איז צו ענדע“. יידן האָבן מער ניט געהאַט קיין כוח צו באַהאַלטן די פרייד, האָט מען אָפן גערעדט פאַר די פּאָסטנס וועגן נאָענטן באַפרייאונגס־טאָג; געוועלט איבערצייגן די דייטשע סאָלדאַטן־וועכטער, אַז ס'האָט מער קיין זין ניט זיך שלאָגן...: „די רוסן קומען מיט פייער און שטורעם. איצט איז די צייט צו מאַכן שלום“ — אַזוי האָבן יידן זיך באַמיט איבערצייגן די דייטשע זעלנער, ווערמענס פריערדיקע אָנגעבלאָזנקייט און שטאָלץ ס'האָט שוין געהאַט נאָכגעלאָזן.

נאָר וואָס מער דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט אַלץ אומרואיקער איז געוואָרן דאָס געטאָ: „מען מאַכט ניט קיין שלום, וועט מען דאָך אונדז פאַרניכטן, ווען די דייטשן וועלן דאַרפן אַוועק“. האָט מען שוין ניט געוווּסט אויף וואָס צו בעטן — צי אויף אַ רו=

סישן פּולשטענדיקן זיג און די דייטשן זאָלן זיך טאַקע איינשפּאַרן, כּדי זיי זאָלן צעמאָלן ווערן ביזן שורש, געשלאָגן ווערן אויף זייער אייגענעם באָדן, אַז אויך זייערע היימען זאָלן פאַרניכטעט ווערן ווי אונדזערע, אָדער — בעטן גאָט אויף אַ שלום, כּדי זייער חורבן זאָל ניט מיטברענגען דעם לעצטן יידן-רעשט פאַרניכטונג.

ענדלעך האָבן די דייטשן אָנגעפאַנגען עוואַקואירן די שטאָט. יידן האָבן זיך געהאַלטן אין די זיילן פון פאַבריק. — „אַזוי לאַנג ווי מען עוואַקואירט ניט די לעדער-פאַבריק איז ניטאָ קיין סכנה...״

די דייטשע צייטונגען האָבן אָנגעפאַנגען אָנרופן פראָנט-פּונקטן ליטווישע שטעט, באַקאַנטע טייכן, אייגענע מקומות. פאַר די דייטשע-פּשוטע סאָלדאַטן איז עס געווען תּרגום לשון, אָבער יידן האָבן דאָך די ערטער געקענט אויף אויסנווייניק, ניט געדאַרפט האָבן מער קיין לאַנד-קאַרטע. און ווען דער ראַדיאָ גיט איבער, אַז די רוסישע חילות שטייען אין מאַלאַטער וועלדער, איז עס פאַרן דייטשן סאָלדאַט ערגעץ אַ פּונקט אין רוסלאַנד, אָבער פאַרן ליטווישן יידן הייסט עס קאָוונע, מיינט עס טאַקע אַז די סאָוועטן זיינען אַ טאָג גאַנג פון שאַוול, ווי זאָל פון אַזאַ ידיעה ניט צעפּראַלט ווערן דאָס האַרץ פון פרייד און ווי קען מען פאַרלאַנגען, אַז די דאָזיקע פרייד זאָל ניט אַרויסשפּרינגען אויף אַיעדער יידנס פּנים?

נאָר צוזאַמען מיט דער פרייד נאָעט אַ זאָרגפולע, אַ פרייד-צעשטערנדע פראַגע: וועלן מיר דערלעבן די פרייהייט?

זאָגט איינער: מיר זיינען די עדי שמיעה, מיר הערן די טריט פון באַפרייער, ווער ווייס אויב מיר וועלן אויך זיין עדי ראיה? נאָר דאָס געטאָ-פאָלק גלויבט, האָפט, וויל זיך ניט לאָזן פאַרביטערן: „די דייטשן וועלן ניט טראַכטן וועגן אונדז, ווען עס ברענט די טריט אונטער זיי“. און — „ווו קענען זיי אונדז שוין פירן? ...“

אינדערפרי קוקט מען אויב די פּאָסטנס שטייען נאָך ביים טויער... נאָר — זיי שטייען. זיי שטייען רואיק, כאָטש אַלע אין שטאָט זיינען שוין ווייט ניט רואיק. ליטווישע פּאָגראָמשטשיקעס לויפן אין די וועלדער, באַהאַלטן זיך אויס, לויפן קיין דייטשלאַנד.

דאָס לעבן אין געטאָ האָט זיך געענדערט. יידן זיינען נערוויי=
געשפּאַנט; מען עסט ניט, מען שלאָפט ניט, מען מאַכט חשבונות,
ווי אויפצוגעמען די באַפרייאונג; מען ציילט די טעג, די שעהן צו
דער גאולה.

7טער יולי. שבת ביימאָג:

דער אָרדנונגס=דינסטלער טעדיק פיק האָט, שטייענדיק ביים
געטאָ=טויער, אונטערגעהערט אַ טעלעפאָן=געשפּרעך פון דער דיי=
טשער וואַך=שטוב, פון וועלכן עס איז קלאָר, אַז דאָס געטאָ וועט
עוואַקואירט ווערן.

פּאַריזשער האָט, זיך דערווּסנדיק די ידיעה, אָנגעזאָגט קיינעם
ניט צו פאַרטרויען דעם סוד. נאָר שוין געציילטע שעהן שפּעטער
איז עס דערגאַנגען צו די יידן אין לעדער=פאַבריק. און
מיטאָג=צייט, ווי אַלע וואָלטן זיך צוזאַמענגערעדט, האָבן
הונדערטער אַרבייטער זיך אַ וואָרף=געטאָן צו די פאַבריקס=טויערן,
געשטורמט די וואַך און זיך צעלאָפן איבער די שטאָט=גאַסן. אַנדערע
זיינען אַריבער די דעכער פון פאַבריק, געקראָכן פון איין דאַך צום
צווייטן, כדי זיך אַרויסצוקריגן אין שטאָט. נאָר הונדערטער ס"ס=
לייט, סתם דייטשן און ליטווינער האָבן זיך אַרויסגעלאָזן מיט אַלע
מיגים געווער אין געיעג נאָך די יידן. הייפן זיינען אָפּגעשלאָסן גע=
וואָרן, טירן פאַרקלאַפּט, אַז אַ קליינעם טייל איז נאָר געלונגען צו
אַנטרונען ווערן. הונדערטער יידן זיינען געפירט געוואָרן אונטער
אַנטבלויזטן געווער צוריק אין געטאָ. די שוועסטער לעווין, בין
און דער יינגל יאנקל מאלק זיינען לויפנדיק דערשאָסן געוואָרן, דורכן
פאַבריק=דירעקטאָר זיגל.

*

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן די דייטשן אָנגעפאַנגען צוזאַמענ=
טרייבן אין געטאָ יידן פון צענדליקער אַרומיקע און וויט=געלעגענע
לאַגערן. פון אַ טייל לאַגערן האָט מען ביז איצט גאָרניט געוווּסט, אַז
אַזעלכע געפינען זיך אַרום שאַוול. עס זיינען אָנגעקומען יידן טשעכי=
שע, דייטשע, אונגאַרישע, עסטאָנישע א אז"וו, יידן=רעשטלעך פון
אַ האַלבער וועלט. עס זיינען געקומען ביי 3000 יידן פון וואַראַדראָס=

לאַגער אין פּאָנעוועזש. (דער דאָזיקער לאַגער איז געשאַפֿן געוואָרן פֿרילינג 1944. אַ קליינע גרופּע שאַוולער ייִדן, פֿון אַעראָדראָם, זיינען אויך געשיקט געוואָרן אַהין. דאָרט זיינען געבראַכט געוואָרן ייִדן פֿון קייזערוואַלד א״א קאַצעטן. דאָס שאַוולער געטאָ האָט געהאָלפֿן דעם לאַגער מיט ברויט און מעדיקאַמענטן, אויף וויפֿל עס איז מעגלעך געווען).

אין געטאָ איז איצט אַ געדראַנג, אַן ענגשאַפֿט, די געסלעך און הייפֿן זיינען איבערפֿולט פֿון מענטשן. די אָנגעקומענע זיינען מקנא די שאַוולער. אַ סך פֿון זיי, דער גרעסטער טייל, וואַלגערן זיך שוין יאָרן אין לאַגערן, האָבן שוין לאַנג פֿאַרגעסן דעם אויסזען פֿון אַ משפּחה־לעבן, און דאָ לעבן נאָך מענטשן מיט טיילן פֿון זייערע פֿאַמיליעס.

די געקומענע דערציילן איבערלעבונגען. צום ערשטן מאָל הערט מען פֿון עדי ראיה וועגן גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. ווער עס דערוויסט זיך וועגן עלטערן און קינדער, אויף וועלכע מען האָט נאָך אַלץ געהאָפֿט, וואָס זיינען שוין אָבער לאַנג אומגעקומען אין אַלע גרויל־טויט־לאַגערן. און ווער־ניט־ווער עס טרעפֿט אַ פֿריינד, אַן אייגענעם, אַ באַקאַנטן כאָטש.

טרערן איבערפֿולן אַלעמענס אויגן, ווען די געקומענע דערציילן ווי אַזוי זייערע אייגענע הענט האָבן געברענט לעבעדיקע מענטשן, אייגענע טאַטע־מאַמע, שוועסטער־ברידער, אייגענע קינדער. נאָר מען טרייסט זיי, מען טרייסט זיך: די גאולה און די נקמה איז דאָך אַזוי נאָענט.

דאָס הכנסת־אורחים איז גרויס, אַ ברודערלעכע באַהאַנדלונג צו די געקומענע, מען טיילט זיך מיטן ביסן. די וואָס טראָגן שוין זייט יאָרן געשטרייפֿטע קאַצעט־בגדים טוט מען אָן זויבערע קליידער. די שאַוולער נעמען אויף די טויזנטער צוזאַמענגעטריבענע, ווי פֿרייע ברידער פֿאַרטריבן געוועזענע. אַ סך טרעטן אָפּ אייגענע געלעגערס פֿאַר די געקומענע און די לעצטע רוען אויס די גלידער אויף אַ קישן מיט אַ ווייסן ליילעך, נאָך לאַנגע יאָרן האַרטע קאַצעט־נאַרעס.

די זון אין דרויסן וואַרעמט. גלייכן זיך גופֿים צעקלאַפּטע פֿון נאַגאַי. אין אויגן, נאָך נעכטן אָנגעפֿילט מיט אויסזיכטלאָזן טרויער,

בליצט אויף אַ פריידיקער פרייהייטס-פלעמל. די בודאַפּעשטער מיידלעך, וועמענס עלטערן עס זיינען געבליבן אין אוישוויצער קרעמאַטאָריום און זייערע האָר אין „ברויזע-באָד“ דאָרטן, האָבן פאַרלייגט „טשאַלמעס“ איבער זייערע קעפּ, צו באַהאַלטן די פליכע שאַרבנס און דעם טרויער אין זייער האַרץ. זייערע שוואַרץ-חנעוודיקע ייִדיש-שיינע לייכלעכע פּנימער, זייערע סאַסנע-שלאַנקע גופים און מיט דער מעלאַדישער ווייכקייט פון זייער ריידן האָבן זיי צוגעצויגן אַלעמענס האַרציקע אויפמערקזאַמקייט. שנעל ווערן דאָ באַקענט איצט יונגטלעכע פון פאַרשיידענע לענדער, קינדער פון איין פאַרפייניקטן פאָלק. שפּאַצירט די לבנה אויפן קילגאַכטיקן הימל, די ס״ס-וועכטער אַרום דראָט און יוגנט איבער די ענגע געטאָ-געסלעך. אַ שטילע פרייד-כוואַליע טראָגט זיך פון די ערשט היינט באַקאַנט-געוואָרענע — אונגאַרישע ראָמאַנסן, פּוילישע טאַנגאָס, רוסישע מעלאָדיעס, אַ חסידישער ניגון, אַן ארץ-ישראל הורא — אַלץ מישט זיך אויס אינאיינעם און נעמט אַלעמען אַרום. — קיבוץ גלויות-פרייד, פאַר דער גאולה וואָס וועט באַלד קומען.

שוין דער פערטער טאָג ווי עס ציען אַזוי טראַנספּאָרטן אין געטאָ. צום ערשטן מאָל זעען די שאוולער אויף אייניצלנע ייִדישע אָרעמס שוואַרצע לענטעס, וויים באַמאָלענע: „קאַפּאָ“, „בלאָק עלטסטער“, „לאַגער עלטסטער“ — וואָס באַדייטן די דאָזיקע ווערטער? ייִדן דערציילן ניט, פאַרטרויען ניט זייער פּיין-שיפער. נאָר פּלוצים אַ טומל, מענטשן לויפן, אַ געשלעג. ווער שלאָגט, וועמען שלאָגט מען?

— מען שלאָגט אַ קאַפּאָ!

די דורך יאָרן ליידנדיקע האָבן זיך שוין דערפילט זיכער, כמעט באַפרייטע, דאַרף מען זיך רעכענען, אָפּמעקן דעם נעכטן און פאַרחתמענען מיטן בלוט פון אונטערדריקער — דערווייל פון דעם קאַפּאָ; באַלד, מאָרגן וועט זיין די רעכן-צייט מיטן פרעמדן פאַריאַכער, פאַרן מערדער, פאַרן פאַרגאַזער און פאַרברענער. באַהאַלטן זיך די טמאים, וואַרפן די לענטעס פון די הענט, היטן זיך, ניט צערייסן צו ווערן פון „באַפרייטן פאָלק“. ווייל נקמה

פון מערדער און זיין צוהעלפער איז איצט דער איינציקער פאַרלאַנג. און דערווייל יובלט אַלץ אין געטאָ, לאַכט און זינגט, אַ יום־טוב־שטימונג, די פרייד רייסט זיך פון אַלעמענס הערצער, ווייל קיבוץ גלויות איז אין שאוול, דער לעצטער רעשט פון אַ צעמאָרדעוועט פאָלק האָט זיך צונויפגעקליבן, כדי מקבל צו זיין, אויב נישט דעם גואל, איז כאָטש — די גאולה.

*

נאָר פאַריזשער לויפט אַרום איבערן געטאָ, ער הערשט נאָך ווי געוועזן. אָט האָט ער פלוצים אַ כאַפּ־געטאָן דעם „לעטישן בחור“, אים אַ צי־געטאָן אַן אַ זייט און אַרויסגעריסן פון זיין קעשענע אַ בלאַנקן רעוואָלווער.

דער „לעטישער בחור“ האָט זיך אַריינגעגנבעט אין געטאָ מיט אַ יאָר צוריק, אַנטלויפנדיק פון דווינסקער טויט־לאַגער, נאָכדעם ווי ער איז געווען אַ לאַנגע צייט מיט פאַרטיזאַנער אין די וועלדער. פאַריזשער האָט די גאַנצע צייט געהאַט אויף אים אַ פאַרדאַכט, אַז ער געהערט צו דער גרופע פון „מסדה“. איצט פאָכעט פאַריזשער מיטן רעוואָלווער איבערן געטאָ און יעדערער זעט די פּראָוואָקאַציע. די פרייהייט וועט מען ניט דערלעבן, אויב די דייטשן, וועלכע לויפן איצט איבערן שטאָט ווי משוגענע הינט, זאָלן זיך דערוויסן וועגן געווער אין געטאָ. דערווייל קומט פאַריזשער נאָר אָפּ מיט אַ רעדע צום עולם: „ברענגט ניט קיין צרות אויף זיך...“ שרייט דער פאַרעטער און פאָכעט מיטן נאַגאַן.

די ס״ס־קאָמענדאַנטן, וועלכע זיינען געקומען פון פאַרשיידענע לאַגערן, זאַמלען אַרום זיך „זייערע“ ייִדן, ריידן צו זיי גוטע רייד: „די גאַנצע שטאָט ווערט באַלד אונטערגעצונדן, מיר האָבן באַשלאָסן אייך צו ראַטעווען, מיר פאָרן אין אַסט־פּרייסן, אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן...“ און ייִדן, געוווינטע פון יאָרן הכנעה, זאַמלען זיך אויף, גייען זייער גורל־וועג ווייטער. קאַפּאָס ציען צוריק זייערע בענדער אַרויף, פאַרמירן די רייען. נאָר אייניקע פון די געקומענע באַהאַלטן זיך אויס: אפשר וועט מען דאָס געטאָ ניט פירן. וויפל צייט דאַרף מען דען געווינען? — מעגלעך נאָר אַ פּאָר שעה און די רוסן וועלן זיין אין שטאָט.

די קאָמענדאַנטן נעמען וויפל מענטשן עס לאָזט זיך. פאַריזשער לויפט, שוויצט, בעט זיך און סטראַשעט: אַלע זאָלן גיין צום טראַנספּאָרט; די שוואַכער וועלן אויך גיין, מאָרגן, שפּעטער...

פאַרשוווּנדן איז די נאָך אקארשטע פרייד, אויס קיבוץ גלויות, ווידער גלות, יידישער גע־ווגד. אַ פאַלשע משיח־שעה איז עס געווען.

דאָס געטאָ אָטעמט מיט האַס, מיט מרידה, אָבער די דייטשן זיינען נאָך בכוח אפילו אין איין האַלבע שעה אַלעמען צו פאַרניכטן, רייסט מען זיך דורך אַלע שפּאַרונקעלעך, מען קויפט איבער וואַך־פּאָסטנס, מען שניידט אין געהיים דראָטן, איינציקווייז לויפט מען פון געטאָ. אין אַ ווינקל פון געטאָ האָט מען געעפנט אַ פּלויט, וועלכער פירט אין אַ ניט אַרומגעצוימטן פאַבריקס־הויף. שוין איבער אַ שעה ווי אַ מענטשן־שטראָם לאָזט זיך דורך דער עפענונג: אָרדנונגס־דינסטלער רעגולירן דאָס אַנטלויפן, זיי היטן זיך פאַר פאַריזשערן און העלפן. זיי לויפן אַליין פון זייערע וואַך־פּאָסטנס.

דער אָרדנונגס־דינסטלער מעדיק פיק איז אַדורך דעם געטאָ־טויער מיט אַ פאַרמאַכטן טעפּל אין האַנט, זאָגנדיק אַז ער טראָגט מיטאָג פון פאַריזשערן פאַרן קאָמענדאַנט אין שטאָט. די דייטשן האָבן אים געגלויבט. און אַזוי איז ער אַנטלאָפן. פאַריזשער באַשטימט אין געאייל נייע אָרדנונגס־דינסטלער. די נייע נעמען איבער זייערע פּאָסטנס נאָר כדי קענען לייכטער אַרויס פון געטאָ.

מענטשן און משפּחות און בכלל אַזעלכע וואָס פאַריזשער האָט אויף זיי אַ פאַרדאַכט מוזן זיך אַלע צוויי שעה מעלדן ביי אים. ער האָט איינגעפירט אויסנאַם־צושטאַנד. פאַר יעדער אַנטלאָפענעם איז פאַראַנטוואָרטלעך זיין משפּחה, אָדער די שכנים.

גאָר ווער עס האָט מעגלעכקייט און מוט אַנטלויפט.

דעם 17טן יולי האָט מען אַרויסגעפירט דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון געטאָ, די צוזאַמענגעטריבענע יידן פון די לאַגערן.

אויף מאָרגן האָט מען אַרויסגעפירט די יידן פון די קאַזערנירלאַגערן.

פאַריזשער איז גוט־ברודעריש דורכגעקומען מיט די דייטשן מען זאָל לאָזן פאַמיליעס פאָרן צוזאַמען, ניט סעלעקטירן מענער

און פרויען באַזונדער. און זייער ראַפּעניערטקייט האָט גוט אויסגערעכנט: דאָס פירן די משפחות צוזאַמען איז געווען די בעסטע וואך, — ווייל מאַמעס האָבן ניט אָפּגעלאָזן זייערע קינדער, קינדער האָבן ניט געהאַט קיין האַרץ איבערצולאָזן עלטערן אַליין און — אַלע צוזאַמען זיינען דערפאַרן אין שחיטה־הויז.

די וואָס האָבן פאַרפּאַקט מיט זיך צווענגלעך, זעגלעך, כדי אויפברעכן די וואַגאָנעס, די וועלכע האָבן נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבן דעם געדאַנק זיך צו ראַטעווען, זיינען טאַקע אויך דערפאָרן ביז שטוטהאָף, ווייל, אַז אסתרקע פיין איז געשפּרונגען פון וואַגאָן האָט די שוועסטער איר אנגעהאַלטן ביים ברעג קלייד — „שפּרינג ניט!" נאָר זי איז געשפּרונגען. זי און איינציקע. אַלע האָבן זיך געהאַלטן אָנגעקלאַמערט איינע אן די אַנדערע. געצערטלטע אין זייערע אָרעמס די געליבטע. פאַרליבטע, פרויען און מענער, האָבן זיך דאָ, אין וואַגאָן, געפּליסטערט שטילע ליבע־רייד, זיך פאַרשיכורט מיט הייסע קושן. אין אַ טייל שפּעטער פאַרברענטע מאַמעס האָט מיטגעברענט דער ערשטער זוימען פון אַ ניי־לעבן, וואָס איז פאַרזייט געוואָרן אין מוטער־טראַכטן אויף די האַרטע וואַגאָן־ברעטער, אין די פינצטערע פאַר־נעכט, אונטערן שטילן גערויש פון די ראַלנדיקע באַן־רעדער און אונטער דער אויפזיכט פון ס"ס־וואַכפּאָסטנס. — ווייל די פרייהייט איז דאָך נאָענט געווען, אַזוי נאָענט „כאָטש אַ פּאָר מאָנאַט וועט עס אפשר נאָך געדויערן..."

— און די קרעמאַטאָריעס?

קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן זיינען געווען „אַמאָל", פאַר די יידן פון וואַרשע און לובלין, אָבער ניט פאַר שאוולער, וואָס זיינען אַזעלכע טיכטיקע אַרבעטער, וואָס זייער נאָמען איז אַפילו צו גוטן דערמאָנט געוואָרן אין אַ דייטשן בלעטל, און וואָס דייטשלאַנד דאַרף זיי איצט אַזוי נויטיק האָבן — אַזוי האָבן די דייטשן איינגערעדט, אַזוי האָט דערציילט פּאַריזשער און אַזוי האָבן יידן געגלויבט...

רואיק זיינען אין יעדער וואַגאָן, צווישן 50 יידן, געזעסן די צוויי ס"ס־פּאָסטנס אויף זייערע פלעצער, ביים טיר, האַלטנדיק פאַרשטייפט לייכטע קויל־וואַרפער אין די הענט — נאָר די

קוילן=וואַרפער זיינען דאָך ניט געווען פאַר די יידן, אַזוי האָט פּאַריזשער געזאָגט, דאָס באַשיצן זיי דעם עשאַלאָן פון אַ פּלוצים־דיקן רוסישן אָנפאַל. אַ באַווייז, אַז ס'איז ניט צו היטן די יידן, איז די כמעט „צארטקייט" מיט וועלכע די ס"ס באַנעמט זיך. זיי טרייבן ניט, יאָגן ניט, פאַרקערט, זיי האָבן געהאָלפן אין רו און מיט אָרדענונג, אַז אַלץ זאָל פאַרפּאַקט ווערן אין די וואַגאָנעס: עסן, מעדיקאַמענטן, דער אָפיציעלער געטאָ־אַרכיוו און אין יעדן וואַגאָן צוגעטיילט איין יידישן דאָקטאָר אָדער קראַנקן=שוועסטער.

אַלע פּסיכאָלאָגישע איינגריפן אויף די אָפּגעשוואַכטע מוחות און תמימותדיקע יידישע הערצער איז פּרעציז מיט סאַדיסטיש ראפּעגירטער אויסגערעכנטקייט אַדורכגעפירט געוואָרן.

און יידן האָבן געפּשטלט: איצט מוזן זיי אונז האָבן פאַר דער וועלט; די וועלט וועט דאָך פאָדערן ווו זיינען „אייערע" יידן? איז ווי קענען זיי טאַקע איצט, אַז זיי פאַרשפּילן די מלחמה, אונדז לאָזן דאָ, טאָמער מאַרדן חס=ושלום אונדז די ליטווינער אוים ? . . .

אויך דאָס האָבן געזאָגט די דייטשן. אויך דאָס האָט געזאָגט פּאַריזשער. אויך אין דעם האָבן יידן געגלויבט.

# די קהילה שטאַרבט

דער פּרימאָרגן האָט זיך צעלויכטיקט און גלאַנציקע „שלאַנגען" האָבן זיך געדרייט אויפן הימל, די שטאָלענע מאַטאָרן האָבן אָנגע־רוישט דעם ערשטן פרײַדיקן אָנזאָג צום ווידער־לעבן. האָבן אויגן געגלאַנצט צום הימל ווי צו קידוש־לבנה. אַן אעראָפּלאַן האָט אַ בלענד געטאָן איבערן געטאָ און אַ באָמבע געצילט, ווייזט אויס, אויפן פאַבריק אָדער טורמע, האָט אַ זעץ געגעבן אין געטאָ, וואָס איז געלעגן צווישן ביידע בנינים. יידן האָבן געלאַכט, זיך געפרייט, געוויינט פון שמחה און זיך געקושט: זאָל פּאַסירן וואָס עס וויל, נאָר דאָ, אַ סוף צום געטאָ — אָבער ניט פון די דייטשע הענט, די פאַרוואונדעטע שרייען, מאַכן פול דאָס געטאָ מיט געיאָמער. צווישן די שווער פאַרוואונדעטע איז אויך דער געוועזענער ראש הקהל פון געטאָ — מענדל לייבאָוויטש.

די שטימונג אין געטאָ וואַקלט זיך, ווי אַ שווער קראַנקער אין קריזיס־שעה. און פּלוצלונג צעטראָגט זיך אַ שוואַרצע בשורה איבערן געטאָ: מאָרגן, ווערט עוואַקואירט דער לעצטער רעשט. אַלע מוזן תיכף זיין גרייט צום מאַרש. קיין וואָגאָנעס זיינען מער נישטאָ, די ליניעס זיינען אויפגעריסן, וועט מען גיין צופוס.

פאַריזשער קלייבט אין געאייל אָפּ 80 מאַן, וואָס דאַרפן העלפן די עוואַקואַציע פון טע.ווע.על. (מיליטער שפּייז לאַגערן) קיין ריגע. פאַריזשער איז זיך דאָ נוקם אין „פאַרזינדיקטע", אין אַזעלכע וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן ביים אַנטלויפן פון געטאָ. זיי אַלע ווערן איצט אַוועקגעריסן פון זייערע משפּחות. (אין ריגע האָט מען די 80 מאַן געבראַכט אין לאַגער קייזערוואַלד. געציילטע זיינען שפּע־טער אָנגעקומען מיט דעם לאַגער קיין שטוטהאָף).

און הערוויל רייסט מען קראַנקע פון זייערע בעטן. זיי רייסן זיך אַליין. דער קאָמענדאַנט, שלעף, האָט פאַרטרויט, אַז דער

שפּיטאָל מיט די קראַנקע וועט אונטערגעצונדן ווערן. בעט זיך אַ טאָכטער ביים שעף=דאָקטאָר: פאַרסמט מיין מאַמע. און די בלינדע מאַמע איז מסכים פארסמט צו ווערן — —

גיט מען אַ גוואַלד=שלאַף (סקאַפּאָלאַמין) די קראַנקע ווייל, וועלכע האָט אַדורכגעמאַכט צענדליקער דייטשע לאַגערן, פון שטוט=גאַרט, ווו זי איז געבוירן געוואָרן, דורך אוישוויץ און פאַניעוויעזש, ביז שאַוול, ווו זי איז רואיק איינגעשלאָפן — —

פאַרפאַקט מען אין אַ פור די דורכגעשאָסענע פּאַרטיזאַנ ־ייטע, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון ווילנער עוואַקואַציע. טרייבן איר אָבער די דייטשן צוריק פון פור — זי מוז אומקומען מיטן שפּיטאָל, פאַרן וועלן זיך ראַטעווען דורכן דראָט. קוקן אירע גרויסע שוואַרצע אויגן אָן די אַרומיקע. און די אַרומיקע שווייגן, שווייגן — —

מען פאַרשליסט אין שפּיטאָל די 70 אָפּסעלעקטירטע קראַנקע, אַלטע און שוואַכע, וואָס ווערן, לויט די דייטשן, פאַרשווערן דעם מאַרש — רייסן זיי זיך צו די שפּיטאָל=פענצטער, קוקן מיט טויט=גרויליקע אויגן אין געטאָ אַרויס, ווינקען מיט די הענט, בעטן זיך מען זאָל זיי אַרויסנעמען פון טויט — און אַלע שווייגן, שווייגן — —

מען טראָגט אונטער באַוואַכונג די מתים, פון דער לעצטער באָמבאַרדירונג, צום בית=עולם. בעטן זיך יידן ביי די קברנים: זוכט אויף דעם קבר פון מיין טאַטן, פון מיין מאַמען, געזעגנט זיך מיט זיי אין מיין נאָמען — די צום טויט=גייענדיקע שיקן גרוסן צו די טויטע — —

* *
*

פרייטיק, 20טן יולי, ביינאַכט: מער ווי טויזנט יידן שטייען שוין גרייט אין פינפער=רייען. פאַריזשער פאַרפאַקט זיינע צענדליקער טשעמאָדאַנעס אין אַן אויטאָ. 5 מענטשן, פון דער משפחה לוי=באַוויטש, האָט שלעף איבערגעלאָזן אין געטאָ, זיי זאָלן זיך מטפל זיין מיטן גוססדיקן מענדלען. ער, שלעף אַליין, וועט זיי מאָרגן צושטעלן צום טראַנספּאָרט.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן און דער טראַנספּאָרט האָט גערירט. אַן אומהיימלעכער שווייגן צווישן די רייען. דעם לעצטן מאָל באַ=

טרעטן די פיס די אייגן־שטאָטישע גאַסן. יעדער שטיין דריקט די אויף אים אַרויסטרעטנדיקע פוס, ווי מען דריקט די האַנט פון אַ ליבן מענטשן צו געזעגנונג. אָט שטייט אַ הויז, אַן אייגן הויז. די אויגן דרינגען די גאַרדינען אַדורך. די מחשבה פירט דורך די אייגע־נע קאָרידאָרן און שלאָף־צימער, אין אייגן שלאָף־צימער, מען באַ־טאַפּט מיט די אויגן די בעטן, די ווייסע איבער־רעקעס, די ווייסע קישנס. ווער שלאָפט איצט אין די בעטן?

פאַרוואָס?

דאָס האַרץ גיט אַ צאַפּל צו דער אייגענער שטוב, ווו מען האָט געליבט, געהאַסט, קינדער געבוירן און מתים אַרויסבאַגלייט; געליטן, זיך געפרייט — געלעבט. נאָר שטאָלענע ביקסן רייסן די גולים פון פאַנטאַזיעס אַרויס: אַלץ איז געווען, געוועזן, ווי שוין לאַנג, לאַנג צוריק.

— — — אָט איז דער בית־המדרש, די פּאָסט, דער מאַרק, דער פּאַרק — אויס.

די סוף־שטאָט גיט אַ טוליע אַריין די גייענדיקע. פון ערגעץ גיט ווייט הערט זיך אַ טעמפּע קאַנאָנאַדע. די פּאָסטנס טרייבן צו: גיכער!

פרייטיק־צו־נאַכט. — די מלכה־שבת וועט ניט האָבן מער ביי וועמען צו קומען אַהער.

מיטן נאַכט. מיטן וואַלד. אַ קליינע איבערראַשונג מיט פּאַר־טיזאַנער. די פּאַרטיזאַנער אַנטלויפן און דער עלנט־מאַרש ציט ווייטער. מען וואַרפט פון זיך די לעצטע זאַכן, די לעצטע פאַר וועש אין רוקן־זאַק איז אַ צו שווערע לאַסט.

באַגינען. טירן עפענען זיך. פּויערים פירן אַרויס די בהמות פון די שטאַלן, פאַרנעמען זיך צו דער אַרבעט אויף זייער ערד. זיי קוקן אָן די געטריבענע מאַסע, ציילמען זיך איבער.

שבת באַגינען, (21 יולי 1944), פוסט איז דאָס געטאָ. נאָר די צוזאַמענגעשפּאַרטע און באַוואַכטע אין שפּיטאָל קלאָגן אַרויס פאַרצווייפלטע און זאָגן וידוי. נאָך גאַנצע 24 שעה איז זיי געבליבן זיך צו ראַנגלען אין די נעגל פון אומפאַרמיידלעכן גורל, ביז די

לעטישע ס״ס=לייט וועלן זיי אַוועקפירן טויטן, 6 ק״מ פון שטאָט, אויפן וועג צו מעסקויץ.

שבת באַגינען איז מענדל לייבאָוויטש נפטר געוואָרן. זיין משפחה האָט אים געבראַכט צו קבורה — דעם לעצטן מת אויפן גרויסן בית=עולם, ווו עס רוען צענדליקער דורות, אונטער טויזנטער מצבות און אַרום וועלכן אַ הויכע מויער=וואַנט שליסט אַ פעסטן טויטן רינג אַרום.

— אָט דאָס געטאָ וועט נאָר בלייבן, דער ריינער יידן=אָרט אין דער בלוטיק גוישער שטאָט.

די משפחה פאַרלאָזט דעם בית=עלמין. פאַרמאַכן דעם אייזער=נעם טויער. דער „צדק לפניך יהלך״ גיט זיך איבער אים אַ טרייסל —

מער וועט מען דעם טויער ניט עפנען. אין שאוול וועלן מער קיין יידן ניט שטאַרבן — —

*

די לייבאָוויטש משפחה שיקט מען דעריאָגן דעם טראַנספּאָרט. אין שטאָט איז שטיל און ווי מערדער אין זייער באַהעלטעניש ליגן אירע איינוווינער פאַרטייעט אין זיך.

פון ווייטן הערט זיך אַ שווערער טאַנקן געוויש, די רוסישע חיילות דערנעענטערן זיך צום שטאָט — אין געציילטע טעג וועלן זיי דאָ זיין — פאַר יידן פאַרשפּעטיקטע.

*

אין קורשאַן קריגן נאָך שלעף מיט פאַריזשערן די לעצטע וואַגאָנעס. מען פאַרפּאַקט אויף גיך די יידן און דער עשאַלאָן רירט. דער לעצטער עשאַלאָן פון ליטע. טויזנטער דייטשע זעלנער בלייבן איבער פאַר דער געפאַנגשאַפט, אויף מיליאָנען די ווערט וועלן בלייבן סחורות, נאָר די יידן זיינען „טייערער״ פון אַלץ, זיי טאָר מען ניט איבערלאָזן...

בייסט זיך דער לאָקאָמאָטיוו מיט די לעצטע סאַפּענדיקע כוחות אין די רעלסן, פירט דעם לעצטן רעשט פון ליטווישן יידנטום צו פאַרפייניקונג, צו פאַרניכטונג. קלאַפּן די רעדער אויס דעם לעצטן

ווייאיקן אַקאָרד: געווען אַ שטאָט, אַ לאַנד מיט יידן, געווען אַ היים,
איז עס דורך בלוט און רציחה אָפּגעמעקט געוואָרן און —
גישטאָ מער.

# אייז מעת־לעת שטוטהאף
# און אייז יאָר דאכאַו*)

*) אונטערן דאָזיקן נאָמען האָט דאָ געזאָלט אַריינגיין דער לעצטער בוך־טייל, וועגן לעבן און אומקום אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן לאָזן מיר איבער דעם טייל, אַרויסצוגעבן שפּעטער, אין אַ ספּעציעלע אויסגאַבע. דאָ ברענגען מיר נאָר, בקיצור זייער, דעם טויט־פינאַל פון דער קהילת שאוול.

20*

אין נעפּל:

דריי ליכטיק וואַרעמע יולי טעג האָט געדויערט די רייזע, פון שאַוול קיין שטוטהאָף. אין די וואַגאָנעס איז געווען ענג, אָבער דערטרעגלעך. דורך די האַלב־אָפענע טירן פון די בהמה־וואַגאָנעס האָט מען געזען די ליטווישע רחבותדיקע לאַנדשאַפטן, די גאָלד־געלע סנאָפּעס קאָרן אויף די פעלדער. די פעלד־ און וואַלד־ריחות האָבן ווי פאַרשיכורט. אויפן יידיש: מענטשן, וואָס איז דאָך שטענדיק געווען באַוועגלעך און איינגעוווינט צו רייזן, און וואָס איז דאָך די דריי יאָר געווען אָפּגעשפּאַרט פון פעלד, וואַלד און וועלט — האָט דער ערשטער רייזע־טאָג געווירקט אַפילו אָנגענעם, אַזוי גיך ווי די ערשטע שעהן פון דענערווירונג זיינען פאַרביי. אויפן גאַנצן וועג, ביז דער דייטשער גרענעץ, האָט מען זיך געריסן צו די וואַגאָן־טירן, געוועלט נאָך אָנקוקן דאָס לאַנד, וואַרפן אַ לעצטן בליק, כאָטש מען האָט דאָך שטאַרק געהאָפט, אַז באַלד וועט מען זיך אומקערן אויף דעם וועג צוריק...

דער באַן יאָגט פאַרביי וואָקזאַלן, אַדורך אייגענע שטעטלעך, ווו מען איז געבוירן און געוואַקסן. קוקט מען אַרויס מיט פאַרבענקטע אויגן אַהין, צו דער ווייטקייט, אַהינטער די וואָקזאַלן, אין דער ליטווישער פּראָווינץ, ווו מען האָט פריינט און אייגענע געהאַט און וואָס די שטעטלעך זיינען שוין לאַנג יידן־ריין געוואָרן. דער צוג לויפט אַדורך ליטע, ווי ער וואָלט געוועלט, פאַרן לעצטן אַרויספאָר פון לאַנד, אַדורכפירן די מענטשן צום לעצטן מאָל אויף אַ געזעגענונג, זיי לאָזן צוזאַמען נעמען אין איין בונט אַלע זייערע אָפּגעלעבטע יאָרן אין אָט דעם לאַנד און דאַן זיי אַרויסשליידערן אין כף הקלע אַריין.

די פּאָסטנס האָבן זיך געהאַלטן פריינדלעך, געלאָזט אַפילו זיך זעצן לעבן זיי, ביי די אָפענע טירן. דער דאָזיקער פאַרהאַלטן זיך פון די פּאָסטנס האָט נאָר געדויערט ביז דער דייטשער גרענעץ. ווייזט אויס, אַז ס'איז געווען אַזאַ באַפעל, ווייל געוווסט האָבן די דייטשן, אַז אויף ליטווישן באָדן קען נאָך איינפאַלן די אַרעסטאַנטן צו אַנטלויפן, דאָ קענען זיי אפשר געפינען נאָך אַן אָרט זיך אויס־

צובאַהאַלטן. אַנדערש שוין אָבער אין דייטשלאַנד, דאָ איז זיך ניטאָ מער וואָס צו שפּילן מיט די „העפטלינגע"; איז ווי גאָר אַריבער דעם דייטשן גרענעץ האָט די באַציאונג זיך תיכף געענדערט.

דערווייל האָט אָבער פּאַסירט אַ פאַל, וואָס האָט ווידער אַן אָטעם־געטאָן אין די געמיטער מיט צוזאָג:

אויפן קעניגסבערגער וואָקזאַל, וווּ דער צוג איז אַ ווײַלע שטיין געבליבן, זײַנען צוגעקומען צו די ייִדן דײַטשע פראָנט־סאָלדאַטן, ערשט געקומענע פון רוסלאַנד. זיי האָבן באַטראַכט די פאַרנדיקע און זיך נאָכגעפרעגט ווו מען פירט אונדז. זייער פאַרביטערונג און אפילו מיטלייד האָט מען געלייענט פון זייערע פנימער. און פלוצלונג האָט אַן אונטעראָפיצער אַ זאָג געטאָן: „איר וועט אייך שוין לאַנג ניט קוועלן, מיר האָבן דעם קריג סײַווי פאַרשפּילט". באַלד אויף דעם זײַנען אָנגעלאָפן ס״ס, פאַרקלאַפּט די וואַגאָן־טירן און אָפּגעיאָגט די סאָלדאַטן מיט זידלערייען.

די פּאַסירונג האָט אויפגעמונטערט. אַזעלכע ווערטער! און אַזוי אָפן! ביז היינט האָט מען עס פון אַ דײַטשן ניט געהערט.

אויפן צווייטן טאָג איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע טיגנהאָף. וועג־שילדער האָבן דאָ אָנגעוויזן 30 קילאָמעטער ביז דאַנציג. הייסט עס — האָבן ייִדן געפּשטלט — מען האָט ניט אָפּגענאַרט. די דײַטשן האָבן טאַקע געזאָגט אַז מען פירט צו פאַבריק־אַרבעט בײַ דאַנציג...

דער פרימאָרגן איז געווען אַ ליכטיקער, אַ וואַרעמער, די פּאָסטנס האָבן געלאָזט כמעט פרײַ אַרויס פון די וואַגאָנעס. האָט מען אַרומשפּאַצירט פון איין וואַגאָן צום צווייטן. מען האָט פונאַנדערגעלייגט פייערן, יעדער האָט זיך געקאָכט עסן, געוואַשן, אויסגעטשוכעט פון דער לאַנגער רייזע.

אַ גאַנצן טאָג און די נאַכט איז מען געשטאַנען אויפן וואָקזאַל אין טיגנהאָף, ערשט באַגינען האָט מען איבערגעזעצט אויף קליינבאַן פּלאַטפאָרמעס. צו 150 מענטשן און מער האָט מען אַרופגעקוועטשט אויף יעדער פּלאַטפאָרמע. די פּאָסטנס האָבן געטרייסט: — עס איז שוין ניט ווייט די פאַבריקן, דאָרט וועט איר אייך אויסרוען...

שטייענדיקערהייט איז מען געפאָרן. קראַנקע האָבן געחלשט. מען האָט זיך געהאַלטן אַרומגענומען, כדי ניט אַרויספאַלן איבערן באַריער. דער קליינבאַן האָט געשלעפּט, געסאַפּעט מיט די לעצטע כוחות. די פּאַסטנס זיינען געזעסן שווייגנדיקע אויפן דעכל פון לאָקאָמאָטיוו, אויף די בופערן, געצילט אַנטקעגן אונדז שוין מיט די מאַשין־געווער און געווען ערנסט, ווי זיי וואָלטן אונדז ניט געוועלט קוקן אין די אויגן און וואָס גיכער שוין פּטור ווערן פון אונדז.

מיר זיינען אַדורכגעפאָרן אַ שטעטל. אַרבעטער זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט. זיי האָבן אונדז אָנגעקוקט און געשמייכלט, אַנדערע זיינען ערנסט געווען, אָוועקגעדרייט די קעפּ. דער באַנכל האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַנציע. 13—14־יאָריקע שקצים האָבן דאָ געטאָן די אַרבעט פון קאָנדוקטאָרן, באַן־אויפזעער, נאַטשאַלניקעס. זיי זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן אין ס״ס און באַן־אוניפאָרמען. אַנדערע זיינען צוגעקומען צו אונדז, געענטפערט אויף אונדזערע פראַגן, אַז מען פירט אונדז דערביי דאָ אויף אַרבעט, אַז דאָרטן געפינען זיך שוין אויך אַנדערע אַרבעטער. זיי האָבן געשמייכלט.

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין אַ קליינעם וועלדל. דער לאָקאָמאָטיוו האָט פאַרהאַלטן זיין אימפּעט און פּלוצלונג: א ו י. איין איינציקער אוי האָט זיך אַרויסגעריסן פון הונדערטער הערצער. אוי — און מער גאָרניט. דאָס בלוט איז ביי אַלעמען ווי פאַרשטייפט געוואָרן. אַ גרויזאַמער בילד האָט זיך געריסן פון דער ערד אַרויס: אַרויסשטאַרצנדיקע קעפּ, אין דער ערד פאַרבאָרגענע גופים, פון אַהינטער אַ פיר־פאַכיקן דראָט.

דער באַנכל איז שטיין געבליבן. פון דער ווייטן האָבן זיך געזען ציענדיק קילאָמעטער לאַנגע מענטשן־פאסן, אָנגעטאָן אין עפּעס געשטרייפטע קליידער. זיי האָבן זיך געצויגן אין גראָ־ע רייען און דאָס עבאָ־געקלאַפּ פון זייערע האָלץ־שיך האָט אונדז געבראַכט אַ גרוס, אַז דאָס גייען אַרעסטאַנטן.

צווישן אונדז האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. איינער צום צווייטן איז זיך עפּעס פרעמד געוואָרן. יעדער איז געווען פאַרשטילט אַריינגעטאָן אין זיך.

אַז די קאָלאָנעס זייַנען ענדלעך פאַרשוווּנדן ווייט פאַר אויגן, האָט דער באַנכל געריררט פאָרויס.

ווי לאַנג זייַנען מיר נאָך געפאָרן? — אפשר צען מינוטן און אפשר אַ סך מער.

דער פינצטערער וועלדל האָט זיך געענדיקט. ווידער האָבן מיר דערזען אַ ליכטיקע, זוניקע וועלט און בײַם ענדע פון וואַלד, בײַם ענדע פון דראָט — אַ הויז. אַ ליכטיק ווייסע הויז, מיט אַ באַזונטע גרויסע טעראַסע, וואָס איז געשטאַנען פונקט אַנטקעגן אונדז. אויף דער טעראַסע האָבן צוויי קינדער זיך געשפּילט. פאַרן וועג איז געשטאַנען אַ שילדל: וואַלדלאַגער שטוטהאָף.

אויסשטייגן! — איז געפאַלן אַ קאָמאַנדע.

ווי פון אונטער דער ערד זייַנען אויסגעוואַקסן אַ 50 שוואַרץ־באַמונדירירטע געשפּענסטער און עטלעכע העכערע ס״ס־פירער. פאַר אונדז איז געלעגן אַ ברייטער וועג, וואָס איז געווען אין מיטן אַדורכגעצוימט מיט אַ בעטאָן־באַריער. פון ביידע זייטן וועג זייַנען געווען בלומען...

— מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער! — האָט עמעצער פון די ס״ס־לייט אַ קאָמאַנדיר געטאָן.

פאַרשטילטע האָט מען זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן וועג, וואָס האָט געפירט אין לאַגער אַרייַן.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי שטיל און שנעל. דער באַנכל איז אָפּגעפאָרן צוריק מיט אונדזערע פאַסטנס. ערשט איצט האָבן די ס״ס־לייט אַרויסגעלאָזט אַ הירזשנדיק ווילד געלעכטער, וואָס האָט אויך איבערגעוועקט די שטייענדיקע ייִדן. מען האָט זיך אַרומגעקוקט — פוסטע ווייטע ליידיקייט איז געווען פון אַלע זייטן.

— מאַרש!

די קאָלאָנע האָט געריררט. די איינציקע קינדער וואָס זייַנען דאָ געווען נאָך, האָבן אָנגעפאַנגען אַריבערלויפן פון די טאַטעס צו די מאַמעס און צוריק. ס״ס איז אַרויפגעפאַלן פון אַלע זייטן, געממתט מיט ווילדער רציחה, — בלוט האָט זיך געגאָסן און די קאָלאָנע איז אין אַ געלויף אָנגעקומען צו אַ טויער. אַזוי גיך ווי דער טויער האָט אונדז אַרייַנגעשלונגען איז שוין געווען אַ צווייטער און באַלד

אַ דריטער. ביז מיר זיינען שטיין געבליבן אין אַ מיטן וואַלד. ס״ס איז ווי ניט געוואָרן. אַרום אונדז איז געווען וואַלד. אונטער אונדז אַ ווייסער ים־זאַמד. איבער אונדז אַ בלויער הימל און פון ווייטן אַ רוישן פון ים...

אין זייט פון דעם פעלד, אויף וועלכן מיר האָבן זיך איצט אויסגעלייגט, זיינען געשטאַנען 5־4 גרויסע, רויטע מויערן. אַנטקעגן אונדז אַ דיקער דאָפּלט־דראָט און צווישן דראָט און דראָט — דראָט־קנוילן. הינטער די דראָטן הונדערטער באַראַקן, שיינע, גרויסע, גרינע באַראַקן.

די פרויען האָט מען אַריינגעיאָגט אין אַ געמויערטן באַראַק, אויפן זעלבן פעלד ווו מיר זיינען געלעגן.

פון אַלע זייטן, פון יעדער איינציקן פון די אַכציק טויזנט העפטלינגע האָט געאָטעמט טויט. די פּאַלאַקן, וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן הויף, האָבן זיך געאײַלט אונדז אָנצוזאָגן, אַז דאָ וועט מען אונדז פאַרברענען, דערפאַר זאָל מען זיי אָפּגעבן אַלע ווערט־זאַכן, גאָלד, בריליאַנטן: „אייך וועט מען סיי־ווי פאַרברענען“. און דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ פשוטקייט...

דורכן פענצטער, וואָס איז אַרויס פון דעם באַראַק ווו מען האָט אַריינגעטריבן די פרויען, צום אינעווייניקסטן לאַגער־הויף, האָט איין ייד איבערגעגעבן גאָלד צו אַ פּאָלאַק, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט. דאָס האָבן ביידע געזאָלט זיך שפּעטער טיילן אויף העלפט, אויב דער ייד וועט דאָך בלייבן לעבן. נאָר אַ ס״ס־מאַן האָט עס באַמערקט און דערהרגעט דעם פּאָלאַק אויפן אָרט. דער לעצטער האָט אָבער, שוין ליגנדיק טויט, געהאַלטן פאַרקוועטשט די האַנט מיט דאָס אים געגעבענע. גאָלד איז געווען טייערער פון לעבן. מיט אַ סך גאָלד האָט מען דאָ געקענט דערהאַלטן דאָס לעבן.

ניט אַלע יידן האָבן אָפּגעגעבן זייערע ווערט־זאַכן. אָט לעבן זיי דאָך דאָ, — האָט מען געזאָגט, איז אפשר וועלן מיר אויך בלייבן לעבן. האָט מען באַגראָבן גאָלד און בריליאַנטן אין זאַמד, געשלונגען אין זיך, פאַררוקט אין די נקבים און חלולים פון אייגענעם גוף. אַ טייל איז געלעגן אָפּגעשוואַכט, רעזיגנירט און זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון גורל. אַנדערע האָבן זיך געוואָרפן אויפן עסן,

וואָס מען האָט געהאַט מיט זיך, ווי מען וואָלט געגלויבט זיך צו קענען זאַט מאַכן אויף אַ לענגערע צייט.

עלטערן, וואָס האָבן נאָך געהאַט זייערע קליינע קינדער, זיינען געווען פאַרצווייפלט. מיט קינדער וועט מען זיכער פאַרברענען. דאָס האָט מען שוין געוווּסט. איז ווער זאָל נעמען דאָס קינד, די מאַמע אָדער דער טאַטע? ביידע זיינען גרייט געווען אומצוקומען מיטן קינד. געווען אויך איינציקע פאַלן פונקט פאַרקערטע: טאַטע־מאַמע האָבן זיך געוואָרפן מיטן קינד פון איינעם צום צווייטן. ביידע האָבן געוואָלט בלייבן לעבן, זיך ראַטעווען, ניט אומקומען צוליבן קינד. איך האָב געזען אַ טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן געהאַט צוויי קליינע קינדער, אַ ייִנגעלע און אַ מיידל. האָט דער טאַטע גענומען דאָס ייִנגעלע און די מאַמע — דאָס מיידעלע. אַלע פיר זיינען טאַקע אומגעבראַכט געוואָרן אין שטוטהאָף.

*

פאַרנאַכט זיינען אָנגעלאָפן אויף אונדז אַ קאָמאַנדאָ ס״ס־לייט מיט זייערע געהילפן — פוילישע קאַפּאָס. אַלע מיט גראָבע שטעקנס און שפּיץ־רוטן אין די הענט. אַ האַלבע שעה האָבן זיי געשלאָגן, געבלוטיקט אונדז. דאָס האָט געהייסן „וויך מאַכן די מאַסע" און זיי האָבן זייער וויך געמאַכט... ערשט דאַן האָבן זיי אונדז אויפגעשטעלט אין איין קאָלאָנע, צו פינף אין אַ ריי. אַן אויבערשטורמפירער, אַ יונגער, שלאַנקער, בלאָנדער דייטש איז אָנגעקומען אויף אַ מאָטאָציקל. ער איז געגאַנגען אַדורך די רייען געקוקט אין די אויגן אַריין, ווי ער וואָלט עפּעס געוועלט דערזען אַ געהיימעניש. פּלוצלונג האָט ער אַ ווונק געטאָן צו דאַווידאָוויצן, אים אַרויסגערופן פאָרויס און באַפוילן: די ביסט קאַפּאָ איבער זיי אַלע, דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי אַלע. — דאָס איז געווען דער דאַווידאָוויץ, וואָס האָט אויפגעהאָנגען בצלאל מאַזאָוועצקען אין געטאָ — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַרומגערינגלט פון ס״ס און קאַפּאָס זיינען מיר געטריבן געוואָרן אין אַנטלויזונג. די ס״ס־לייט זיינען איצט דאָ געווען ליטווינער, פונעם שוואַרצן באַטאַליאָן, וואָס זיי האָבן עס אויך געדינט מיט זייערע מערדערייען אין אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מיר זיינען

פֿאַרבײַ די רויטע מויערן; ס״ס האָט אַראָפּגעקוקט דורך אַלע פֿענצטער און אונדז באַגלייט מיט געלעכטער. מען האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט רעכטס פֿון די מויערן, אויף אַן אַרומגעצוימטן קלייִנעם פּלאַץ. טויזנטער קליידער־שטיקער און שיך האָבן זיך דאָ געהויפֿט אין קופּעס. צו זיי האָט מען צוגעפּאַקט אויך אונדזערע. פֿאַרטיעס־ווײַז האָט מען געפֿירט אין אַנטלויזונג. שעהן לאַנג איז מען געלעגן אויפֿן פּלעצל, בײַם טיר צו דער אַנטלויזונג און ניט געוווּסט וואָס דאָרט אינעווייניק קומט פֿאָר. אַז אונדזער פּאַרטיע איז אַרײַן אין אַנטלויזונג און זיך אויסגעטאָן, זײַנען אַנטקעגן אונדז געשטאַנען העכערע ס״ס־לײַט. זיי האָבן אונדז אָנגעקוקט, זיך איבערגעוואָרפֿן מיט ווערטער צווישן זיך און אַוועק. ווײַזט אויס די סחורה איז זיי געפֿעלן געוואָרן. ווײַל מיט קליינע אויסנאַמען זײַנען דאָך אַלע געווען אַרבעטס־פֿעאיקע. די סעלעקציעס האָט מען דאָך שוין געהאַט געמאַכט אין געטאָ. כּדי ניט פֿאַרשעמען דעם מין מענטש — באַנוצנדיק די ווערטער פֿון נתן נאַטע האַנאָווער — וועלן מיר ניט דערציילן וועגן דער ח ר פּ ה, וואָס איז דאָ, אין אַ נ ט ל ו י ז ו נ ג, באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם צלם אלקים. אין די פֿופֿצן מינוט, וואָס די „באָד“ האָט געדויערט, האָט עס צוגענומען בײַ מענטשן דעם כּבֿוד־געפֿיל צו זיך און צום מענטשן בכלל.

אַרויס פֿון אַנטלויזונג, דורך אַ צווייטער טיר, האָט מען אונדז אײַנגעטיילט „קליידער“. יעדערן אַ העמד, הויזן און אַ רעקל. אויפֿן גאַס האָט מען צוגעוואָרפֿן יעדערן צוויי שיך, קליין אָדער גרויס, צוויי רעכטע אָדער לינקע — אָבער צוויי. אין די שיך האָבן אַ סך געהאַט אײַנגעפּאַקט גאָלד, בריליאַנטן,—האָט מען זיך אָנגעפּאַנגען רײַסן, דערזעענדיק בײַ וועמען אַן אייגענע פּאָר שיך, וואָס יענער האָט ניט געוועלט אָפּגעבן, אויב די שיך האָט אים געפּאַסט.

פֿון אַרײַנגאַנג אין אַנטלויזונג ביז איצט — אין קנאַפּע שעהן — האָט מען די מענטשן שוין ניט געקענט דערקענען. יעדערער האָט איצט אויסגעזען ווי פֿאַרשטעלט. ווי אין אַ טראַגיש גרויזאַמען מאַסקאַראַד: הויכע מענער מיט קורצע ביז די קני הויזן און פֿאַרקערט, קליינע מענער מיט לאַנגע אויף דער ערד זיך נאָכשלעפּנדיקע הויזן. נאַקעטע הענט האָבן אַרויסגעשריען פֿון קורצינקע אַרבל. אַנ־

דערע זיינען געווען האַלב נאַקעט, גיט קענענדיק אַריינקריכן אין די קליידער. מען האָט זיך אָנגעקוקט און ביטער געשמייכלט. אַלץ אין היינטיקן טאָג איז געקומען אַזוי אומדערוואַרטעט און אַלץ איז געווען אַזוי ווילד־משונהדיק, אַז די געדאַנקען זיינען צעטומלט געווען, מען איז שוין גיט געווען ביים קלאָרן זינען.

איצט האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און קאַפּאָס האָבן מיט גרויסע פּענדזלען אויסגעמאָלן אויף אונדזערע קליידער גרויסע רויטע מגן דוד צייכנס. נאָך לאַנגע ציילונגען האָט מען אונדז צוגעטיילט קאַפּאָס און אַריינגעפירט אין אינערן לאַגער. ביי אונדזער באַראַק־פּענצטער זיינען געשטאַנען בלומען. אין ערשטן צימער איז ליכטיק געווען, עלעקטרע האָט געברענט יום־טובדיק. אויפן דיל איז געלעגן אַ גרויסער טעפּיך. אין אַ זייט פון אָט דעם ערשטן זאַל איז געשטאַנען אַ בעט פאַרן בלאָק־קאַפּאָ און איבערן בעט — אַ פּאָרטרעט פון „פּירער", ווי ער האַלט צוגעטולעט צו זיך אַ קליין קינד...

אין צווייטן צימער זיינען געשטאַנען געדיכט 5 שטאָקיקע נאַרעם, מיט אַ ביסל צעריבן שטרוי. דאָ איז געווען שמוציק און פינצטער.

אונדז האָט מען געלייגט שלאָפן אין ערשטן זאַל, אויף דער ערד. מען האָט אונדז איינגעלייגט אַלעמען אויף איין זייט, געדיכט איינעם ביים צווייטן. די קאַפּאָס זיינען געגאַנגען איבערקוקן אויב מיר שלאָפן כּדין. זיי זיינען געגאַנגען איבער די גופים. פּרובירט אַריינשטופּן אַ פוס צווישן גוף און גוף. עס איז גיט מעגלעך געווען. דאַן האָבן זיי גענומען איינלייגן די פיס. אַלעמענס פיס האָבן געמוזט זיין גלייך... די לענגערע האָט מען געהאַקט מיט שטעקנס, זיי זאָל איינציען. עס איז דאָך אָבער גיט געווען ווו איינצוציען, האָט מען אַרויפגעשלעפּט די קעפּ אויפן וואַנט. זיינען אָהער ווידער געגאַנגען די קאַפּאָס איבער די קעפּ און זיי אַראָפּגעקלאַפּט...

אַנטקעגן אונדז, אין צווייטן ווינקל, האָט מען אַוועקגעלייגט די אָפּסעלעקטירטע קינדער, פון קאָוונע, שאַוול א"א. די קינדער זיינען געלעגן פאַרשטילטע, ווי מיר אַלע.

עס האָט שוין געמוזט זיין נאָך האַלבער נאַכט, ווען דאָס שלאָגן און פייניקן האָט אויפגעהערט. מען האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט — נאַכט. ווי מיד איך בין געווען האָב איך אָבער איינשלאָפן ניט געקענט. כ'האָב געפילט אַז אַנדערע קענען עס אויך ניט. איך האָב געוואָרפן געהיים בליקן צום בעט פון קאַפּאָ, ווו ס'האָט געברענט אַ נאַכט־לעמפּל. אַ פיר שאָטנס האָבן זיך דאָרט באַוועגט. באַלד האָבן זיי זיך אויך אויפגעהויבן, געקומען צו אונדז. זיי האָבן באַטראַכט אונדז, באַטראַכט די שיך, וואָס זיינען לויט זייער באַפעל געווען אויסגעשטעלט ביי אונדזערע פיס. ביז אַ צען פּאָר שיך האָבן זיי אָפּגעקליבן און ערגעץ אַוועקגעטראָגן. באַלד זיינען זיי צוריקגעקומען און אָנגעפאַנגען אויפוועקן די פון וועמען זיי האָבן אַוועקגענומען די שיך. די מענטשן האָבן זיך פאַרשטילטע אויפגעהויבן און אַוועק מיט זיי. מער זיינען זיי ניט צוריקגעקומען. אויף מאָרגן פרי האָבן מיר זיי געפונען טויטע אין וואַש־באַראַק.

אַזייגער פיר באַגינען האָט עס געדאַרפט זיין ווען ס'איז געוואָרן אַ טומל. איך האָב זיך אַ טשובע געטאָן פון אָרט און דערזען — מער דערפילט ווי דערזען — ווי די קאַפּאָס שלאָגן מיט רימענס און שטעקענער איבער אַלעמען. די 400 מענטשן וואָס זיינען געווען דאָ, האָבן זיך געדרייט אין אַ ווילדן קאַראַהאָד, געשפּרונגען איינער אַרום צווייטן, געטראָמפּלט איינער איבערן אַנדערן און די קאַפּאָס האָבן ניט אויפגעהערט בלוטיקן און געוואַלדעווען: „אַרויס! גיכער אַרויס צום אַפּעל!“ ביים טיר זיינען אָבער געשטאַנען צוויי קאַפּאָס און מיט שטעקענער געשלאָגן אויף צוריק. ניט געלאָזט זיך דערנענטערן צום טיר. ביי זייערע פיס האָבן זיך שוין געוואַלגערט צעבלוטיקטע, טויטע. דער שדים־טאַנץ האָט ניט אויפגעהערט ביז — אַ ייד האָט אַן עפן געטאָן אַ פענצטער. ערשט איצט האָט מען „פאַרשטאַנען“, וואָס די קאַפּאָס מיינען... מען איז געשפּרונגען דורך די פענצטער.

אויפן אַפּעל־פּלאַץ איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פּאָלאַק און האָט אַ שושקע געטאָן: „היטלער איז דערשאָסן געוואָרן“. (געמיינט דעם אַטענטאַט פון 20טן יולי). מיר האָבן די ידיעה אויפגענומען גלייכגילטיק. די מוחות זיינען געווען ווי אָפּגעטעמט. אין די

רייען פון די אַנדערע העפטלינגען האָט זיך געמערקט אַ אויפרודער.

עס איז שוין געווען העלער טאָג. מיר זיינען נאָך געשטאַנען אין די רייען, אויפן אַפּעל־פּלאַץ. מען האָט אונדז געציילט, איבער־געציילט, סאָרטירט און ווידער דאָס זעלבע. ראַפּאָרטפירער, ס״ס־ניקעס זיינען אַנגעלאָפן, אויסגעציילט, געבריקעט, געשלאָגן און אַוועקגעפאָרן. באַלד זיינען געקומען אַנדערע און אַזוי כסדר. אַרום מיטאָג־צייט האָט מען אונדז ענדלעך, אונטער אַ האָגל פון שטעקנס געבראַכט צום טויער.

איך בין געשטאַנען אין איין ריי מיט מיין פאָטער און ברודערל. אַליין האָב איך זיך געשטעלט אין פראַנט פון דער ריי, כדי זיי צו פאַרשטעלן. קאַפּאָס און ס״ס־לייט האָבן אַדורכגעקוקט די רייען, אַרויסגענומען אַלטע און קינדער. אַ קאַפּאָ איז צוגעקומען צו אונדזער ריי און אַרויסגענומען מיין פאָטער. איך האָב זיך אַ קלאַ־מער געטאָן אין אים:

— לאָז אונדז צוזאַמען.

— אַ פאָטער?

— יאָ.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אונדז, ווי ער וואָלט זיך איבערלייגט און איז גיך אַוועק. עס איז אָנגעלאָפן אַן ס״ס־מאַן. געקוקט אין די רייען. פון אונדזער ריי האָט ער אַ שטופּ אַרויס געטאָן מיין ברודערל.

— אָפּמאַרש! — איז געפאַלן אַ באַפעל.

ווי זאָל איך איצט טאָן, זיך אַרויסרייסן פון ריי, בלייבן מיטן ברודערל, אָדער גיין מיטן פאָטער?

אַ סך הונדערטער מענטשן האָבן מאַרשירט הינטער מיר. מען האָט געשטופּט איינער דעם צווייטן און שטעקנס האָבן געשטופּט אַלעמען. עס איז ניט געווען קיין צייט אויף טראַכטן.

אָט גייען מיר פאַרביי דעם באַראַק פון די פרויען. איך פאַרלייג דעם קאָפּ, ווייל וואַרפן כאָטש אַ בליק צו דער מאַמען, צו דער שוועסטער, נאָר אָנשטאָט זיי דערזע איך די קרעמאַטאָריע־קוימענס. אַ דין בלויער רויך האָט זיך פון זיי געשלענגלט צום הימל.

דורך דריי יאָר געטאָ, אין די שווערלעכסטע באַדינגונגען, — מען האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען, זיך געקלאַמערט איינער אין

צווייטן. נאָר צוזאַמען. און אַט, אין איין אויג־פינטל, איז מען צעריסן געוואָרן אויף דריי שטיקער, און ווער ווייס אויב ניט אויף אייביק.

אויפן האַרצן איז אַזוי שטייניק, אַ פאַרגליווערטקייט אין אַלע פיל־ און דענק־קעמערלעך. ביסט ווי אָנגעגאָסן מיט בליי.

פאַרן לאַגער, אויף דער ראַמפּע, וואַרטן שוין וואַגאָנעס. די זעלבע וואָס האָבן אונדז נעכטן אַהער געבראַכט. ווי מאָדנע, וואָס אַלץ עס קען פאָרקומען מיט אַ מענטשן אין איין איינציקן מעת־לעת! נאָר קיינער גיט זיך גאָר ניט אָפּ קיין חשבון, קען גאָר נאָך ניט באַגרייפן, וואָס ס'איז באמת מיט אונדז דאָ פאָרגעקומען. מען וווּנדערט זיך נאָר, מען גלייבט זיך קוים, איז מען טאַקע פון הינטער די דראָטן אַרויס? האָט מען טאַקע דאָרט געלאָזן טיילן פון דער אייגענער משפחה? גייט מען נאָך פון הינטער אַזעלכע דראָטן אַרויס? און וועלן די וואָס זיינען אינעווייניק נאָך געבליבן אַרויס פון דאָרט?

— מאַמע, שוועסטער, ברודער, מורמלען מיינע ליפּן מיט פאַרפרעסטן ווייטיק.

מיין פאָטער נעמט אָן מיין האַנט, דריקט איר צוזאַמען, ווי שטענדיק ווען ער וויל מיר באַרויִקן: — זיי רויִק, קינד, ד ו וועסט זיי נאָך זען.

— פאַרוואָס ניט מ י ר, טאַטע?

ער האָט געשוויגן. מיר האָבן ניט געוויינט.

ווידער פאָרן מיר, ווי נעכטן, לענג אויס דעם דראָט, וואָס ציט זיך מיטן טונקעלן וואַלד. מיר זעען ווידער די באַהעלמטע קעפּ, וואָס שטאַרצן פון דער ערד אַרויס. זיי וואַרפן אָן אַזאַ שרעקשוידער, היינט ווי נעכטן; איצט נאָך מער ווי נעכטן, ווען דו ווייסט שוין וואָס הינטערן דראָט קומט פאָר.

אין די וואַגאָנעס אַ טויטע שטילקייט. קיינער ברענגט אַ וואָרט ניט איבער די ליפּן.

אַ מעת־לעת אין שטוטהאָף נעמט אָפּ דאָס לשון.

וועגן אַ מעת־לעת אין שטוטהאָף האָט נאָך קיין איינער ניט דערציילט.

וועגן איין מעת־לעת אפילו אין שטוטהאָף — איז קיין פּעדער ניט ביכולת צו דערציילן.

*

שוין 24 שעה ווי מיר ליגן אַוועקגעשליידערטע צו 70 מענטשן אין אָפּגעשלאָסענע וואַגאָנעס, אָן ברויט, אָן וואַסער, ניט וויסנדיק וווּהין עס טראָגט אונדז דער ווי אין בהלה לויפנדיקער צוג.

אויפן צווייטן טאָג איז דער צוג שטיין געבליבן. מען האָט געעפנט די טירן און אַנטקעגן אונדז איז געשטאַנען אַ צעהרובנטער וואָקזאַל — נירנבערג. מיר פאַלן צו צו די אָפענע טירן, שעפּן איין לופט. אַנטקעגן אונדז יאָגן אָן און גייען אָפּ צוגן. עס שטייגן אויס און איין דייטשן. אויפן וואָקזאַל איז אַ באַוועגונג. די דייטשן קוקן אונדז אָן, די צעקנאָדערטע ווי שמאַטעס אַרעסטאַנטן און זיי שמייכלען, לאַכן אונדז אין פּנים אַריין.

די פאַסטגס נעמען אַרויס פון יעדער וואַגאָן צו צוויי מענטשן און פירן זיי צו יענער זייט פון וואָקזאַל, ברענגען זופּ פאַר אונדז. איך בין געשיקט געוואָרן פון אונדזער וואַגאָן. אין קיך האָב איך שטיל אַ פרעג געטאָן די דייטשקע פון רויטן קרייץ, וואָס האָט אונדז די זופּ געגעבן: „ווייסט אפשר וווּ מען פירט אונדז?“

— צום טויט — איז געווען איר גאַליקער ענטפער.

מיר האָבן דערווייל אַ בליק געטאָן אויף דער שטאָט, וואָס איז געלעגן אַ צעוואַלגערטע אין חורבות. צוזאַמען מיטן זופּ האָבן מיר געבראַכט דעם גרוס פון זייער חורבן צום וואַגאָן. אָבער קיינער האָט זיך ניט געפרייט, ניט מיטן גרוס, ניט מיט דער זופּ.

ווידער האָט מען פאַרקלאַפּט די טירן. דער צוג האָט ווייטער געיאָגט, ווי ער וואָלט אונדז געפירט אין תהו־ובהו אַריין.

צוויי טעג שפּעטער איז דער צוג שטיין געבליבן אויף דער סטאַנציע קויפערינג. אַ דייטשער ייִד, וואָס איז געווען מיט אונדז, האָט דערקענט זיין היים־שטעטל: מיר זיינען געווען אין בייערן, 30 קילאָמעטער פון מינכען.

אויפן וואקזאל האָט אונדז שוין אָפּגעוואַרט אַ קאמפּאניע ס״ס און הונדערטער ציווילע דייטשן — צוקוקער. אָפּגעשוואַכטע און ווי גיט־דא־וועלטיקע האָט מען אונדז מיט די פּריקלאַדן און געשרייען אויסגעשטעלט אין ריי, געפירט אונדז צו אַ לאַגער — ערגעץ ווו. מיר זיינען געגאַנגען דורך פעלדער, דורך וואַלד־וועגן און פּלוצלונג — פ ע ר ס ט ע ר ! דער מערדער פון די שאוולער קינדער איז דא געשטאַנען פאַר אונדז. אַ שוידער איז געלאָפן דורך די רייען. מענטשן האָט אָפּגענומען דער אָטעם. אין אַלעמענס געדאַנק איז געווען די פראַגע: ווו זיינען מיר, וואָס זאל דאס באַדייטן, האט מען אזש אהער אונדז פאַרשלעפּט צו פאַרניכטן? פערסטערס שטיין אין מיטן פעלד אַ שמייכלענדיקער אנטקעגן אונדז איז שוין געווען דער קולמינאַציע־פונקט אין דעם ווילדן שדים־טאַנץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט פון שטוטהאף ביז אַהער. מען איז געגאַנגען פאַרביי פערסטערן ווי געטריבן אין שיגעון. פערסטער האָט דורכגעלאזן די קאלאנע. צום סוף זיינען געגאַנגען מיט אונדז 200 פרויען, האָט ער זיי אפּגעשטעלט. פון וויטן האבן מיר געזען ער פירט זיי אראפּ אין אַ לאַגער.

אַ שעה שפּעטער האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ מיטן וואַלד: אַ פּאָר הונדערט רונדע קארטאָן־בודקעס זיינען דאָ געווען אַרומגענומען מיט אַ טאָפּל דראָט. אַרום דעם דראט וועכטער. מיר זיינען געווען אין לאַגער 2, ביי קויפערינג, אַ פיליאלע פון דאכאו.

יעדערער פון אונדז האָט געקראגן אַ דעקע, אַ לײַמענע שיסל און אַ לעפל. די קאַלטע קרעמאטאריע האָט אָנגעפאַנגען צו פונק־ציאנירן.

* *
*

אַ וואָך שפּעטער פון אונדז זיינען די אַנדערע שאוולער ייִדן, די וואָס זיינען אַרויס פון שטאָט מיטן לעצטן טראנספּארט, גע־בראַכט געוואָרן אין דערבייאיקע לאַגערן, ביי מילדאָרף און אין לאַגער 10, ביי אוטינג, נאכדעם ווי אויך זיי זיינען אדורך שטוטהאָף. אין אונדזער לאַגער האָט ס״ס שוין דערווייל באַ־וויזן אומצוברענגען אַ פּאָר הונדערט מענטשן.

אין שטוטהאָף גופא זיינען אומגעבראַכט, פאַרברענט געוואָרן בײ 500 מענטשן. די שאַוולער פרויען (אויסער די וואָס זיינען געווען מיט אונדזער טראַנספּאָרט, די וואָס פריער האָט אַראָפּגעפירט אין לאַגער 1), זיינען געווען אין לאַגערן אַרום שטוטהאף און צווישן טאָרן און בראָמבערג, ווי טרוגיץ, ליובעטש, קאַרבן, דערבעק, מאַלקין, עלבינג א.א.

די פרויען האָבן אין די אַלע לאַגערן געאַרבעט בײ פאַרטפיקאַציעס, גראָבנדיק אָקאָפּעס. און כאָטש זיי האָבן געהאַט, אין פאַרגלייך צו די מענער, פיל לייכטער, ווייל דער רעזשים צו פרויען איז געווען בכלל אַ „מילדערער", איז דער גרעסטער טייל דאָך אומגעקומען, פון לייז, הונגער און קעלט. די אָפּגעשוואַכטע פלעגט מען אָפּט שיקן קיין שטוטהאָף צוריק און דאָרט פלעגן זיי שוין אומקומען אָדער פאַרברענט ווערן.

שוין גאָר ערב דער באַפרייאונג איז אויסגעבראָכן אַ טיפעפידעמיע אין אַלע לאַגערן. (אַזוי אויך אין די מענער־לאַגערן. ווייזט אויס אַז ס'ס האָט אַליין אַרייגעבראַכט די עפידעמיע). דער טיף האָט צוגענומען יעדן טאָג צענדליקער פרויען. דער פינאַלטויט איז געווען בשעתן מאַרש. אַזוי באַלד ווי די רוסן האָבן זיך אָנגעפאַנגען דערנענטערן צו שטוטהאָף, בראָמבערג און צו די לאַגערן אין די מקומות, האָט מען די פרויען געשלעפּט אין לאַנגע מאַרשן, וואָס ווייטער פון די פראָנטן. אין די דאָזיקע מאַרשן זיינען אומגעקומען הונדערטער פרויען, געבליבן ליגן פאַרפראָרענע אויף אַלע וועגן און קיינער ווייס אפילו ניט ווו זייער קבר איז.

אין לאַגער 10, בײ אוטינג, זיינען געווען בײ 500 שאַוולער יידן. אויך זיי האָט פריסטער דערוואַרט בײם אָנקום אויפן וואקזאַל אין קויפערינג. דער מערדער האָט זיי געפרעגט: „איז אויך כץ מיט אייך" „איך האָב אים דאָך צוריקגעשיקט קיין שאַוול, איבערגעגעבן אייך אַ גרוס פון אייערע קינדער — — — — — — —

אין לאַגער 10 האָבן די יידן געלעבט אין בעסערע באַדינגונגען, אין פאַרגלייך צו די אַנדערע לאַגערן. דאָ איז געווען דער אַרבעטס־פּלאַץ בײם לאַגער. אויך איז די אינערן־פאַרוואַלטונג געווען

אין די הענט פון אייגענע שאַוולער. אמת, דא האבן זיך שוין צוגעכאפט צו דער מאכט די יעניקע וואָס זיינען אין געטא נאך געצוימט געוואָרן דורכן עלטסטנראַט — בורגין, טשערנאווסקי, גענס — האבן דא באַלד געלאזט דערפילן זייער ממשלה. דאך האָבן זיי, אַלס לאַגער־עלטסטע און קאפאס, זיך ניט געקענט אַזוי פריי צעהויליענען, ווי קאפאס אין אַנדערע לאַגערן. סוף־סוף זיינען דא אַלע געווען מענטשן פון איין שטאָט און צייטנווייז האָט מען זיי באַווירקט.

אפענער טויט האט געהערשט אין די אַנדערע לאַגערן, ווו עס זיינען געווען שאַוולער יידן, צווישן יידן פון קאָוונע, אונגאַרן, טשעכאסלאוואקיי לאדזער און אַנדערע.

ניט ווייניק האבן צוגעהאלפן צום טויט די קאפאס. אַזוי האט אין לאַגער 2 געבושעוועט דער בערלינער קאַפּאָ פריץ בערנשטיין, וואָס האָט געטריי אויסגעפירט אַלע אכזריותדיקע באַפעלן און אפילו צוגעגעבן אייגענע.

שפעטער זיינען אין לאַגער 2, ווי אין אַלע אַנדערע לאַגערן פון אַרום דאכאו, אַרײַנגעשיקט געוואָרן אַרישע קאַפּאָס, פאַרברעכער און אויך בלומרשט קאָמוניסטן, וואָס זיינען אָבער ניט בעסער געווען פון די ערשטע. די יידישע גרויסע קאַפּאָס, ווי פריץ בערנשטיין, איזאק גריצמאַכער (אַ באַקאַנטער אונטערוועלטניק פון ליטע), וואלפערט, שמואל זשביק, איסרלים, לעוונשטיין א.א. האָבן זיך געפלייסט נאָכצוהאַלטן זייערע אַרישע חברים־קאַפּאָס און אויך אויף זייערע קעפ ליגט דאָס בלוט פון גאָר אַ סך יידן.

אין אַלע די אויבן־דערמאָנטע לאַגערן און אַנדערע זיינען די שאוולער, ווי די מילאנען יידן, אומגעקומען מיט אַלע מיתות משונות.

ביי 600 שאַוולער האָבן איבערלעבט די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. 600 אמפוטירטע גלידער, פון אַ לעבעדיקן יידישן גוף — פון דער 10.000 קעפיקער יידישער קהילה אין ליטע־לאַנד. אַזוי האָט דער דייטשער הענקער געטויט מיט אַלע גרויליק־אכזריותדיקע מיתות גיין טויזנט פיר הונדערט יידן פון שאַוול, צווישן די זעקס מיליאָן פון פאלק ישראל.

. . . און ווען מען טראַכט הייגט וועגן שטוטהאָף, וועגן דאַכאו,
— באַגרייפן מיר עס פונקט אַזוי ווייניק, ווי ווייניק מען האָט עס תופס געווען דאַן.

ווי אומבאַגרייפלעך איז נאָך הייגט, פאַר אונדז אַליין, דער מאַסן־טויט און — אונדזער אייגענער לעבן בלייבן. . .

עס וועט קיינמאָל קיינער ניט באַגרייפן עס אין דער גאַנצער טיף.

איז נאָר —

זכור אשר עשה לך עמלק־דייטש,

איז נאָר —

זכור אשר עשה לך ליטווינער־כאַם,

איז נאָר —

זכור, אַז די וועלט האָט געשוויגן אין די יאָרן פון יידישן טויט,

איז —

זכור כאָטש —

שטענדיק, אייביק, געדענק, פאַרגעס ניט —

זעקס מיליאָן!

צוויי שאַוולער קרבנות, וואָס זיינען געפאַלן אין מאַרש קיין טיראָל. זיינען נאָך דער באַפרייאונג אויסגעפונען און געבראַכטגעוואָרן צו קבורה אויפן בית־עולם אין לאַגער פעלדאַפינג.



שניאור מאַזאָוועצקי — אַ ברודער פון בצלאל. (זע „תליה“)




זוסמאַן אודווין




אויף אַ יזכור־צוזאַמענטרעף פון שרידי שאַװל, צום
פערטן יאָרצײַט פון דער קינדער־אַקציע אין געטאָ.

# טיילווייזער נאָמען־אינדעקס
## (פונעם היסטאָרישן טייל)

### א.



### ב.



### ג.

ש.

# פון לוי שאליט

דערשינען:

מש ח=טרוימען אין לייוויקס דראַמאַטישע פּאָעמעס

גרייט צום דרוק:

אונטער שוואַרצע הימלען

שורות שטילע